# די יידישע געשיכטע

לויט פראפעסאר ג ר ע ץ און אנדערע קוועלן

מיט אן הקדמה פון הלל צייטלין.

דריטער באַנד:

פון הורדוסן ביזן אונטערגאַנג פון יהודה.



פאַרלאַג ש. סגל — בוענאָס איירעס

Editorial S. SIGAL - Buenos Aires

Impreso en la Argentina
Printed in Argentine
Hecho el depósito que marca la ley

*Prof. Dr. H. GRAETZ*

# HISTORIA DEL PUEBLO JUDIO

TERCER TOMO

Publicado por la
**EDITORIAL S. SIGAL**
Corrientes 2854
Buenos Aires
Rep. Argentina

**1949**

# אינהאַלט:

## דער פערטער פעריאָד

# קאַפּיטל איינס

## הורדוס דער ערשטער

(4 - 37)

דריי און דרייסיק יאָר האָט זיך דאָס לאַנד געפונען אין דעם צו־שטאַנד פון אייביקע איבערקערענישן, בירגער־מלחמות און בלוטיקע אומ־רוען — דאָס זיינען געווען די גסיסה־יאָרן פון דער יהודה׳שער זעלבסט־שטענדיקייט און פון דער חשמונאי׳שער דינאַסטיע. אין דעם משך פון דער בלוטיקער, עפּאָכע האָט דאָס פאָלק פאַרלוירן הונדערטער טויזנטער פון דער בלוטיקער עפּאָכע האָט דאָס פאָלק פאַרלוירן הונדערטער טויזנטער פון זיינע בעסטע קינדער אין פאַרביטערטן קאַמף מיט די אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים; יהודה׳ס גורל איז שוין אָבער געווען לאַנג באַ־שלאָסן: צוזאַמען מיטן גאַנצן מזרח איז זי אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט (אויבערשטע הערשאַפט) פון דער מעכטיקער רוים און ביי די אומאויפהערלעכע אויפשטאַנדן און נישט־לאָיאַלע אַרויסטרע־טונגען פון דער יהודהשער באַפעלקערונג, איז דעם אדומישן יועץ פון חשמונאישן הויף, אַנטיפּאַטערן, גאַנץ לייכט געווען צו געווינען די סימפּאַטיע פון די רוימישע בעלי־בתים. און ביי דער סימפּאַטיע אַליין האָט זיך דער געשיקטער אַנטיפּאַטער נישט אָפּגעשטעלט — ווי אַן אי־בערגעגעבענער באַשיצער פון די רוימישע אינטערעסן געלינגט עס אים, אַריינצונעמען ביסלעכווייז אין זיינע הענט די גאַנצע פּאַקטישע מאַכט איבערן לאַנד, און נאָך אַ גאַנצער ריי בלוטיקע איבערקערענישן און ברו־דער־מלחמות באַקומט ענדלעך זיין זון ה ו ר ד ו ס די מעגלעכקייט, זיך אַוועקצוזעצן אויף דעם יהודה׳שן טראָן.

הורדוס האָט א יי נ ג ע נ ו מ ע ן יהודה מיט דער הילף פון רוימישע סאָלדאַטן, און אין די גאַנצע פיר און דרייסיק יאָר פון זיין הערשן האָט דאָס פאָלק נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף אים, ווי אויף אַ פּיינדלעכער מאַכט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין הארצן פון יהודה,

און פאַרשווערכט זיינע הייליקסטע טראַדיציעס; פון די אַלע איבערגעלעב־טע אומרוען און בלוטפאַרגיסונגען איז אָבער דאָס פאָלק געווען שרעק־לעך אויסגעמאַטערט, און האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פאַר דער רוימי־שער מאַכט, וואָס איז געשטאַנען הינטער די פּלייצעס פון זיין אדומי׳שן הערשער. הורדוס ווידער, פון זיין זייט, האָט זיך איצט אויך גאַנץ וויי־ניק גערעכנט מיט דער סימפּאַטיע פון פאָלק, און זיין גאַנצע אַרבעט איז געווען נאָר, צו באַפעסטיקן די הערשנדע מאַכט אין זיינע הענט און צו דערווייטערן פון פאָלק יענע אַלע עלעמענטן און פּערזאָנען, וואָס האָבן אים געקענט זיך שטעלן אין וועג, אָדער פּרעטענדירן אויף זיין גרויסקייט.

הורדוסעס ערשטער שריט, גלייך נאָך זיין גלענצנדיקן נצחון אי־בערן „שונא", איז געווען, אויסצוראָטן דעם לעצטן שפּור פון די פאַר־בליבענע פּאַטריאָטן און פאָלקס־פירער. ער האָט באַפוילן, צו באַוואַכן אַלע אַרויסגאַנגס־טויערן פון שטאָט און צו פאַרהאַלטן דאָרט די אַנטלוי־פנדיקע. אויף אַזאַ אופן איז אים געלונגען צונויפצונעמען אַ גאַנצע מחנה אָנהענגער פון דעם פריערדיקן רעזשים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך גע־פונען אויך פינף און פערציק מאַן פון די אָנגעזעענסטע יהודה׳אישע פאַ־מיליעס, און אויף זיין באַפעל זענען זיי אַלע געוואָרן געטוידט; דערביי האָט ער זיך באַנוצט מיט דער מעטאָדע פון זיינע רביים, די רוימער, און קאָנפיסקירט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די פאַראורטיילטע. פון די דאָזיקע קאָנפיסקירטע רייכטימער האָבן זיך אָנגעזאַמלט אומגעהויערע אוצרות, און דאָס האָט דער אדומי ביסלעכווייז און כסדר אונטערגעטראָגן זיין רוימישן באַשיצער, אַנטאָניוסן, וועמענס פאַרשווענדערייען עס האָבן נישט געהאַט קיין גרענעץ. פון די דערמאָנטע אומגעקומענע אַריסטאָ־קראַטן האָט זיך געראַטעוועט נאָר די איינציקע פאַמיליע בני־בבא, וועלכע איז, ווי ס׳ווייזט אויס, געווען קרובים פון די חשמונאים. די דאָ־זיקע פאַמיליע האָט אַרויסגעוויזן אַ פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד ביי הור־דוסעס באַלאַגערונג פון ירושלים, און געראַטעוועט האָט זי זיך איצט, אַ דאַנק דער געהיימער הילף פון זיין וואַד־קאָמאַנדיר, קאָסטאָבאַר, וועל־כער האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן און זיך אויסצובאַ־האַלטן. נישט פאַרגעסן האָט הורדוס אויך זיינע אַמאָליקע שופטים, די מיטגלידער פון סנהדרין, וועלכע האָבן אים מיט צוויי יאָר צוריק געוואָלט פאַרמשפטן ווי אַ רוצח; זיי זיינען איצט אַלע פאַרטריבן געוואָרן פון

לאַנד, און געבליבן פון זיי זיינען נאָר די צוויי באַרימטע פּרושים שמעיה און אבטליון, וועלכע האָבן בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים געראָטן צו עפענען פאַר די רוימער די טויערן פון שטאָט.

נאָך דעם אַלעמען האָט זיך אָבער דער אדומי׳שער הערשער נאָך אַליץ נישט געפילט זיכער אויף דעם טראָן פון יהודה — עס האָבן נאָך געלעבט צוויי מיטגלידער פון דער פריערדיקער, באַליבטער דינאַסטיע, און ביידע האָבן פאַר אים מיט דער צייט געקענט ווערן געפערלעך. דער אַלטער געוועזענער קעניג און כהן גדול הורקנוס דער דריטער, וועלכן די פּאַרטאַנער האָבן געהאַט מיטגעפירט מיט זיך ווי אַ געפאַנגענעם, האָט זיך געפונען אין בבל, און דאָ, מיט אים צוזאַמען אין הויף, האָט געלעבט זיין שוויגער אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר אַ, די טאָכטער פון דעם דערמאָנטן הורקנוס, מיט איר יונגן זון, אַ ר י ס ט אָ ב ו ל. דער אַלטער הור־קנוס איז באַפרייט געוואָרן פון זיין געפאַנגענשאַפט און האָט זיך אָפּגע־שטעלט אין בבל, וואו די יהודה׳אישע קאָלאָניע האָט אים אויפגענומען מיט קעניגלעכן כבוד, און זיך באַצויגן צו אים, ווי צו דעם געוועזענעם הערשער און כהן גדול פון דער יהודה׳שער אומה. דאָס האָט אָבער דעם אַלטן חשמונאי נישט באַפרידיקט, און ער האָט דורכאויס געוואָלט זיך אומקערן אין זיין לאַנד. הורדוס, ווידער, האָט מורא געהאַט צו לאָזן דעם געזעצלעכן קעניג אין אַ פרעמדן לאַנד, צווישן איבערגעגעבענע פאַרערער, וועלכע עס קען נאָך איינפאַלן, זיך אָנצונעמען פאַר אים און צו פּועלן ביי די פּאַרטאַנער, זיי זאָלן אים צוריק אומקערן דעם טראָן, פון וועלכן זיי האָבן אים אַראָפּגענומען; ער האָט דעריבער געפונען פאַר פּאַסנדיקער אַנטקעגן צו קומען דער געפאַר. דורך זיין פריינד סאַראַממאַלאַ פון אַנ־טיוכיע האָט ער אַליין איינגעלאַדן צו זיך דעם אַלטן קעניג, און ווען יענער איז אָנגעקומען אין ירושלים (36), האָט אים הורדוס אויפגענו־מען מיט דער גרעסטער ליבע און צערטלעכקייט. ער האָט אים גערופן „פאָטער", און ווי אַזעלכן האָט ער אים אָפּגעגעבן דעם אויבנאָן ביים טיש און אין די ראַטס־פאַרזאַמלונגען; דאָס האָט דעם לייכטגלויביקן הורקנוס אַזוי פאַרפירט, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט דעם לויערנ־דיקן בליק, מיט וועלכן דער בלוטיקער אדומ׳ער האָט אים נאָכגעשפּירט, און ער איז פאַר הורדוסן כמעט אינגאַנצן געוואָרן אומשעדלעך. דאַקעגן אָבער איז הורדוס׳ן פיל שווערער אָנגעקומען צו פּאַראַליזירן די געפאַר

פאַר אים, וואָס עס איז געווען דער צווייטער חשמונאַי, אַ ר י ס ט אָ ־ ב ו ל . אַ זון פון דעם אומגליקלעכן קעניג אַלעקסאַנדער און אַ ברודער פון דער איצטיקער קעניגן, מרים, איז דער זיבעצן־יעריקער און וואונ־דערשיינער חשמונאים־פרינץ געווען דער ליבלינג פון פאָלק, און דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דעם אדומ׳ישן אוזורפּאַטאָר. אַזוי ווי ער האָט אים געוואָלט וואָס מער דערווייטערן פון דער עפנטלעכקייט און פון וועלכן ס׳איז איינפלוס אויף דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, האָט הורדוס אים אויך געהאַלטן ביי זיך אין הויף, וואו ער האָט מיטן פאָלק נישט געהאַט קיינע דירעקטע באַציאונגען, און ווען ס׳איז געקומען די צייט צו באַשטימען אַ כהן גדול, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ געוויסן ח נ נ א ל פ ו ן ב ב ל , און אויסגעמיטן אינגאַנצן זיין שוואָגער, וועלכער איז איצט געווען דער איינציקער געזעצלעכער יורש פון דער כהונה־גדולה.

מיט דעם איינפאַל האָט הורדוס אָבער גאַנץ ווייניק אויפגעטאָן. אַריסטאָבול׳ס מוטער, די קעניגן־אלמנה אַלעקסאַנדראַ, האָט גוט פאַר־שטאַנען די אַלע באַהאַלטענע כונות פון איר איידעם׳ס מעשים, און די איצטיקע באַליידיקונג האָט איר געגעבן די דרייסטקייט אַרויסצוטרעטן קעגן אים אין אַ אָפענעם דיפלאָמאַטישן קאַמף. זי האָט זיך געווענדעט צו דער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַטראַ מיט דער בקשה, יענע זאָל ווירקן אויף דעם רוימישן געביטער, אַנטאָניוס, און זען, אַז הורדוס זאָל באַשטימען איר זון פאַר אַ כהן־גדול. קלעאָפּאַטראַ, וועלכע האָט שוין לאַנג געהאַט אויסזיכטן אויף געוויסע טיילן פון דער פּאַלעסטינישער ערד, האָט איצט מיט צופרידנהייט גענומען אויף זיך, צו פאַר׳מסר׳ן הורדוס׳ן פאַר זיין הערשער, און דער לעצטער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם גורל פונעם יונגן חשמונאישן פרינץ. די קעניגן אַלעקסאַנדראַ האָט דאַן באַזאָרגט אַנטאָניוסן די פּאָרטרעטן פון אירע צוויי קינדער, דעם פרינץ אַריסטאָבול און דער קעניגן מרים, און דער רוימישער טריאומפאַטאָר איז אויף אַזוי ווייט אַנטציקט געוואָרן פון זייער שיינ־קייט, אַז ער האָט פאַרלאַנגט צו זעען אַריסטאָבולן ביי זיך. הורדוס האָט זיך דאַן געזען געצוואונגען נאָכצוגעבן: ער האָט אָפּגענומען דעם כהן גדול־טיטל פון חננאלן (קעגן געזעץ; לויט דעם יידישן דין האָט מען אַ כהן גדול נישט געטאָרט מעביר זיין פון זיין אַמט) און באַ־

שטימט אויף זיין אָרט פאַר אַ כהן גדול דעם יונגן חשמונאישן פּרינץ (35).

דאָס איז געווען אַלעקסאַנדראַס ערשטער נצחון; זי האָט זיך אָבער ביי אים אַליין נישט אָפּגעשטעלט. שטילערהייט האָט זי אויך ווייטער נישט אויפגעהערט צו פירן איר דיפּלאָמאַטישן קאַמף, זי האָט געהאַט פאַר זיך דעם איינציקן ציל: צוריקשטעלן די גרויסקייט פון דער אַלטער דינאַסטיע. הורדוס האָט אָבער דערווייל אויך נישט גערוט; פון איין זייט האָט ער נישט געקענט גלייכגילטיק צוזען, ווי דער חשמונאישער פּרינץ, אין דער ראָליע פון אַ כהן גדול, דרינגט אַלץ טיפער און טיפער אַריין אין האַרצן פון פאָלק און ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער באַליבט און געערט, און פון דער צווייטער זייט האָט ער זיך געפילט מאַכטלאָז קעגן די אַלע דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען, וואָס זיין שוויגער האָט געהאַט מיט דעם עגיפּטישן הויף. ער האָט געוואוסט, אַז קלעאָפּאַטראַ, און ממילא אויך אַנטאָניוס, שטייען אויף איר זייט. הורדוס האָט דאַן באַשלאָסן דערווייל אַנטקעגן צו קומען דער געפאַר, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, און האָט באַפוילן זיין וואַך, נאָכצושפּיאָנירן דער קעניגן־אַלמנה, איר נישט אַרויסצולאָזן פון פּאַלאַץ און צו זען אין אַלגעמיין, אַז זי זאָל נישט שטיין אין קיין פאַרדעכטיקע באַציאונגען מיט קיינעם.

די דאָזיקע „אויפזיכט" האָט אָבער מער אויפגערייצט די שטאָלצע קעניגין קעגן איר איידעם, און זי האָט באַקלערט אַ פּלאַן זיך אַרויסצוגנבענען פון פּאַלאַץ צוזאַמען מיט אַריסטאָבולן, און צו אַנטלויפן מיט אים קיין אַלעקסאַנדריע, צו דער קעניגין קלעאָפּאַטראַ. דער פּלאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן מיט אַלע איינצלהייטן, און אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, אַרויסצוטראָגן ביינאַכט די קעניגין מיט איר זון און זיי באַזאָרגן צו דער שיף, וואָס האָט געזאָלט גלייך אָפּגיין קיין עגיפּטן; דאָ האָט זיך אָבער הורדוס דערוואוסט פון דער פאַרשווערונג, און פון דער גאַנצער זאַך איז, נאַטירלעך, גאָרנישט געוואָרן. אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט, אַז די מעשה זאָל נישט דערגיין צו קלעאָפּאַטראַן, האָט ער זיך באַמיט, צוצוגעבן דעם פאַקט אַ צופעליקן, אומשולדיקן כאַראַקטער, און האָט זיך באַצויגן אָפן גאַנץ פריינטלעך צו זיין דיפּלאָמאַטישער שוויגער. טיף אין האַרצן האָט ער אָבער נישט אויפגעהערט צו זוכן מיטלען, ווי אַזוי נוקם צו זיין אָן איר און ווי אַזוי איר צו מאַכן אומשעדלעך, און

אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַרום האָט ער אויסגעפירט זיין שרעקלעכע נקמה.

דאָס איז געווען אין פינף און דרייסיקסטן יאָר. דער פריילעכער יום טוב סוכות האָט זיך נאָר וואָס געענדיקט, און ווידער האָט באַקומען די פאַרגיפטעטע אייגנליבע פונעם אדומישן הערשער אַ טיפע וואונד: די פייערלעכקייט פון דער עבודה אין בית המקדש האָט באַגייסטערט דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק, און ווען זיי האָבן געזען דעם בילד־שיינעם און בליענד־יונגן חשמונאי אין זיינע פּרעכטיקע כהן גדול־קליידער, האָט זיך די באַגייסטערונג אַרויסגעריסן, און די לופט איז פאַרהילכט געוואָרן פון ענטוזיאַסטישע אויסגעשרייען לכבוד דעם יונגסטן צווייגל פונעם שיינעם חשמונאים־בוים. הורדוס האָט די דאָזיקע באַגייסטערטע דעמאָנסטראַציע טיף אָנגעגריפן, און זיין גיפטיקע שנאה צו די איבערגעבליבענע חשמונאים האָט זיך נאָך שטאַרקער צעפלאַקערט; ער האָט אָבער געשוויגן און מיט קיין שריט נישט אַרויסגעוויזן דאָס, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיין האַרצן. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע יום־טובדיקע פאָלקס־פאַרווייּלונגען און פריילעכקייטן און גאַנץ גערן אָנגענומען די איינלאַדונג אויף דעם פאַמיליען־באַל פון דער קעניגין אַלעקסאַנדראַ. דאָ האָט הורדוס גאַנץ מונטער פאַרבראַכט און געפּלוידערט מיט אַריסטאָבולן און מיט די אײַבעריקע הויף־לייט, און ווען די גאַנצע פריילעכע געזעלשאַפט האָט זיך אָװעקגעלאָזן באָדן, איז דער יונגער כהן גדול אויך מיטגעגאַנגען. אַלע האָבן זיך גענומען באָדן און אַרויסגעוויזן פאַרשידענע קונסט־שטיק אין שווימען, און דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן אַריסטאָבול; דאָ האָבן זיך אָבער אונטערגעכאַפּט עטלעכע פון דער זעלביקער סוויטע, און כלומרשט שטיפנדיק, האָבן זיי דעם יונגן פרינץ אַזוי לאַנג געהאַלטן אונטערן וואַסער, ביז ער איז דערשטיקט געוואָרן.

אַ טיפער טרויער האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע פאָלק, ווען ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן לאַנד די ידיעה וועגן דעם אומגליקלעכן „צופאַל״. הורדוס אַליין האָט כלומרשט באַוויינט מיט ביטערע טרערן דעם פּריצייטיקן טויט פון זיין געליבטן שוואָגער, און אויף זיין באַפעל איז די לויה פון דעם אומגעקומענעם כהן גדול פאַרגעקומען מיט אַן אומגעווייּנלעכער פייערלעכקייט; די דאָזיקע טרערן האָבן אָבער קיינעם נישט אָפּגענאַרט. אַלע האָבן געוואוסט, ווער עס איז דער אמתער שולדיקער אין דעם „צו־

פּעליקן" טויט פון דעם באַליבטן אַריסטאָבול, און אויב קיינער האָט נישט געוואָגט דאָס אָפן אַרויסצוזאָגן, האָט דאָס די ערשטע געטאָן אַ ל ע ק־ ס אַ נ ד ר אַ, דעם אומגעקומענעמס מוטער.

ביי אַלעקסאַנדראַ איז איצט פאַרפולט געוואָרן די מאָס פון גע־דולד, און זי האָט זיך נאָכאַמאָל געווענדעט צו דער עגיפּטישער קעניגין און פאַרמסרט הורדוסן ווי דעם מערדער פון איר זון. קלעאָפּאַטראַ, וועל־בע האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן פאַרגרעסערן איר לאַנד מיט עטלעכע געביטן פון יהודה, האָט גלייך איבערגעגעבן די דאָ־זיקע באַשולדיקונג איר קעניגלעכן שקלאַף, אַנטאָניוסן, און דער לעצטער האָט איר צוגעזאָגט, צו פאָדערן ביי הורדוסן אַ דערקלערונג וועגן דער גאַנצער געשיכטע. אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן דער רוי־מישער קאַמף מיט די אַרמעניער און אַנטאָניוס איז אָנגעקומען אין דער סירישער שטאָט לאָאָדיצעאַ. דאָ האָט ער אַרויסגערופן צו זיך דעם יהו־דהאישן קעניג, און, קעגן זיין ווילן האָט דער אונטערטעניקער הערשער זיך געמוזט אונטערגעבן און פאָרן. און געוואוסט האָט ער, אַז די איצטי־קע לאַגע זיינע איז זייער אַ קריטישע: זיין שוויגער האָט אים פאַר־מסרט פאַר קלעאָפּאַטראַן, און איר שקלאַף, אַנטאָניוס, וועט זיך געוויס אָן אים נוקם זיין פאַר דעם טויט פון זיין שיצלינג. הורדוס האָט דערי־בער באַשטימט פאַרן אָפּפאָרן זיין שוואָגער י ו ס ף ווי אַ פירער פון אַלע מלוכה־אָנגעלעגנהייטן, און דערביי האָט ער אים נאָך באַפוילן, שטרענג אַכטונג צו געבן אויף די פאַמיליען־מיטגלידער פון הויף, און אין פאַל, אויב ער וועט זיך נישט צוריק אומקערן — צו טויטן די קעניגין. עס איז שווער צו זאָגן עפּעס באַשטימטס וועגן דעם אינערלעכן מאָטיוו פון דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן באַפעל; עס לאָזט זיך אָבער אָננעמען די השערה, אַז דאָס איז פּשוט געווען אַ רעזולטאַט פון זיין ליידנשאַפטלע־כער ליבע צו דער זעלביקער קעניגין. ער האָט נישט געקענט רואיק בלייבן ביי דעם געדאַנק, אַז נאָך זיין טויט וועט זי באַזיצן אַן אַנדערער, און אפשר אויך — אַנטאָניוס אַליין.

נאָך די אַלע פאַראָרדענונגען און באַפעלן האָט זיך הורדוס באַלאָדן מיט פאַרשידענע טייערע מתנות, אַוועקגעלאָזן קיין לאָאָדיצעאַ, און קעגן זיין אייגענער דערוואַרטונג, האָט אים דאָ אויך דאָס גליק נישט פאַר־לאָזן. מיט זיינע רייכע מתנות און פאַלשע חניפות איז אים געלונגען איב־

גאַנצן צו געווינען פאַר זיך דעם רוימישן הערשער, און יענער האָט אויף ווייטער אויך איבערגעלאָזן אין זיינע הענט די פולע קעניגלעכע מאַכט פון יהודה (43).

אַ פריילעכער איבער דעם גליקלעכן אויסגאַנג פון זיין רייזע האָט זיך הורדוס אומגעקערט אין דער היים; דאָ האָט אים אָבער שוין באַגעגנט דער בייזער דעמאָן, וואָס האָט אים דערנאָך זיין גאַנצן לעבן נישט אויפ־געהערט צו קוועלן און צו פייניקן. אין דער צייט, ווען ער איז נישט געווען, איז אין הויף פאָרגעקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש. ס׳האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז הורדוס איז געטויט געוואָרן פון אַנטאָניוסן און — מורא האָבנדיק פאַר אַ הויף־רעוואָלוציע זיינען אַלעקסאַנדראַ מיט דער קעניגן מרים שוין גרייט געווען צו אַנטלויפן פון ירושלים אונטער דער שוץ פון דעם רוימישן לעגיאָן, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון שטאָט. געהאָלפן אויספירן דעם פּלאַן האָט דער רעגענט יוסף אַליין, וועל־כער האָט נישט געקענט בײשטיין דעם צויבער פון דער קעניגן און איר אויסגעזאָגט דעם אינהאַלט פון קעניגס באַפעל. דאָס אַלץ איז הורדוס געוויר געוואָרן ווען ער איז געקומען צוריק קיין ירושלים, פון זיין שוועס־טער שלומית (סאַלאָמעאַ), וועלכע האָט פון אָנהויב אָן געהאַסט די שטאָל־צע חשמונאיערין פאַר איר האַלטן זיך גרויס, און איז איצט אויף איר באַ־זונדער אויפגעקאָכט געווען פאַר דער צערטלעכער אויפמערקזאַמקייט, וואָס זי, מרים, האָט אַרויסגערופן ביי איר מאַן, יוסף. די דאָזיקע האַלב־פאַלשע אַנטדעקונג פון דער אייפערזיכטיקער שוועסטער וועגן מרימס גרייטקייט צו אַנטלויפן פון הויף און וועגן אירע באַציאונגען מיט יוספן, האָט אויף הורדוסן געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. דעם שוואָגער, יוספן, לאָזט ער טויטן; די שוויגער אַלעקסאַנדראַ האָט ער מורא צו שטאַרק אָנצוגרייפן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זי געפינט זיך אונטער קלעאָ־פּאַטראַס שוץ, און ער באַפעלט איר צו האַלטן אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט; און אויך די קעניגן וואָלט פון באַקומען איר בלוטיקע שטראָף, ווען זיין ליבע וואָלט דאָס מאָל נישט גובר זיין אין אים דעם כעס און די פאַרביטערונג.

אויסער די גרענעצן פון דער פאַמיליע האָט הורדוס געהאַט אין יענער צייט אויסצושטיין פאַרשידענע אומרוען און אָנפאַלן פון נאָך פאַרשידענע זייטן. אַן איבערגעבליבענע שוועסטער פון דעם לעצטן חש־

מונאים־קעניג אַנטיגאָן איז געגאַנגען זיך נוקם זיין פאַר אירע ברידער און פאַר איר דינאַסטיע, און — מ׳ווייסט נישט ווי אַזוי — זי האָט באַקומען אין איר מאַכט די פעסטונג הירקאַניוס (32); קלעאָפּאַטראַ, ווידער, האָט אַזוי לאַנג געוועבט די נעץ פון אירע אינטריגעס און איינפאַלן, ביז זי האָט ענדלעך אויסגעפּירט אירס: אַנטאָניוס האָט איר אַוועקגעשענקט די גאַנצע יהודה׳אישע געגנט פון יריחו, וואָס איז געווען באַרימט מיט אירע טייערע באַלזאַם־פּלאַנצונגען און שיינע פּאַלמען, און צוזאַמען דערמיט האָט ער איבערגעגעבן אין איר רשות אַ באַדייטנדיקן טייל לאַנד אויפן ברעג פון מיטללענדישן ים. אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן די גרויסע הכנסות פון דעם פּרוכטבאַרן באָדן, האָט אים הורדוס געמוזט אָפּדינגען פון דער קעניגן און צאָלן דערפאַר צוויי הונדערט טאַלענטן יערלעך.

און דערמיט אַליין האָבן זיך נאָך די אומרועז נישט געענדיקט. אין רוים האָט זיך אַ נייער שטורם איבערגעטראָגן, און אַ ציטערניש איז אָנגעפאַלן אויף אַלע אירע אונטערטעניקע פּראָווינצן. עס האָט אויסגעבראָכן דער גרויסער קריג צווישןביידע מעכטיקע טריאומווירן — אַנטאָניוס און אָקטאַוויאַן, און דער איבערגעגעבענער הורדוס וויל לויפן קיין רוים מיט אַן אַרמיי, צו העלפן זיין באַשיצער; דאָ מישט זיך אָבער ווידער אַריין די עגיפּטישע קעניגן, און אויף איר פאַרלאַנג, באַפעלט אַנטאָניוס דעם יהודהאישן הערשער, ער זאָל אַרויסטרעטן אין אַ קאַמף קעגן דעם אַראַבישן קעניג, מאַליך, דערפאַר, וואָס ער האָט איר נישט פּינקטלעך איינגעצאָלט די שטייערן פאַר די טיילן פון זיין לאַנד, וואָס אַנטאָניוס האָט איר געהאָט אַוועקגעשענקט.

הורדוס האָט נאָך דאַן געמוזט פאָלגן, און קעגן זיין אייגענעם ווילן האָט ער אָנגעהויבן צו פירן דעם קריג מיט דער שכנישער נאַבאַטעאַ (אַראַביע). געצויגן האָט זיך דער קריג אַ לאַנגע צייט און האָט איינגעשלונגען אַן אומגעהויערע צאָל קרבנות; געענדיקט האָט ער זיך אָבער מיט דעם פולשטענדיקן נצחון פון דער יהודהאישער אַרמיי (31). די אַראַבער האָבן זיך פאַרפּליכטעט צו צאָלן יהודהן אַ יערלעכן מס און זיינען כמעט אינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער זיין פּראָטעקטאָראַט.

צו יענער צייט האָט יהודה איבערגעלעבט אַ שטאַרקע נאַטור־קאַטאַסטראָפע: אַ שרעקלעכע ערד־ציטערניש האָט אָנגעמאַכט געוואַלדיקע

חורבנות אין גאַנצן לאַנד און באַגראָבן אונטער די חורבות פון די איינ־געפאַלענע בנינים מאַסן מענטשן און אַנדערע בעלי חיים.

און אינעם צענטער פון דער וועלט־פּאָליטיק, אין רוים, איז דער־ווייל ווידער פאָרגעקומען אַ באַדייטנדיקע, היסטאָרישע געשעעניש. אין דער באַרימטער שלאַכט ביי אַקציום איז אַנטאָניוס אינגאַנצן צוקלאַפּט געוואָרן, און נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפן קיין עגיפּטן, איז זיין געווע־זענער מיטהערשער אָקטאַוויאַן אויגוסט צעזאַר געוואָרן דער איינציקער האַר און געביטער פון דער גרויסער רוימישער אימפּעריע. הורדוס האָט זיך דאַן ווידער געפונען אין דעם צושטאַנד פון אַ פאַרצווייפלטן וואַסאַל, וועלכער ווייס נישט, צי זיין איצטיקער סור־ווערען (אויבער־הערשער) וועט אים מוחל זיין די שטיצע און די פריינט־לעכקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן ביז אַהער דעם פריערדיקן הער־שער; ער האָט דעריבער קודם־כל באַשלאָסן אַרויסצואווייזן דערוויל מיט וואָס ס'איז זיין לאָיאַליטעט און אונטערטעניקייט דעם איצטיקן מעכטיקן טריאומפאַטאָר. און אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אים גלייך געמאַכט אין דער געשטאַלט פון אַ באַנדע סירישע גלאַדיאַטאָרן (קעמפער אויף דער אַרענע מיט ווילדע אָקסן), וואָס האָט געוואָלט צוקומען ביז עגיפּטן, און דאָן, צוזאַמען מיטן האַר אַנטאָניוס, זיך אַוועקלאָזן קיין רוים קעגן אָק־טאַוויאַנען. הורדוס האָט פלינק אָנגעבאָטן זיין שטיצע אָקטאַוויאַנס סי־רישן שטעלפאַרטרעטער, דידיוסן, און זיי איז ווירקלעך געלונגען צוזאַ־מען צו צושלאָגן די „רעוואָלוציאָנערן".

די דאָזיקע שטיצע אַליין האָט הורדוס נאָך געפונען פאַר ווייניק, כדי צו געווינען פאַר זיך דעם צוטרוי און די צונייגונג פונעם נייעם הער־שער, און ער האָט באַשלאָסן, זיך פערזענלעך פאָרצושטעלן פאַר אים. דאָ איז אָבער ווידער פאָרגעקומען דאָס, וואָס עס קומט געוויינלעך פאָר מיט הערשער, וועלכע זיצן אויף שפּיזן און שווערדן; מיט דער הילף פון סאָלדאַטן, פּייניקונגען און טויט־שטראָפן איז הורדוסן געלונגען פעסט צו האַלטן אין ירושלים זיין טראָן, וועלכער האָט נאָך פאַר זיך נישט גע־האַט קיין שום טראַדיציע, וועלכער איז פאַרהאַסט געווען ביים פאָלק, און אויף וועלכן ער אַליין האָט אויך געקוקט, ווי אויף עפּעס געגזלטס, פאַרכאַפּטעס; דאָס האָט געמוזט ברענגען דערצו, אַז ער זאָל ציטערן צו פאַרלאָזן זיין רעזידענץ כאָטש אויף אַ קורצער צייט, און זען אין יעדער

פּאָליטישער איבערקערעניש — אַן אַטענטאַט אויף זיין קרוין, אויף זיין טראָן. אויב הורדוס האָט ביז אַהער גאַנץ רואיק פאַרטראָגן נעבן זיך די אַנוועזנהייט פון דעם אַכציק יעריקן הורקנוס דעם צווייטן, וועלכער האָט ווירקלעך שוין מער קיין שום שיכות נישט געהאַט צו דעם אַרומיקן פּאָליטישן לעבן, האָט ער איצט אַנגעהויבן זען אין אים אַ געוועזענעם קעניג, וואָס האָט נאָך איצט אויך אַלע רעכט אויפן טראָן און קען זיי ביי יעדן פּאַסענדיקן מאָמענט — אַרויסשטעלן, און אַט דער חשד האָט זיך ביי אים נאָך מער פאַרשטאַרקט זינט עס האָבן זיך דערטראָגן צו אים קלאַנגען וועגן געוויסע געהיימע אונטערהאַנדלונגען, וואָס זיין שוויגער אַלעקסאַנדראַ פירט אין אַלטנס נאָמען מיט דעם שכנישן אַראַבישן קעניג. הורדוס האָט דעריבער באַשלאָסן, זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל אינגאַנצן צו באַפרייען פון דעם מענטשן, וואָס קען פאַר אים ווערן געפערלעך, און אויף זיין באַפעל איז געטוידט געוואָרן דער אומגליקלעכער געוועזענער קעניג און כהן־גדול, וועלכער איז צו־שוואַך געווען צו דערהאַלטן אין זיינע הענט די גרויסע ירושה פון זיינע מעכטיקע זיידעס, און האָט אַליין, אויף זיין אייגענעם שויס, אויסגעהאָדעוועט פאַר זיך אַ גיפטיקע שלאַנג.

איצט האָט הורדוס זיך אַנגעהויבן גרייטן אין וועג. די פירונג פון דער מלוכה האָט ער אויף דער צייט איבערגעגעבן זיין פערטן ברודער פעראָרן, און וועלנדיק פאַראַליזירן אויך דעם כעס און די נקמה־געפילן פון דער קעניגין מיט איר מוטער, האָט ער די לעצטע אָוועקגעשיקט אין דער פעסטונג אַלעקסאַנדריום, וואו זיי האָבן זיך געזאָלט געפינען די גאַנצע צייט פון זיין אָפּוועזנהייט אונטער דער שטרענגסטער אויפזיכט פון דעם איטורעער סאָעמי; דעם לעצטן, ווי אַמאָל זיין ברודער, יוספן, איז איצט אויך איבערגעגעבן געוואָרן דער געהיימער באַפעל, צו טויטן ביידע פרויען, אין פאַל, אויב ער וועט זיך נישט אומקערן צוריק פון דער רייזע.

הורדוסן האָט אָבער דאָס איצטיקע מאָל אויך אָפּגעגליקט. אין ראָדאָס, וואו עס האָט דאַן זיך אויפגעהאַלטן דער מעכטיקער אָקטאַוויאַן אויגוסט, האָט הורדוס אַמשטאַרקסטן אַרויסגעוויזן די גאַנצע דיפּלאָמאַטישע בויגזאַמקייט פון זיין נאַטור; דער אַלמעכטיקער דעספּאָט ביי זיך אין לאַנד איז ווי אַן אונטערטעניקער שקלאַף געשטאַנען פאַר זיין באַפעלער און געביטער: ער האָט אראָפּגענומען פון זיך אלע קעניגלעכע באַ־

פוצונגען און איז געשטאַנען פאַר דעם רוימישן הערשער פול מיט איבער־געגעבענער הכנעה, ווי גרייט צו נעמען אויף זיך יעדן באַפעל פון זיין גע־ביטערישן מויל. און דערביי אַליין האָט ער זיך נישט אָפגעשטעלט: הור־דוס האָט זיך באַמיט צו איבערצייגן אָקטאַוויאַנען, אַז ווען ער ענדערט יעדעס מאָל זיינע באַציאונגען צו דעם אָדער יענעם פאַרשטייער פון דער רוימישער מאַכט, בלייבט ער אָבער שטענדיק דער זעלביקער איבערגעגע־בענער פריינד און באַשיצער פון די רוימישע אינטערעסן, און דאָס האָט אָקטאַוויאַן אַליין אויך געמוזט אַנערקענען. ער האָט דעריבער באַהאַנדלט דעם יהודהאישן הערשער זייער פריינדלעך, און אויסער דעם, וואָס ער האָט אים אומגעקערט דאָס קעניגלעכע דיאַדעם, האָט ער אים נאָך באַ־ערט מיט פאַרשידענע אַנדערע כבודים (30).

הורדוס האָט זיך דאַן, אַ גליקלעכער, אומגעקערט אַהיים, און נאָך איידער ער האָט באַוויזן זיך רעכט צו אָריענטירן אין דעם אינערלעכן צושטאַנד פון די פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן, איז ער שוין ווידער געלאָפן צו זיין נייעם באַשיצער. אָקטאַוויאַן האָט דאַן נאָר וואָס געהאַט איינגע־נומען קליין־אַזיע און זיין איצטיקער מאַרשרוט איז געווען קיין מצרים: אינגאַנצן צו באַזיגן די מאַכט פון די פטאָלאָמעער; האָט דאָס ווידער אויסגענוצט דער געשיקטער הורדוס, כדי אַרויסצואווייזן אָקטאַוויאַנען זיין איבערגעגעבנקייט. ער איז אַרויס אַנטקעגן דעם רוימישן הערשער מיט טייערע מתנות און האָט פאַרזאָרגט זיין אַרמיי מיט אַלעם נויטיקן, אַזוי אַז אָקטאַוויאַנען איז שוין דערנאָך נישט שווער אָנגעקומען צו באַ־זיגן מצרים און איר אינגאַנצן אַרונטערצוואַרפן אונטער דער מאַכט פון רוים. אומזיסט האָט די פאַרפירערישע קלעאָפּאַטראַ געפּרואווט אויך ד ע ם הערשער אַריינצינען אין איר נעץ, ווי דעם פריערדיקן אַנטאָניוסן — דער איצטיקער רוימישער זיגער איז געווען צו האַרטנעקיק, און פאַר איר איז קיין אַנדער אויסוועג נישט געבליבן, ווי נאָכטאָן אַנטאָניוסן און זיך אויך נעמען דאָס לעבן. דאַן האָט זיך דער גרויסמוטיקער זיגער דער־מאָנט אין דער שטיצע, וואָס הורדוס האָט אים אַרויסגעוויזן, און ווען דער אדומעער איז געקומען אים באַגריסן, האָט אים אָקטאַוויאַן אַוועקגע־שענקט קלעאָפּאַטראַס לייבוואַך, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר הונדערט גאַליער (אָדער קעלטן), און דערצו האָט ער אים אויך אומגעקערט צוריק די אַלע האַפן־שטעט און די יריחו־געגנט, וואָס אַנטאָניוס האָט געהאַט

אַוועקגעשענקט קלעאָפּאַטראַן; אויסער דעם האָט ער דערנאָך איינגעשלאָסן צוריק אין די גרענעצן פון יהודה אויך אַ גאַנצע ריי פון די דערבייאיקע האַלב־גריכישע פריישטעט (יפה, עזה, גדרה אאַ״וו) און דעם גאַנצן ראַיאָן פון סאַמאַריאַ, וועלכע פּאָמפּעיוס האָט געהאַט אָפּגעריסן פון פּאַלעסטינע. יהודה האָט איצט אַלזאָ געהאַט אין איר אומפאַנג דעם זעלביקן שטח, וואָס אין די גליקלעכסטע צייטן פון די מיטלסטע חשמונאים.

הורדוס האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין גליק און גרויסקייט, און האָט זיך געפילט פעסט און זיכער אויף זיין הערשער־שטול; אים איז אָבער נישט באַשערט געווען פריי צו געניסן די פרוכט פון זיין גליק, און אויב נישט פון אויסנווייניק, האָט זיך דאָס אומגליק באַפעסטיקט אין דעם ענגן נעסט פון זיין פאַמיליען־קרייז און דאָרט אים פאַרגיפטעט די בעסטע מינוטן פון זיין לעבן.

הורדוס קומט צוריק פון זיין טריומף־רייזע, און שטויסט זיך אָן אין דער אָפענער פאַראַכטונג און דעם גיפטיקן האָס פון זיין ליידנשאַפט־לעך־געליבטער קעניגין, מיט וועלכער ס׳איז דאָס איצטיקע מאָל ווידער פאַרגעקומען דאָס אייגענע, וואָס ביי זיין אָפּפאָרן צו אַנטאָניוסן: טיף אָנגעגריפן פון דער שענדלעכער געפאַנגענשאַפט, האָבן זיך די מאַמע מיט דער טאָכטער סיי ווי סיי נישט געקענט באַציען זיך מיט קיין ליבע צו דעם מערדער פון זייערע טייערסטע און נאָענטסטע; דערצו נאָך איז צו־געקומען דער אומשטאַנד, וואָס מרימען איז אויך דאָס מאָל געלונגען אַרויסצובאַקומען פון איר אויפזעער דעם אינהאַלט פון איר מאַנס שרעק־לעכן באַפעל, לויט וועלכן זי מיט דער מאַמען האָבן געדאַרפט געטויט ווערן, אין פאַל, אויב ער וואָלט נישט צוריקגעקומען. פאַר דער שטאָל־צער חשמנאי׳ערין איז איצט אוממעגלעך געוואָרן, גלייכגילטיק איבערצו־טראָגן די אָנוועזנהייט פון איר בלוטיקן מאַן, און נאָך זיין צוריקקומען האָט זי דאָס אים גאַנץ אָפן אַרויסגעוויזן. טעג פון גיהנום־פּיין און הע־לישע יסורים האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן פאַר דעם גליקלעכן קעניג אין זיין פּרעכטיקן פּאַלאַץ, און נישט פון קיין אַנדערער, ווי פון זיין נאָענטסטער און טייערסטער — דער קעניגן. דאָ האָט באַקומען שמערצלעכע, גיפ־טיקע וואונדן נישט בלויז דער פאַרהאַסטער קעניג־קנעכט, וואָס האָט מיט מערדערישער געוואַלט אַראָפּגעריסן די קרוין מיט די קעפּ צוזאַמען פון איר זיידן, פאָטער און ברודער, —

דאָ האָט אַ גיפטיקע פייל דורכגעלעכערט דאָס האַרץ אויך פון דעם פאַר־אַכטעטן מאַן, פון דעם אָפּגעשטויסענעם ל י ב ה א ב ע ר, און דאָס האָט דעם בלוטיקן אדומי אינגאַנצן געמאַכט ווילד. אַ שטורם פון צערייצטער, משוגענער אַכזריות האָט געברויזט אין הורדוסעס האַרץ, און דעם פייער האָבן געזוכט נאָכמער פונאַנדערצופלאַקערן זיין שוועסטער סאַלאָמעאַ און זיין מוטער קיפּראָס. די לעצטע האָבן באַשולדיקט די שטאָלצע קעניגן אין אַלערליי חטאים, און ענדלעך זענען זיי דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אונטערגעקויפט איינעם פון דער דינערשאַפט און יענער האָט עדות געזאָגט פאַר הורדוסן, אַז מרים האָט אים אָנגעגרייט אַריינצושיטן סם אינעם וויינבעכער פון קעניג. די צוואַנגס־אויספאָרשונג איבער מרימס דינער האָט אָבער די באַשולדיקונג נישט באַשטעטיקט, און דאַקעגן האָט דער לעצטער דערקלערט, אַז די פאַרביטערטע שנאה פון דער קעניגין צו איר מאַן שטאַמט פון דעם שרעקלעכן געהיימען באַפעל, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן סאָעמין. דאָ האָט זיך אין הורדוסן פונאַנדערגעקאָכט דער אייפערזיכטיקער מאַן — ער האָט געגלויבט, אַז נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס זי איז געווען מיט איר אויפזעער אין זייער אינטימע באַציאונגען, איז איר געלונגען אַרויסצובאַקומען פון אים דעם געהיימען באַפעל — און אויף זיין פאַרלאַנג איז דער איטורעער גלייך געוואָרן געטויט, און די קעניגן איז איבערגעגעבן געוואָרן אין געריכט. דאָס געריכט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אַ גרופּע ספּעציעל באַשטימטע הויף־מקורבים, און זעענדיק די פיינדלעכע שטימונג פון דעם בייזן הערשער, האָבן זיי אים צוליב געטאָן און — אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל איבער ציונס שענסטער טאָכטער.

פון דעם קלאַפּ איז דער פאַרשכורטער הערשער צו זיך געקומען, און אָנגעהויבן אָפּצולייגן די אויספירונג פון דער שטראָף פון איין טאָג אויפן אַנדערן; דאָ האָט זיך אָבער ווידער אַריינגעמישט די גיפטיקע שלאַנגען־טאָכטער סאַלאָמעאַ, און האָט אָנגעווענדעט אַלע מעגלעכע מיטלען, כדי צו איבערצייגן איר ברודער, אַז אויב ער וועט נאָך אָפּהאַלטן די אויספירונג פון דער שטראָף, וועט באַשטימט אויסברעכן אַן אויפשטאַנד אין לאַנד און דאָס פאָלק וועט מיט געווער אין האַנט גיין פאַרטיידיקן דאָס לעבן פון דער באַליבטער קעניגין. דאָס האָט געווירקט און — די קעניגין מרים איז געפירט געוואָרן צום עשאַפאָט. שווייגנדיק

און פול מיט שטאָלצער פּאַראַכטונג האָט די העלדישע מאַרטירערין אויס־געשטרעקט איר שיינעם קאָפּ — ווי אַן אמתע טאָכטער פון די קעניג־לעכע חשמונאים־העלדן (29).

מרימס טויט האָט אָבער דאָס פייער אין הורדוסעס ברוסט נישט געשטילט. שטראָמען בלוט און גאַנצע הויפנס מענטשלעכע קעפּ האָט שוין דאַן דער בלוטיקער אדומי געטראָגן אויף זיין געוויסן; אָט די אַלע צוזאַמען האָבן אָבער נישט אַזוי געפּייניקט און געקוועלט זיין פאַרוואונ־דעטער נשמה, ווי דער פאַרכשופטער אָנבליק פון דער איינציקער בלי־ענדיק־יונגער, ט ו י ט ע ר קעניגן. הורדוס האָט זיך נישט געקענט שענקען דאָס פאַרלוירענע גליק, און ווען ער איז אַריינגעפאלן אין אַ ווילדן כעס, האָט ער געלאָזן טויטן די אַלע מיטגלידער פון דעם געריכט, וואָס האָבן איר פאַראורטיילט; מרימס שאָטן האָט אים אָבער נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן, און ער האָט פאַרטויבט אין זיך די יסורים מיט רוישנדיקע, פאַרשכורט־ווילדע מאָלצייטן, טרינקערייען און יאָגד־קאָמפּאַניעס. פון דעם אַלעמען איז זיין אָרגאַניזם רואינירט געוואָרן און ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער, געפערלעכער קראַנקהייט. גע־לעגן איז ער נישט אין ירושלים, נאָר אין סאַמאַריאַ, וואו ער איז פלוצ־לינג קראַנק געוואָרן, און אַזוי ווי אין דער הויפּטשטאָט האָבן זיך פאַר־שפּרייט קלאַנגען, אַז דער קעניג וועט שוין מער נישט אראָפּ פון זיין קראַנקן־בעט, האָט די אַלטע קעניגין אַלעקסאַנדראַ ווידער אָנגעהויבן וועבן איר דיפּלאָמאַטישן נעץ. זי האָט געפּרוואווט זיך פאַרזיכערן מיט אַ געווי־סער מאַכט, כדי צו באַקומען די רעגענטשאַפט איבער די מינדעריאַריקע קינדער פון מרימען מיט הורדוסן, אין פאַל אויב דער לעצטער וועט שטאַרבן; עטלעכע פון די פעסטונגס־קאָמענדאַנטן, מיט וועלכע זי האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען, האָבן אָבער צוגעטראָגן די גאַנצע מעשה הורדוסן, און אָט די נאָעטע געפאַר האָט אין אים צוריק אויפגע־וועקט זיינע לעבנס־כחות. הורדוס באַפעלט קראַנקערהייט, גלייך צו באַ־שטראָפן די שוויגער, און זיין באַפעל ווערט פּינקטלעך אויסגעפירט (29). מיט איר טויט איז אָפּגעהאַקט געוואָרן דאָס לעצטע צווייגל פון דעם שיי־נעם שטאַם — זי איז געווען די לעצטע ריין־בלוטיקע טאָכטער פון דעם חשמונאים־געשלעכט. אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען געטויט געוואָרן אויך די לעצטע זייטיקע קרובים פון דעם חשמונאים־הויז, די פאַמיליע

ב נ י ־ ב ב א . נאָך אַנטיגאָנס מפּלה האָט זיך די דאָזיקע פאַמיליע געראַטעוועט אַ דאַנק דער פריינדלעכער שטיצע פון דעם הויפּט־מאַן קאָסטאָבאַר, וועלכער האָט זיי געהאָלפן אַנטלויפן און גאַנצע צוועלף יאָר געהאַלטן באַהאַלטן ביי זיך, אין סאַמאַריאַ. עס האָט זיך אָבער גע־מאַכט, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט הורדוסעס שוועסטער, סאַלאָ־מעאַ, וועלכע איז געבליבן אַן אַלמנה נאָך דער באַשטראָפונג פון איר מאַן יוסף; און אַט, ווען זי האָט, אין עטלעכע יאָר אַרום, געוואָרפן אַן אומחן אויף איר מאַן, האָט זי אים פאַרמסרט פאַר הורדוסן, און אים באַשולדיקט אין דעם, אַז ער האָט די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן די נאָענטע קרובים פון די חשמונאים, וואָס האָבן געוויזן אַזאַ פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד ביי דער באַלאַגערונג פון ירושלים. קאָסטאָבאַר איז דאַן געטויט געוואָרן, און צוזאַמען מיט אים אויך די גאַנצע פאַמיליע בני־בבא (25).

אָט די לעצטע בלוט־באָד האָט, ווי ס׳זעט אויס, אינגאַנצן באַ־רואיקט הורדוסעס געמיט, און צוזאַמען מיט דער צייט הייבט זיך אָן אַ נייער פעריאָד אין זיין הערשער־לעבן. דער אויפגעקומענער קע־ניג דערפילט מיט אַמאָל די גאַנצע זיכערקייט און פעסטקייט פון זיין גליקלעכער לאַגע, און ווערט באַהערשט פון אַ פאַרשכורטער לעבנס־לוסטיקייט, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אויך אויפן פאָלק און אויפן לאַנד. ווי די העלעניסטן אין די אַמאָליקע אַלטע צייטן, הייבט הורדוס איצט אויך אָן אַריינצוברענגען אין לאַנד דעם קולט פון לעבן אַן און פאַר זיך, דעם קולט פון וועלטלעכער פריילעכקייט און קערפּערלעכן לעבנס־גענוס, און אַזוי ווי ער האָט זיך געפונען אינגאנצן אונטער דעם איינפלוס פון דעם איצטיקן, ר ו י מ י ש ן העלעניזם, האָבן אַלע זיינע איינפירונגען געהאַט אויך אַ רוימיש־העלענישן כאַראַקטער. הורדוס לאָזט אויפשטעלן אין ירושלים אַ ט ע אַ ט ע ר לויט דעם גריכישן מוסטער, — אַ טעאַטער אויפן פרייען פעלד מיט אַן אומגעהויער־גרויסער גאַלעריע פאַרן פּובליקום, וואָס קומט זיך צונויף פון אַלע עקן לאַנד, כדי צו זען די „פאָרשטעלונגען״ אויף דער סצענע. דאָ זוכט מען אָבער נישט צו פאַרפיינערן דאָס געשמאַק פון פּובליקום און אים אַנטוויקלען גייסטיק, ווי דאָס איז געווען אַמאָל אינעם אַלטן גריכנלאַנד, — נאָר צו רייצן זיי־נע נידעריקסטע אינסטינקטן. אויף דער סצענע קומען פאָר פאַרשידנאַר־

טיקע גימנאַסטישע איבונגען, אַטלעטישע געשלעגן, געשלעגן צווישן מענטשן מיט ווילדע חיות און נאָך אַזעלכע אונטערהאַלטנדיקע בילדער, וואָס זיינען געווען גאַנץ גוט צוגעפּאַסט צו דעם קריגערישן און אויס־געלאַסענעם כאַראַקטער פון די רוימער, אָבער נישט צו דער גאַטספאָרכ־טיקער פרידלעכקייט און פאַמיליענריינקייט פון די יהודהער. הורדוס האָט, למשל, איינגעפירט אין ירושלים דעם באַרימטן יום־טוב לכבוד דעם רוימישן אימפּעראַטאָר אויגוסט, וואָס פלעגט געפייערט ווערן יעדע פיר יאָר אין אַלע רוימישע פּראָווינצן; צו דעם יום טוב פלעגן ספּעציעל אויפגעשטעלט ווערן פּרעכטיקע בנינים מיט סטאַטועס און פאַרצירונגען און דאַן פלעגן פאָרקומען רייכע, ווילד־פריילעכע פאָלקס־פאַרוויילונגען. הורדוס האָט זיך צו דעם יום־טוב באַצויגן מיט אַ באַזונדער איבערגע־געבנקייט, און אויף זיין באַפעל זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן טויזנ־טער מענטשן פון גאַנץ יהודה און אויך פון אַנדערע לענדער, כדי מיט־צופייערן די גרויסע שמחה און זיך צו באַטייליקן אין די גלאַדיאַטאָר־שפּילן און אַטלעטן־שלעגערייען, וואָס זיינען אויסגעפירט געוואָרן דורך ספּעציעל אַנגאַזשירטע אַרטיסטן.

אָט די וואָכעדיקע, טעמפּע פריילעכקייט אין דער הייליקער הויפּט־שטאָט האָט געמוזט אַרויסרופן אַ שטאַרקן פּראָטעסט פון דער זייט פון די גייסטיקע פאָלקס־פירער און אויך פון די פאָלקס־מאַסן, וועלכע זענען דורכגענומען געווען מיט גאַנץ אַנדערע לעבנס־באַגריפן און אַ גאַנץ אַנ־דערע וועלט־אַנשויאונג. לויט די דאָזיקע באַגריפן האָבן אָט די אַלע שפּילערייען און פאַרוויילונגען אין אַלגעמיין געמוזט באַטראַכט ווערן, ווי נאַרישע עולם־הזה־זאַכן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט הונדערטער קליי־נע עבירות קעגן די געזעצן פון דער תורה; און אויסער דעם האָבן די פרידלעכע און ווייכהאַרציקע יהודהער נאָך באַזונדער געזען אַ שרעק־לעכע אַכזריות אין אַזאַ שפּיל, למשל, ווי דער גלאַדיאַטאָרן־קאַמף, וואו מענטשן ווערן צוריסן פון ווילדע חיות, כדי צו דערפרייען דערמיט אַנדערע מענטשן". און נישט בלויז די יידישע מאָראַל, — די דאָזיקע פאַרוויילונגען האָבן גאַנץ אָפּט אַנגעגריפן אויך דעם עצם יסוד פון דעם יהודהאישן מאָנאָטעאיזם; אַזוי איז, צום ביישפּיל, פאָרגעקומען עטלע־כע מאָל, אַז הורדוס האָט געלאָזן אַרויסשטעלן אין אָן עפנטלעכן פאַר־וויילונגס־פּלאַץ זיינע טראָפּעען (קריגס־רויב, שלל־מלחמה) אין דער גע־

שטאַלט פון פאַרשידענע באַוואָפנטע פיגורן, און די יהודהאישע באַפעל־קערונג האָט אין דעם געזען — עבודה־זרה־בילדער. ביי אַזאַ פאַל איז די אויפרעגונג פון פאָלק אַמאָל אַזוי גרויס געווען, אַז הורדוס האָט גע־פונען פאַר נייטיק, איינצולאַדן אין טעאַטער די אָנגעזעענסטע שטאָט־בעלי־בתים און פאַר זיי אין די אויגן גלאָזן אַראָפּנעמען די קליידונג פון די „טראָפעען", כדי אויף אַזאַ אופן זיי צו איבערצייגן, אַז דאָס זיינען נישט קיין געצען־בילדער, נאָר פשוטע הילצערנע פיגורן אין מיליטע־רישער קליידונג.

אַזעלכע איינצלנע פאַקטן און איבערצייגונגען האָבן אָבער גאַנץ ווייניק געקענט העלפן אויף צו באַרואיקן די אויסגעווײלטע גייסטיקע פירער פון פאָלק, וועלכע האָבן געמוזט זיין קעגן דעם עצם מהות פון די אַלע פאַרוויילונגען אין אַלגעמיין; קעגן דער גאַנצער שיטה פון מאַכן דאָס לעבן ו ו אָ כ ע ד י ק און ב ר ו ט אַ ל, פון לערנען דעם מענטשן זוכן דאָס לעבן א י ן ל ע ב ן ג ו פ א, אין זיינע אַל־זייטיקע קערפּערלעכע און גייסטיקע פאַרגעניגנס, און נישט אין קיין הויכע אייביקע אידעאַלן, און נישט אין דעם אייביקן לעבן, וואָס וועט זיך אָנהייבן ערשט נאָכן טויט. און אָט די פיינדלעכע שטימונג האָט אַרויסגערופן הייסע פאַנאַטיקער, וואָס האָבן באַשלאָסן זייער לעבן איינ־צושטעלן און אומצוברענגען דעם „געבילדעטן דעספּאָט", וועלכער פירט דאָס פאָלק אויפן וועג פון צוזאַמענלעבן זיך מיט דער אַרומיקער געצנדי־נערישער וועלט. אין דער פאַרשווערונג זיינען אַריינגעגאַנגען צען בירגער פון ירושלים, וועלכע זיינען געקומען אין טעאַטער מיט באהאלטענע קינ־זשאַלן אונטער די פּאָלעס; די אונטערנעמונג איז אָבער אויסגעגעבן גע־וואָרן נאָך פאַר דעם אָנפאַל און די אָנפאַלער, וועלכע האָבן זיך ביי דער אויספאָרשונג באַרימט מיט דער פּאַטריאָטישער פאַרשווערונג און זי אין גאַנצן באַשטעטיקט, — זיינען געטייט געוואָרן אונטער אכזריותדיקע ענויים. דאָס פאָלק, וואָס האָט געקוקט אויף די פאַרשוואוירענע, ווי אויף ווירקלעכע פּאַטריאָטישע „קדושים", מאַרטירער, האָט זיך שפּעטער נוקם געווען פאַר זייער טויט: דער „מסור", וואָס האָט די פאַרשווערונג ארויס־געגעבן, איז צעריסן געוואָרן פון פאָלק אויף שטיקער.

אָט די אַלע אַרויסטרעטונגען פון פאַרשידענע פאָלקס־שיכטן קעגן אים און זיינע איינפירונגען, האָבן אין הורדוסן אַרויסגערופן דעם פאַר־

לאַנג זיך נאָך מער צו רייצן מיטן פאָלק און צו טון אַלץ אַזוי, אַז דאָס רעליגיעזע אָדער נאַציאָנאַלע געפיל פון פאָלק זאָל זיך פילן באַליידיקט. הורדוס האָט ליב געהאַט צו בויען שטעט, און די אַלע שטעט, וואָס זיינען דורך אים אנטשטאַנען, האָט ער אָנגערופן מיט נעמען פון דעם רוימישן קעניגלעכן הויז אָדער פון זיין אייגענער דינאַסטיע. דאָס איז נאָך אָבער גאָרנישט געווען קעגן דעם, וואָס ער האָט זיך גענומען מיט אַ מין צו־להכעיסדיקער פלייסיקייט אָפּבויען צוריק די אַמאָליקע האַלב־געצנדינע־רישע שטאָט סאַמאַריע, — די שטאָט, וואָס איז פון אייביק אָן פאַרהאַסט געווען אין יהודה און איז אַמאָל דורך דעם חשמונאים־קעניג יוחנן־הורקנוס אָראָפּגעטראָגן געוואָרן ביזן לעצטן שטיין. דעם יסוד צו דער רעסטאַווראַ־ציע פון סאַמאַריע האָט געלייגט פּאָמפּעאוס, און הורדוס האָט איצט נישט בלויז געלאָזן פאַרגרעסערן דעם שטח פון דער שטאָט אויף אַ האַלבן מייל, נאָר זי אויך באַפּוצט מיט די שענסטע בנינים און געמאַכט פאַר זיין צוויי־טער רעזידענץ. ער האָט געלאָזן דאָרט אויסבויען אַ שטאַרקע פעסטונג און אַ געצנדינערישן טעמפּל לכבוד דעם רוימישן הערשער אויגוסט, און אויך די שטאָט אַליין האָט געטראָגן אויף זיך דעם לעצטנס נאָמען (אויף גרי־כיש „סעבאַסטאַ" — הייליקער. ווי אויף לאַטייניש: אויגוסט). דאָס האָט געזאָלט זיין אַ מין קאָנקורענטן דער פאַרהייליקטער הויפּטשטאָט ירושלים, מיט אירע אַלטע זכרונות און טראַדיציעס.

אין ירושלים גופא האָט ער אויך אַ סך געבויט און איבערגעבויט. אין דעם העכערן טייל פון שטאָט האָט ער געלאָזן אויפשטעלן פאַר זיך אַ פּאַלאַץ, וואָס איז באַשטאַנען כמעט אינגאַנצן פון מאַרמאָר און גאָלד, און האָט באַצויבערט מיט זיין פּרעכטיקער שיינקייט. דער פּאַלאַץ איז ארומ־גערינגלט געוואָרן מיט שטאַרקע פעסטונגס־ווענט, און צו דעם צוועק פון שיצן דעם טייל שטאָט איז איבערגעבויט געוואָרן אויך דער טורעם פון בית־המקדש, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון הורדוסעס פריערדיקן באַשיצער — אַנטאָניוס.

אויסער די הויפּטשטעט, האָט הורדוס געגרינדעט אַ גרויסע האַפן־שטאָט ביים ברעג פון ים, וואו עס האָט זיך פריער געפונען דער אַזוי גערופענער סטראַטאָן־טורעם (נישט ווייט פון יפו), און צו דער שטאָט, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען קסריה (קעסאַר־קיסר, צעזאַר), האָט ער צוגעבויט אַ גלענצנדיקן האַפן, וועלכער האָט אָפּגעקאָסט אומגעהייערע

סומעס געלט און איז געווען באַרימט ארום מיט זיינע באַקוועמע איינריכ־טונגען; אין שטאָט זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן צוויי ריזיקע טורעם־זיילן מיט די אָפּבילדונגען פון דעם רוימישן הערשער אויגוסט און דער שטאָט רוים, אַזוי אַז די נאַציאָנאַליסטן האָבן געקוקט אויף דער שטאָט, ווי אויך אַ „קליינער רוים" און אַזוי האָבן זיי זי אויך גערופן. שפּעטער איז קסריה געוואָרן דער צענטער פון דער רוימישער מאַכט אין איר קאַמף מיט יהודה, און אין פאָלק איז געשאַפן געוואָרן דאָס שפּריכוואָרט, אַז „קסריה האָט שטענדיק טריאומפירט, ווען ירושלים האָט געוויינט".

צוזאַמען מיט זיינע רוימישע באַשיצער, האָט הורדוס זיך אַליין אויך נישט פאַרגעסן, און ער האָט געלאָזן פאַראייביקן זיין נאָמען און די נעמען פון זיינע פאַרשידנסטע פאַמיליען־מיטגלידער אין אַ גאַנצער ריי מאָנו־מענטן, שטעט און פעסטונגען. צוויי מייל צו דרום־מערב זייט פון ירושלים, אויף אַ בערגל, וואו ער האָט אַמאָל אָפּגעהאלטן אַ גלענצנדיקן נצחון איבערן פאָלק, האָט ער איצט אויפגעשטעלט אַ לוקסוס־פּאַלאַץ אונטערן נאָמען העראָדיוס. דאָס איז געווען אַ פּרעכטיקער שלאָס מיט הויכע טור־רעמס, וואו ס'איז געזאָרגט געוואָרן פאַר לוקסוס און פאַרגעניגן; צוויי הונדערט טרעפּ פון ווייסן, ריינסטן מאַרמאָר האָבן ארויפגעפירט אין די אויבערשטע עטאַזשן, און נאָך אומגעהייערע אויסגאַבן און אָנשטרענגונ־גען איז הערָאדיוס ענדלעך באַזאָרגט געוואָרן אויך מיט אַ גוט איינגעריכ־טעטער וואַסער־לייטונג. אין דער זעלביקער געגנט האָבן זיך געפונען אויך די נייע שטעט אַנטיפּאַטרידאַ און פאַזאַעלידאַ, און די פעסטונג קיפּראָס.

און נישט נאָר אין יהודה אַליין — דער ערגייציקער הורדוס האָט גוט געוואוסט, אַז אויף דער ליבע פון דעם יהודהשן פאָלק קען ער קיין סך נישט רעכענען, און ער האָט זיך געוואָלט באַליבט מאַכן ביי אַנדערע פעלקער. מיט די אומשעצבאַרע אוצרות, וואָס ער האָט אַרויסגעפּרעסט פון פאָלק, אין דער פאָרעם פון פאַרשידענע שטייערן, האָט דער יהודה־שער דעספּאָט זיך פּאָפּולער געמאַכט אין דער גאַנצער ארומיקער וועלט. הורדוס האָט געלאָזן אויף זיינע קאָסטן בויען גימנאַזיעס אין טריפּאָליס און אין דמשק, אויפשטעלן פעסטונגען אין ביבלאָס, איינאָרדענען טעאַ־טערן, צירקן, עפנטלעכע פּלעצער און טעמפּלען אין צידון, ראָדאָס, אַנ־טיוכיע, אַשקלון און נאָך אַנדערע פּונקטן פון דעם רוימישן מזרח. די דאָזיקע גרויסמוטיקע רייכע נדבות האָבן הורדוסן געמאַכט באַליבט און

באַרימט צווישן די שכנהשע סיריער און גריכן, און אַפילו אויגוסט אַליין איז אויך געווען פון אים העכסט צופרידן. ער האָט זיך אַפילו אויסגעדריקט, אַז הורדוס פאַרדינט צו טראָגן אויפן קאָפּ די קרוין פון גאַנץ סיריע און עגיפּטן, און האָט אים אויסגעדריקט זיין פאַרערונג מיט אַ באַדייטנדיקער ממשותדיקער מתנה: אויגוסט האָט געשענקט הורדוסן די געגנטן בשן, אויראַניטיס און דאָס וואולקאַניש צעריסענע, ווילדע טראַכאָניטיס, ווייל דאָרט האָבן זיך אויפגעהאַלטן מאַסן רויבער־באַנדעס, און קיינער אויסער הורדוסן, איז נישט אומשטאַנד געווען זיי אויסצוראָטן. דאָס לעצטע איז הורדוסן אויך נישט לייכט אָנגעקומען און ער האָט אַ לאַנגע צייט זיך געמוזט אַרומשלאָגן מיט דער איינגעבוירענער ווילדער באַפעלקערונג און ענדלעך איבערגעלאָזן דאָרטן, ווי אַ שטענדיקע וואַך, אַ מחנה פון דריי טויזנט אדומער. און די טראַכאָניטן האָבן זיך פאַר דער וואַך אויך נישט איבעריק דערשראָקן — דאָס איז צו זען פון דעם פאַקט, וואָס שוין אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט האָט נאָך הורדוס געפונען פאַר נייטיק צו זוכן אַ באַזונדערע מאַכט אויף צו פאַראַליזירן זייער רויבערישע טעטיקייט. ער האָט דאַן באַוואויגן אַ געוויסן בבלניש־יהודעאישן הויפּט־מאַן, מיטן נאָמען צמרית, וועלכער האָט מיט הונדערט פאַמיליע־מיטגלידער און פינף הונדערט באַוואָפנטע באַגלייטער אריבערגעוואַנדערט איבערן טייך פרת, — זיך צו באַזעצן אין בשן, כדי צו האַלטן אין צוים די דאָרטיקע טראַכאָניטן.

אויף ווי ווייט הורדוס האָט קיין צוטרוי נישט געהאַט צו דעם יהודהשן פאָלק און זיך מיט אים נישט גערעכנט, זעט מען אויך דערפון, וואָס דער גאַנצער שטאַט פון זיינע הויף־מענטשן און נאָענטע מקורבים איז באַשטאַנען פון פרעמדע. אַ געוויסער אין זיין צייט באַרימטער פילאָזאָפישער רעדנער און געשיכטע־שרייבער, ניקאָלאַוס פון דמשק, איז געווען זיין נאָענטסטער פריינט און ראַטגעבער, און האָט אים אָפט פאַרטראָטן אין זיינע מלוכה־אַרבעטן; דער ווייניק געבילדעטער הורדוס האָט זיך ביי דעם גריכישן געלערנטן געוואָלט אויסלערנען די אַלע השלמות און ידיעות, וואָס זיינען נייטיק געווען אין יענער צייט, כדי זיך צו קענען געפינען אין אַן אינטעליגענטער גריכישער געזעלשאַפט; און דאַקעגן האָט דער זעלביקער ניקאָלאַוס אָנגעשריבן אַן אַלגעמיינע געשיכטע אין הונדערט פיר און פערציק טיילן, וואו ער האָט געלויבט אין הימל אַריין זיין קעניגלעכן תלמיד

און באַשיצער. אַ צווייטער גריכישער אינטעליגענט, פּטאָלאָמעאוס, האָט ביי אים פאַרטראָטן דעם פּאָסטן פון אַ קאַנצלער אָדער פון אַ פינאַנץ־מיניסטער; אַ דריטער גריך, אַנדראָמאַכוס ,און אַ רוימער נעמעלוס, זיינען געווען די דערציער פון זיינע צוויי זין, און אַזוי איז ער כסדר אַרומגע־רינגלט געווען מיט מענטשן נישט פון דעם פאָלק, איבער וועלכן ער האָט געקעניגט; אין הורדוסעס לעבן, האַלטן זיך און דענקען איז אין אלגעמיין געווען גאַנץ ווייניק יהודהעאישעס און ער האָט נאָר דעם ריינעם אמת געזאָגט, ווען ער האָט זיך אויסגעדריקט פאַר איינעם פון זיינע דער־מאָנטע מקורבים, אַז די גריכן זיינען אים נענטער צום האַרצן, ווי די יהודהער.

ביי אַזאַ באַציאונג צום פאָלק אַליין און צו זיין קולטור איז גאַנץ פאַרשטענדלעך די שנאה און די טיפע אינערלעכע אָפּנייגונג, וואָס דאָס אייגענע יהודהאישע פאָלק האָט געשפּירט צו זיין הערשער. הורדוס איז דעם פאָלק אין גאַנצן פרעמד געווען, און מער ווי פאַראַכטונג און אכזריות האָט עס פון אים נישט געזען. עס האָט אים דעריבער גאַנץ ווייניק גע־האָלפן אויך די גרויסמוטיקע גוטהאַרציקייט, וואָס ער האָט ארויסגעוויזן דעם פאָלק אין אַ שטאַרקן הונגער־יאָר, ווען ער (24) האָט אויפגעקויפט פון זיין פאַרמעגן אוצרות מיט תבואה אין מצרים און עס צעטיילט דער הונגערנדיקער באַפעלקערונג אומזיסט. דאָס פאָלק איז אים אַ ווייַלע גע־ווען דאַנקבאַר; באַלד אָבער האָט עס ווידער געזען פאַר זיך דעם דעספּאָ־טישן פרעמדן הערשער, וואָס האָט אַלע זיינע הייליקייטן פאַרשוועכט און אויסגעלאַכט דאָס טייערסטע און העכסטע פון זיין קולטור ־ לעבן. די יהודהער האָבן געהאַט ביז דאַן דריי אינסטיטוציעס, אין וועלכע עס האָט זיך פאַרקערפּערט די גאַנצע וועלטלעכע און גייסטיקע מאַכט איבער דעם פאָלק: די מלוכה, די כהונה־גדולה און דאָס סנהדרין, און אָט די אַלע דריי אינסטיטוציעס האָבן אַדאַנק הורדוסן איינע נאָך דער אַנדערער פאַרלוירן זייער אויטאָריטעט. די מלוכה האָט ער זיך אַליין גענומען, און בנוגע צו דער כהונה־גדולה האָט ער איינגעפירט אַ פרייע, ווילקירלעכע „באַשטי־מונג", אנשטאָט דעם מנהג פון ירושה, וואָס האָט זיך דערביי פראַקטי־צירט. נאָך דער מערדערישער באַזייטיקונג פון דעם חשמונאישן כהן־גדול, אַריסטאָבול, איז ווידער באַשטימט געוואָרן אויף דעם פּאָסטן דער פריער־דיקער חננאל; דאַן איז אַרויף אויף דעם ערנשטול אַ געוויסער יהושע בן

פאַבי, דער האָט אָבער נישט באַוויזן צו בלייבן לאַנג אויף זיין פּאָסטן און ער אַליין איז אין דעם געווען גאַנץ ווייניק שולדיק. דאָ איז פאָרגעקומען דאָס, אַז אַ קורצע צייט נאָך מרימס טויט, האָט דער קעניג זיך געפונען אַ טרייסט אין די אָרעמס פון אַ געוויסן אַלעקסאַנדרינישן כהנס אַ טאָכ־טער, און אין דעם זכות איז אָט דער כהן, מיטן נאָמען שמעון בן ביתום, באַשטימט געוואָרן פאַר אַ כהן־גדול. דער לעצטער האָט זיך אין גיכן אַרויסגעוויזן פאַר אַן איבערגעגעבענעם אָנהענגער פון הורדוסעס פּאָלי־טיק, אַזוי אַז דער גייסטיקער פירער פון דעם יהודהשן פאָלק האָט גאַנץ אָפט געשטיצט די אונטערנעמונגען פון זיין קעניגלעכן איידעם.

וואָס שייך דעם סנהדרין, האָט הורדוס זיין מאַכט אויף אַזוי פיל באַגרענעצט, אַז ער האָט אייגנטלעך אינגאַנצן אויפגעהערט צו שפּילן די באַדייטנדיקע ראָלע אין דעם פאָלקס־לעבן, וואָס ער האָט געשפּילט נאָך פון די אַלטסטע צייטן. אין זיין צייט האָט די גאַנצע אינסטיטוציע באַ־קומען דעם כאַראַקטער פון דעם קעניגס אַ ראַט־פאַרזאַמלונג, וואָס באַ־שטייט בלויז פון פאַרשידענע הויף־מקורבים און נאָך אַזעלכע שופטים, וועלכע זיינען שטענדיק גרייט געווען צו משפּטן אַזוי, ווי הורדוסן האָט געפּאַסט. פון די פאָלקס־פירנדיקע פּאַרטייען, ווידער, האָבן זיך די איסיים איבערהויפּט נישט אָפּגעגעבן מיט קיין וועלט־זאַכן, און די פּרושים האָבן נישט אנערקענט, נישט הורדוסן ווי דעם וואַסאַל, און נישט אויגוסטן ווי אַן אויבערשטן הערשער. ווען הורדוסן איז איינגעפאַלן צו פאָדערן פון פאָלק אַ שבועה (20), אַז עס וועט טריי דינען אים און אויגוסטן, האָבן זיך די פּרושים אָפּגעזאָגט און נישט געוואָלט שווערן, און נאָר אַ דאַנק דער גרויסער פּאָפּולאַריטעט פון דעם פרידלעכן הלל האָט ער זיי נישט באַשטראָפט דערפאַר און באַפרייט פון דער שבועה.

הורדוס האָט דעריבער זיין גאַנץ לעבן געהאַלטן אין איין שרעקן זיך פאַר אַן אויפשטאַנד פון פאָלק, און כדי דאָס צו פאַרהיטן, האָט ער אָר־גאַניזירט אַ גאַנצע אַרמיי פון שפּיאָנען, וואָס האָבן געדאַרפט זיך געפינען צווישן פאָלק און נאָכשפּירן זיינע רייד און זיינע טועכצן. הורדוס אַליין פלעגט אויך אָפט זיך אַריינגנבענען אַן איבערגעטוענער אין פרעמדע מלבושים צווישן המון און זיך צוהערן צו זיינע שמועסן, און ווי איז געווען יענעם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט נישט פריינטלעך וועגן דעם יהודהשן הערשער! ער איז גלייך געהיים אָוועקגעפירט געוואָרן אין דער

פּעסטונג הירקאַניום, וואו ער האָט באַקומען זיין אכזריותדיקע שטראָף. „אין שטאָט, ווי איבער די וועגן זיינען ארומגעגאַנגען שפּיאָנען” און די בירגער האָבן נישט געטאָרט זיך צוזאַמענקומען און גיין אָדער ריידן קאָמ־פּאַניעסווייז.

דאָס אַלץ האָט פונדעסטוועגן נישט געשטערט דעם אדומישן דעס־פּאָט, אונטערצוקויפן, פון דער צווייטער זייט, דאָס פאָלק און צו זוכן זיין ליבע. נאָך דער טריקעניש, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע יאָר כסדר, האָט הורדוס באַפרייט דאָס לאַנד פון אַ דריטל שטייערן, און אין דער זעלביקער צייט איז ער צוגעטראָטן צו אַ גראַנדיעזער אונטערנעמונג, וואָס האָט ווירקלעך אַרויסגערופן די טיפסטע דאַנקבאַרנקייט צו אים פון אַלע פאָלקס־שיכטן, אי באַפרידיקט זיין ליידנשאַפטלעכע תאווה צו בויען. הורדוס האָט זיך גענומען איינגאַנצן רעסטאַווירן און באַנייען דעם פאַר־נאַכלעסיקטן בית־המקדש, וואָס איז געשטאַנען פון זרובבלס צייטן אָן, און האָט אויסגעזוגן עלנט און אָרעם צווישן די רייך־פאַרפּוצטע שלעסער און פּאַלאַצן פון דער באַנייטער ירושלים.

די פאָלקס־פאַרטרעטער, פאַר וועלכע הורדוס האָט אויסגעדריקט זיין ווילן, צוצוטרעטן צו דער באַנייאונג פון בית־המקדש, האָבן זיך אין אָנהויב באַצויגן צו דער זאַך מיט שרעק און פאַרצווייפלונג; זיי האָבן געגלויבט, אַז הורדוס מיינט דאָ נאָר אָפּצונאַרן דאָס פאָלק, און זיין אמתע כונה איז — צו פאַרניכטן איינגאַנצן דעם רעליגיעזן צענטער פון דער אומה און אַזוי אָדער אויף אַן אַנדער אופן אים צו באַרויבן. הורדוס האָט זיי אָבער באַרו־איקט און פאַרזיכערט, אַז דער אַלטער בית־המקדש וועט נישט אָנגערירט ווערן אַזוי לאַנג, ווי דאָס גאַנצע בוי־מאַטעריאַל און דער גאַנצער אַרבע־טער־שטאַט וועט זיך נישט געפינען אויפן פּלאַץ. כדי איינגאַנצן צו באַרו־איקן דאָס רעליגיעזע געפיל פון פאָלק, האָט הורדוס אַוועקגעשטעלט די אַרבעט אונטער דער השגחה פון די באַדייטנדסטע כהנים און פרושים, וועלכע האָבן געדאַרפט זען, אַז אַלץ זאָל געמאַכט ווערן לויט די געזעצן פון דער תורה, און באַלד נאָך דעם, אויף דעם אַכצנטן יאָר פון זיין הערשן, האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן. אַ קאַראַוואַן פון טויזנטער משא־פורן, באַ־לאָדן מיט טייערע קוואַדראַט־שטיינער און מאַרמאָר־זיילן, האָט זיך כסדר געצויגן אויפן וועג קיין ירושלים, און גאַנצע צען טויזנט אַרבעטער־ספּע־ציאַליסטן זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביי דער אַרבעט. די אינעווייי־

ניקסטע אײנגריכטונגען און פאַרצירונגען האָבן פאַרנומען צוויי יאָר, און דאַן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די רעכטע בוי־אַרבעט פון די אויסנווייניקסטע מויערן, הויפן, זאַלן, געוועלבטע קולואַרן און פאַרשידענע זײלן, וואָס האָט זיך געצויגן גאַנצע אַכט יאָר — כמעט ביזן חורבן פון דעם זעלביקן בית־המקדש.

אין דעם בית־המקדש האָט הורדוס אַרײנגעלייגט נישט בלויז אומגעהויערע אוצרות געלד, נאָר אויך זיין גאַנצן שעפערישן גייסט, זיין גאַנצן קונסט־געשמאַק, און אים איז ווירקלעך געלונגען צו באַשאַפן עפּעס פּרעכטיק־שיינס, באַצויבערנדיקעס. דאָס איז געווען אַ מייסטערווערק, וואָס האָט אַרויסגערופן די באַוואונדערונג פון דער גאַנצער אַלטער וועלט, און ווי דאָס יהודהשע פאָלק אַליין האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט, האָט „דער נישט געזען קיין שיינעם בנין, ווער עס האָט נישט געזען הורדוסעס בית־המקדש". דער גאַנצער אומפאַנג פון דעם בית־המקדש־באַרג, וועלכער איז געווען אַרומגענומען מיט אַ פעסטער און הויכער מויער־וואַנט, האָט באַטראָפן זעקס סטאַדיען, ד"ה עלף הונדערט פינף און צוואַנציק מעטער, און דער צענטער פון דעם קאָלאָסאַלן בנין האָט זיך געזען אין אַלע זייטן אויף דעם שטח פון אַ סך מײלן. דער הויכער דאַך פון דעם בית־המקדש איז געווען באַפּוצט מיט באַגאָלדעטע שפּיצן, וואָס האָבן געפינקלט און געשטראַלט אונטער דעם גלאַנץ פון דער גאָלדענער מזרח־זון; אומבאַוואוסטזיניק האָבן אָבער הורדוסעס אינזשיניערן אויפגעטון מיט די דאָזיקע דאַך־שפּיצן נאָך אַ וויכטיקע זאַך: די לעצטע האָבן געדינט אויך ווי בליץ־אָפּלייטער און האָבן פאַרהיט דעם בית־המקדש פון די אַטמאָספערישע אויסלאָדונגען.

דער יום־טוב פון באַנייען דעם בית־המקדש איז געפייערט געוואָרן מיט אַן אומגעוויינלעכן פאַראַד און מיט רייכע פאָלקס־פאַרווײלונגען; די גרויסע שמחה האָט אָבער געהאַט אין זיך אויך אַ גרויסע מאָס טרויער פאַר די בעסערע זין פון פאָלק. אויף די לעצטע האָט געמוזט ווירקן שלעכט שוין דאָס אַליין, וואָס אויף הורדוסעס באַפעל איז אָט דער פאָלקס־יום־טוב פאַראײניקט געוואָרן מיט דער פייערונג פון זיין אייגענעם נצחון איבערן פאָלק: דאָס חנוכת הבית פון בית־המקדש איז געפייערט געוואָרן אין דעם זעלביקן טאָג, ווען הורדוס האָט זיך, מיט צוואַנציק יאָר, אַוועקגעזעצט אויף דעם פאַרבלוטיקטן טראָן פון יהודה; און דערצו איז נאָך צוגעקומען נאָך אַ

פאַקט, וואָס האָט באַזונדער שטאַרק אָנגעגריפן אי דעם רעליגיעזן, אי דעם נאַציאָנאַלן געפיל פון די איבערגעגעבענע יהודהאישע פּאַטריאָטן: דער אדומישער הערשער האָט דעם ניי־אויפגעבויטן בית־המקדש גלייך אַוועק־געשטעלט אונטער דער שוץ פון רוים, און האָט געלאָזן אויפשלאָגן איבער דעם אויסנווייניקסטן הויפּט־אַריינגאַנג פון בית־המקדש אַ בילד פון אַן אָדלער — דעם עמבלעם פון דער רוימישער קריגס־מאַכט. לויט דעם גע־זעץ פון דער יידישער תורה איז יעדע פּלאַסטישע אָפּבילדונג איבערהויפּט געווען פאַרבאָטן ווי עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַ שייכות צו עבודה־זרה, און אַזאַ עמבלעם אויפן טויער פון בית־המקדש האָט געמוזט אָנפילן מיט אַ טיפן טרויער די הערצער פון די אמתע פּאַלקס־פריינט. הורדוס האָט אויך אײַנגעפירט ווי אַ חוב, מקריב צו זיין יעדן טאָג אַ קרבן פאַר זיין רוימישן באַשיצער, אויגוסט, וועלכער האָט דאָס דעמאָלט אפשר גאָרנישט פאַר־לאַנגט; שפּעטער האָט דער קרבן אָנגעהויבן צו דינען ווי אַן אויסדרוק פון אונטערטעניקייט, און האָט קיינמאָל נישט געטאָרט פאַרמיטן ווערן.

געענדיקט מיט דער אַרבעט פון בית־המקדש, וואָס האָט אים איינ־גאַנצן באַהערשט, האָט הורדוס זיך צוריק אומגעקערט צו זיינע פּערזענ־לעכע אונטערהאַלטונגען און פאַרגעניגנס. ווי אַ האַלב־אָפּהענגיקער וואַסאַל האָט הורדוס אין יענער צייט גאַנץ ווייניק געשפּירט די אויבערשטע מאַכט פון רוים; ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו לאָזן אויסגיסן אייגענע מטבעות, אַרויפצולייגן אויף דער באַפעלקערונג פאַרשידענע שטייערן און אויסצו־נוצן זיין מאַכט אין די גרענעצן פון לאַנד אָן אַ שום קאָנטראָל. דאָס אַלץ האָט צוגעגעבן הורדוסן אַ באַדייטנדיקן אָנזען אין אַלע שכנישע לענדער, און אפילו אויך אין רוים גופא האָט מען זיך צו אים באַצויגן מיט אַכטונג און ליבע. ווען ער איז געווען עטלעכע מאָל אין רוים, האָט ער זיך אויפגע־האַלטן ביי אויגוסטן אין הויז, און דאָרט האָט ער באַוויזן צו ווערן נאָענט באַפריינדט אויך מיט דעם באַרימטן מאַרק אַגריפּאַ, אויגוסטס איידים. דער לעצטער איז שפּעטער געקומען ווי אַ גאַסט צו הורדוסן אין ירושלים, און האָט געפונען פאַר אַ פליכט פון זיין זייט אויסצודריקן מיט עפּעס זיין אַכטונג דעם יהודהאישן פאָלק; ער האָט געלאָזן מקריב זיין אויף זיין רעכ־נונג אַ גרויסע צאָל קרבנות אין בית־המקדש, און דאָס פאָלק איז פון דער העפלעכקייט אַזוי גערירט געווען, אַז עס האָט אים אַרויסבאַגלייט פון שטאָט ביזן שיף, באַשיטנדיק דעם וועג מיט בלומען (15.

וועגן דער פערזענלעכער פריינטשאַפט, וואָס האָט געהערשט צווי־שן דער פאַמיליע פון דעם רוימישן אימפּעראַטאָר און דעם יהודהשן וואַ־סאַל, רעדט זיך פיל אין די היסטאָרישע קוועלן פון דער רוימישער זייט, און לויט דעם אויסדריק פון אַ געוויסן רוימישן היסטאָריקער, האָט אוי־גוסט נאָך זיין איידים אַגריפּאַן אַממייַנסטן ליב געהאַט הורדוסן, און ביי אַגריפּאַן אין האַרצן האָט הורדוס פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ נאָך אוי־גוסטן. ווען אַגריפּאַ האָט געמאַכט זיין רייזע איבער קליין אַזיע האָט אים הורדוס באַגלייט אין וועג, און ווען עטלעכע פון די דאָרטיקע יהודהאישע קאָלאָניעס האָבן זיך באַקלאָגט פאַר דעם רוימישן מאַכטהאָבער אויף די פאַרשידענע באַדריקונגען און גזירות, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין פון זייערע גריכישע שכנים, — האָט זיך הורדוס אויך אָנגענומען פאַר זיי און אַגריפּאַ האָט באַפרידיקט זייערע בקשות.

די דאָזיקע שטיצע, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן די יהודהער אין דער פרעמד, האָט הורדוס גלייך אויסגענוצט ווי אַ רעקלאַמע פאַר זיך, און ווען ער האָט זיך אומגעקערט צוריק פון דער רייזע קיין ירושלים, האָט ער געלאָזן צונויפרופן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, פאַר וועלכער ער האָט אויספירלעך געשילדערט די גרויסע טובה, וואָס ער האָט דאָ געטון די ווייטע יהודהער; ביי דער געלעגנהייט האָט ער געשענקט דעם פאָלק אויך אַ פערטל פון די שטייער־חובות, וואָס זיינען געבליבן שטיין פון פאַרגאַנ־גענעם יאָר.

אַזוי האָט הורדוס זיך באַמיט מיט פאַרשידענע מיטלען, אויך דעם נחת צו דערגרייכן — זיך צו דערווערבן די ליבע פון זיין אייגן פאָלק. און ער האָט טאַקע אין דער היגזיכט געקענט רעכנען אויף אַ געוויסן דערפאָלג דאָ האָט זיך אָבער ווידער אָנגעהויבן פאַר אים אַ צייט (14—4) פון פאַ־מיליען־אומרוען און באַשטראָפונגען, וואָס האָט צעשטערט די רואיקייט פון זיין גליק און נישט געלאָזן אים שוין מער געניסן פון זייער אַרומיקע נצחו־נות ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. די אייביקע אומרוען, אינטריגעס און טויט־שטראָפן אין דעם ענגן קרייז פון זיין פאַמיליע, האָבן זיך ווי אַ שווע־רע לאַסט אַרויפגעלייגט אויף די פּלייצעס פון דעם זעכציק־יעריקן דעס־פּאָט, און דאָס האָט אים ווידער אַריינגעבראַכט אין יענעם צושטאַנד פון טעמפּער פאַרצווייפלונג, ווען עס ענדיקט זיך דער מענטש און עס הייבט זיך אָן די חיה.

הורדוס האָט געהאַט אַרום זיך אַ גרויסע, פּילצאָליקע פאַמיליע, און אַנשטאָט דער מאָנאָגאַמישער אָרדענונג, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט פּראַקטיצירט אין דעם חשמונאישן הויף, האָט ער דער ערשטער אָנגעהויבן צו לעבן מיט אַ סך פרויען. אין דער יוגנט נאָך האָט הורדוס חתונה געהאַט מיט אַ בירגער־מיידל, דאָרידאַ, וואָס האָט אים געבוירן אַ זון אַנטיפּאַטאָר; שפּעטער אָבער, ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט דער חשמונאישער פּרינצעסין, האָט ער זיין ערשטע פרוי מיטן זון אַוועקגעשיקט ווייט אין דער פּראָווינץ, און אַנטיפּאַטאָרן איז דערלויבט געוואָרן צו קומען אין הויף נאָר אויף די גרעסערע יום־טובים. די חשמונאישע פּרינצעסין האָט געלאָזן הורדוסן פינף קינדער, פון וועלכע עס זיינען פאַרבליבן אין דער געשיכטע נאָר די צוויי זין — אַלעקסאַנדער און אַריסטאָבול; נאָך איר טויט האָט ער אָבער געלעבט מיט נאָך אַנדערע אַכט פרויען, פון וועלכע עס זיינען באַוואוסט די אויבן־דערמאָנטע אַלעקסאַנדרינישע כהן־טאָכטער, מרים די צווייטע, די שומרונערין מאַלטאַקאַ און קלעאָפּאַטראַ פון ירושלים. די לעצטע צוויי האָבן אים געבוירן דריי זין: אַרכעלעאוס, הורדוס־אַנטיפּאַ און פּיליפּ.

אין דער ערשטער צייט נאָך מרימס טויט האָט הורדוס באַשטימט ווי יורשים פון דער מלוכה די צוויי זין, וואָס זיינען אים געבליבן פון איר, אַלעקסאַנדערן און אַריסטאָבולן. ער האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין רוים, וואו זיי האָבן זיך דערצויגן אין הויז פון אַזיניוס פּאָלאָניוס, איינער פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן אינעם רוימישן הויף און אַ נאָענטער באַקאַנטער פון די גרויסע דיכטער ווירגיליוס און האָראַציוס. אויגוסט צעזאַר אַליין האָט זיך אויך זייער פריינטלעך באַצויגן צו ז׳ צוויי יהודהאישע פּרינצן, און זיי אַריינגענומען אינעם קרייז פון זיין הויף־געזעלשאַפט. אַזוי האָבן זיי פאַרבראַכט אין רוים פינף יאָר; דאַן איז הורדוס אַליין געפאָרן נאָך זיי און זיי געבראַכט קיין ירושלים. דאָ האָט ער די יונגע זין גלייך חתונה געמאַכט: דעם עלטערן, אַלעקסאַנדערן, האָט ער געגעבן פאַר אַ פרוי די פּרינצעסין גלאַפיראַ, דעם קאַפּאַדאָקאישן קעניגס טאָכטער, וועלכע האָט זיך דעריבער מגייר געווען; און דער יונגערער, אַריסטאָבול, האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון הורדוסעס שוועסטער — בערעניקאַ.

געוואָלט האָט הורדוס דערמיט ווייטער צונויפבינדן דיביידע משפּחות, זיינע מיט דער חשמונאישער, כדי עס זאָל מיט דער צייט אינגאַנצן

פֿאַרשוואונדן ווערן די אייזערנע וואַנט, וואָס איז ביז אַהער געשטאַנען צווישן זיי; אים האָט זיך דאָס אָבער נישט איינגעגעבן. דער אומשולדיקער טויט פֿון זייער קעניגלעכער מוטער האָט געלאָזן אַ טיפֿן איינדרוק אין די הערצער פֿון די שטאָלצע פּרינצן, און זיי האָבן נאָך איצט אויך נישט אויפֿגעהערט זיך צו באַציען מיט אַ געוויסער פֿאַראַכטונג צו די איבריקע מיטגלידער פֿון דער גאַנצער פֿאַמיליע, נישט אויסשליסנדיק אויך הורדוסן אַליין. — שטאַרקער פֿון אַנדערע האָט עס געשפּירט די טאָכטער פֿון דער אדומישער סאַלאָמעאַ, און נאָך דעם ווי זי האָט זיך איינמאָל געקלאָגט פֿאַר דער מוטער, אַז אַריסטאָבול באַציט זיך צו איר גרינגשעצנדיק, ווי צו אַ פֿרוי פֿון אַ נידעריקן געשלעכט, האָט די מרשעת סאַלאָמעאַ, די צווייטע מערדערין פֿון דער געוועזענער חשמונאישער קעניגין, ווידער גענומען באַקלערן אַ פּלאַן קעגן די פֿאַרבליבענע חשמונאים (נאָר פֿון דער מוטערס זייט). זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויך פֿאַר דעם, וואָס איינער פֿון די צוויי זין איז דער מאַן פֿון איר טאָכטער. זי האָט זיך פֿאַראייניקט אין דער אַרבעט מיט איר ברודער פֿעראָר, און צוזאַמען איז ביי זיי געבליבן, אויסצונוצן צו דעם צוועק הורדוסעס ערשט־געבוירענעם זון אַנטיפּאַטאָרן. זיי האָבן דאַן גענומען איינרעדן הורדוסן און אים איבערצייגן, אַז דאָס פֿאָלק ווייזט אַרויס אַ באַזונדער ליבע צו די קינדער פֿון דער געטויטער חשמונאיערן און אַז די לעצטע טראָגן אין האַרצן אַ טיפֿע שנאה צו אים און זוכן פּלענער, ווי אַזוי אָפּצונעמען ביי אים די קרוין. דאָס האָט דעם אַלטן אַדומי אויפֿגעקאָכט, און ער איז שוין גרייט געווען זיי צו באַשטראָפֿן, אים איז אָבער געלונגען זיך איינצוהאַלטן, און דאָס מאָל האָט ער זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט אָנגענומען זיין שוועסטערס עצה און געלאָזן אַראָפּברענגען אין הויף אַנטיפּאַטאָרן. בלוטיקע שונאים איינע די אַנדערע, האָבן זיך אָט די דריי — סאַלאָמעאַ, פֿעראָר און אַנטיפּאַטאָר — דאָך פֿאַראייניקט אין זייער האַס צו די חשמונאישע פּרינצן; דער לעצטער, אַנטיפּאַטאָר, האָט גלייך נאָך זיין אָנקומען קיין ירושלים אָנגעהויבן צו שפּילן פֿאַרן פֿאָטער די ראָל פֿון אַן איבערגעגעבענעם זון, בשעת ער האָט אים אין דער אמתן נישט ווייניקער געהאַסט פֿון זיינע חשמונאישע קאָנקורענטן. דער פֿאַלשער און גיפֿטיקער אַנטיפּאַטאָר האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער דערנענטערט צום אַלטן הערשער, און אין דער זעלביקער צייט נישט אויפֿגעהערט אָנצושיקן פֿאַרשידענע מסירות און באַשולדיקונגען קעגן די צוויי

חשמונאישע קרוין־יורשים, צו וועלכע הורדוס האָט זיך שוין אַזוי אויך באַ־צויגן מיט חשד און שנאה. יעדע באַוועגונג פון איינעם פון די פּרינצן, יעדעס וואָרט און יעדע באַגריסונג פון פאָלק, וואָס איז געווען געווענדט צו זיי, — איז אין הויף אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַן אַקט פון שנאה צום קעניג אָדער ווי אַן הכנה צו אַ פאַרשווערונג, און דאָס אַלץ האָט אַנטיפּאַטאַר געטון נישט אַליין, נאָר מיטן מויל פון אַנדערע זייטיקע, אַזוי אַז הורדוס האָט נישט געקענט זען אין די אַלע באַשולדיקונגען קיין שום פּניה פון אַנטיפּאַטאַרס זייט; דאָס האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג, ביז דער לעצטער האָט ענדלעך דערגרייכט זיין ציל: הורדוס האָט אים אנערקענט ווי אַ יורש פון דער מלוכה, און ווען אַגריפּאַ האָט זיך אומגעקערט פון זיין רייזע איבער אַזיע צוריק קיין רוים, האָט הורדוס מיטגעשיקט מיט אים אַהין אַנטיפּאַטאַרן — ווי אַ טראָן־יורש פון יהודה.

אָט דער שריט פון דעם אַלטן הערשער האָט געמוזט נאָך מער אויפרייצן די זין פון דער חשמונאישער מוטער, און זיי האָבן אָפן אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט מיט דעם פאָטערס מעשים. דאָס איז ווידער אויסגענוצט געוואָרן פון אַנטיפּאַטאַרס חברה, און ער אַליין, אין זיינע בריוו פון רוים, האָט אויך אונטערגעהאַלטן די דאָזיקע שטימונג, מיט פאַרשידענע, כלומרשט־זייטיקע פאַקטן. דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט דערוויייל דערמיט, אַז הורדוס האָט גענומען דיביידע פּרינצן מיט זיך און אַלע דריי האָבן זיך פאָרגעשטעלט דעם רוימישן הערשער; דער לעצטער האָט אויסגעהערט די טענות פון ביידע זייטן, און געראָטן הורדוסן, שלום צו ווערן מיט זיינע קינדער און זיך מער נישט אַרומצוקריגן מיט זיי.

דאָס האָט אָבער געווירקט נאָר אויף אַ קורצער צייט. דער פאַלשער אַנטיפּאַטאַר האָט דאָס געווער פון האַנט נישט אַוועקגעלייגט, און אים צו הילף זיינען געשטאַנען סאַלאָמעאַ מיט פעראָרן, וועלכע האָבן אויסגענוצט יעדן שריט פון זייערע קעגנער, כדי צו באַשאַפן אַ נייע נעץ פון מסירות, באַשולדיקונגען און פאַלשקייטן. די לאַגע פון די ביידע ברידער איז וואָס אַ טאָג ווייטער געוואָרן אַלץ מער אומדערטרעגלעך, און אַזוי ווי זיי האָבן נישט געהאַט דערצו די דיפּלאָמאַטישע פאָרזיכטיקייט און איינגעהאַלטנקייט פון זייער אדומישן ברודער, האָבן זיי ווידער אָפן אויסגעדריקט זייער פאַראַכטונג דער גאַנצער פאָטערלעכער פאַמיליע; אויף דעם סמך איז שוין צו הורדוסן דערטראָגן געוואָרן, אַז זיי האָבן געזאָגט: אויב מיר וועלן באַ־

קומען די מאַכט, װעלן מיר די מענער פון דער קעניגלעכער פאַמיליע מאַכן פאַר דאָרפס־שרײַבערס און די פרויען, — װאָס רופן זיך פּרינצעסינס, — װעלן מיר אויספּוצן אין זעק און אַװעקזעצן בײַם שפּין־רעדל.

אַזוי האָט אין דעם קעניגלעכן הויף כסדר געקאָכט פון רכילות און פאַלשקייטן. עס האָט געמסרט איין פּאַרטיי אויף דער צווייטער, אַ מאַן אויף אַ ווייב, אַ ברודער אויף אַ שוועסטער, און דערביי זיינען אַנטדעקט געוואָרן די שענדלעכסטע מעשים און כונות. דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דעם קראַנקהאַפט־צערייצטן הורדוס, און זיין אכזריות האָט זיך ווי־דער פונאַנדערגעקאָכט. ער האָט באַשטימט אַ צוואַנגס־אויספאָרשונג אי־בער דער דינערשאַפט פון די פּרינצן, און נאָך אַ גאַנצער רייע שרעקלעכע עִנויים און פּייניקונגען, האָבן זיי געזאָגט דאָס, וואָס מ׳האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן זאָגן. עס איז איבערגענומען געוואָרן אויך אַלעקסאַנדערס אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך געקלאָגט אויף דער עולה, וואָס דער פאָטער איז קעגן אים באַגאַנגען, און איבערגעגעבן די מלוכה אַנטיפּאַטערן. און זיך שטיצנדיק אויף די באַשולדיקונגען, האָט הורדוס באַפוילן צו אַרעסטירן אַלעקסאַנדערן. דאַן איז געקומען צו לויפן דעם לעצטנס שווער, דער קאַ־פּידאָקייאישער קעניג, אַרכעלאַאוס, און אַ דאַנק זיין דיפּלאָמאַטישער האַל־טונג איז אים געלונגען הורדוסן צו באַרואיקן און ווידער צו שליסן שלום צווישן דעם פאָטער און די זין.

דערווייל, אין דער צייט פון די דאָזיקע אַלע אינעווייניקסטע סכסו־כים און פאַמיליען־אינטריגעס, האָט זיך אָנגערוקט אויף הורדוסן אַ פינצ־טערער וואָלקן גאָר פון אַן אַנדער זייט. דער שכנישער אַראַבישער הערשער סילעאוס, האָט געטראָגן אַ כעס אויף הורדוסן דערפאַר, וואָס דער לעצטער האָט אים נישט געוואָלט געבן זיין שוועסטער סאַלאָמעאַ פאַר אַ ווייב אַנ־דערש, סיידן ער זאָל זיך מגייר זיין; ווען עס האָט זיך דעריבער איצט גע־מאַכט, אַז אַ באַנדע פון די רויבערישע טראַכאָניטן איז אַנטלאָפן פון הורדו־סעס מאַכט און האָט געזוכט שוץ ביי אים אין לאַנד, האָט ער זי אויפגע־נומען און נישט געוואָלט אַרויסגעבן הורדוסעס שלוחים; הורדוס האָט דאַן אַוועקגעשיקט אַ מיליטער־עקספּעדיציע קיין אַראַביע, וועלכע האָט צע־שלאָגן סילעאוסעס מחנה, אָנגעמאַכט אַ חורבן אין לאַנד און אָפּגענומען די טראַכאָניטן. דאָס האָט נאָך שטאַרקער אויפגעקאָכט דעם אַראַבישן הער־שער קעגן הורדוסן, און ער האָט אים פאַרמסרט פאַר אויגוסטן. און דער

לעצטער האָט די מסירה אָנגענומען — ער האָט אָנגעשריבן הורדוסן אַ בייזן בריוו, אין וועלכן ער האָט אים מודיע געווען, אַז פון איצט אָן וועט ער זיך באַציען צו אים נישט ווי צו אַ פריינט, נאָר ווי צו אַ אונטערטע־ניקן פירשט. הורדוס האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, און געשיקט שלוחים צו צעזאָרן, זיך צו פאַרענטפערן; דער לעצטער האָט זיי אָבער נישט אָנ־גענומען, און ערשט דאַן ווען עס איז געקומען צו אים הורדוסעס גריכישער ראַטגעבער, דער באַקאַנטער ניקאָלאַאוס פון דמשק, און האָט אויפגעוויזן דעם הערשער, אַז הורדוס איז נישט אַריבערגעטראָטן די גרענעצן פון זיין מאַכט, — האָט זיך אויגוסט באַפרידיקט און אָנגעשריבן הורדוסן אַ פריינטלעכן בריוו.

אונטער דער צייט האָבן זיך די הויפישע אינטריגעס און פאַלשקייטן אַלץ ווייטער פאַרפלאָנטערט און פאַרוויקלט, און ענדלעך איז צו הורדוסן דערגאַנגען אַ נייע מסירה אויף די חשמונאישע פרינצן, — אַ נייע מסירה וועגן אַ פאַרשווערונג, מיט נייע עדות און נייע צוואַנגס־אויספאָרשונגען, ביי וועלכע די באַשולדיקטע אַליין האָבן דערקלערט, אַז אין קיין פאַרשווע־רונג האָבן זיי זיך נישט באַטייליקט און זיי האָבן נאָר געוואָלט אַנטלויפן פון פאָטערס הויז, ווייל זיי האָבן נישט געקענט מער איבערטראָגן די פיינטלעכע באַציאונג צו זיי. הורדוס האָט דאַן געלאָזן אַרעסטירן די באַ־שולדיקטע זין און אַוועקגעשיקט שלוחים צו אויגוסטן מיט דער בקשה, ער זאָל דערלויבן זיי צו באַשטראָפן. אויף דעם האָט אויגוסט צעזאָר געענט־פערט הורדוסן, אַז ער דערלויבט אים צו באַהאַנדלען די פרינצן, ווי ער אַליין פאַרשטייט, נאָר ער ראָט אים, צו באַשטימען וועגן דער גאַנצער זאַך אַ באַזונדער געריכט, מיט דער באַטייליקונג פון עטלעכע העכערע רוימי־שע באַאַמטע. און אַזאַ געריכט איז ווירקלעך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן; דאָ איז אָבער אויך פאָרגעקומען דאָס אייגענע, וואָס מיט דער באַשולדיק־טער קעניגין: דאָס געריכט האָט געוואָלט צופרידן שטעלן דעם צעקאָכטן הערשער און אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל איבער זיינע צוויי זין. די לעצטע זיינען אויף הורדוסעס באַפעל אַוועקגעפירט געוואָרן קיין שומרון און דאָרט, אין דער זעלביקער שטאָט, וואו ער האָט מיט דרייסיק יאָר צו־ריק געפייערט זיין חתונה־פאַרבינדונג מיט זייער אומגליקלעכער מוטער, — איז אויסגעפירט געוואָרן איבער זיי די שרעקלעכע טויט־שטראָף (7).

הורדוס האָט געמיינט, אַז ער וועט שוין איצט קענען פריי אָפּאָטע־

מען נאָך די אַלע אומרוען און אינטריגעס; ער האָט אָבער געהאַט אַ גרויסן טעות. די פאַרשווערונג קעגן זיינע צוויי זין, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון זיין איצטיקן קרוין־יורש אַנטיפּאַטאַר, איז אייגנטלעך געווענדט געווען אויך קעגן אים אַליין, און די אויסגעפירטע טויט־שטראָף האָט נאָר דער־נענטערט זיין ריי און אים אַליין אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט. אַנטי־פּאַטאָר איז פון הורדוסן באַשטימט געוואָרן ווי טראָנפאָלגער פון יהודה; דער „איבערגעגעבענער" זון האָט זיך אָבער נישט געפילט זיכער מיט דער ירושה, אַזוי לאַנג ווי דער פאָטער האָט געלעבט, און געלעבט האָט ער פאַר אים שוין צו לאַנג; אַנטיפּאַטאַר האָט מורא געהאַט פאַר די קלענערע דריי פּרינצן: אַרכאַלעוס, הורדוס־אַנטיפּאַ און פיליפּ, וועלכע האָבן זיך אויך איצט דערצויגן אין רוים, און געקענט צו יעדער צייט אַרויסטרעטן מיט טענות און תביעות צום אַלטן הערשער, און אויספּועלן ביי אים געוויסע פּריווילעגיעס. דער אדומישער זון האָט איצט דעריבער געשלאָסן אַ נייעם אָפּמאַך מיט הורדוסעס ברודער, פעראָר, לויט וועלכן ביידע האָבן געגנר־מען אויף זיך צו אַרבעטן געמיינזאַם פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זייער פאַרלאַנג — אומצובריינגען דעם אַלטן הערשער.

פעראָרן האָט געשטויסן אויף דעם וועג די פּערזענלעכע שנאה, וואָס ער האָט געפילט צו זיין ברודער צוליב אַ געוויסן סכסוך, וואָס האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק אויסגעבראָכן צווישן זיי, און אָט די שנאה האָט אַנטי־פּאַטאָר אויסגענוצט צו זיין צוועק. דאַקעגן אָבער האָט סאַלאָמעאַ אָפּגע־טיילט זיך פון פעראָרן און איז געבליבן טריי איר קעניגלעכן ברודער; דאָס האָט געצוואונגען די פאַרשוואוירענע זיך שטאַרק צו היטן, און אַזוי ווי אין דער פאַרשווערונג האָבן זיך באַטייליקט אויך אַנטיפּאַטארס מוטער, דאָ־רידאַ, פעראָרס פרוי מיט איר מוטער און שוועסטער, פלעגן זיי באַזונדער אָפּהאַלטן געהיימע זיצונגען. די לעצטע איז געלונגען איבערצוקויפן הורדו־סעס לייב־דינער באַגאָאַס און אויך אַ געוויסן שיינעם יונגנמאַן, קאַרוס, מיט וועלכן דער אַלטער בעל עבירה איז געשטאַנען אין אומנאַטירלעכע גע־שלעכטלעכע באַציאונגען. און די איצטיקע פאַרשווערונג וואָלט זיך זיכער איינגעגעבן, ווען נישט די שאַרפע שפּיאָנען־אויגן פון דער איבערגעגעבע־נער סאַלאָמעאַ, וועלכע האָט אויפמערקזאַם געמאַכט הורדוסן אויף דער געפאַר, וואָס אים שטייט פאַר. ווי עס זעט אויס איז אָבער צום קעניג נישט דערגאַנגען דער גאַנצער פאַרשווערונגס־פּלאַן מיט אַלע זיינע איינצלהייטן,

און פעראָר מיט אַנטיפּאַטאָרן זיינען געבליבן אומבאַשטראָפט. דער קעניג האָט זיי נאָר צעשיידט און אַוועקגעשיקט זיין ברודער אין דער טראַכאָניטן־געגנט הינטערן ירדן, וואו יענער איז שוין לאַנג באַשטימט געוואָרן פון דער רוימישער מאַכט ווי טעטראַרך; אַנטיפּאַטאָר ווידער האָט דאַן געבעטן זיינע רוימישע פריינט, זיי זאָלן זען, אַז הורדוס זאָל אים שיקן קיין רוים, און דער לעצטער, וועלכער האָט אַנטיפּאַטאָרן נישט חושד געווען אין קיין ערנסטער זאַך, האָט אים ווירקלעך אַוועקגעשיקט קיין רוים, כדי צו באַקומען דאָרט די באַשטעטיקונג פון אויגוסט צעזאָר אויף זיין לעצטער צואה, אין וועלכער ער האָט אים, אַנטיפּאַטאָרן, באַשטימט פאַר זיין טראָן־יורש.

דערווייל אָבער איז דאָ פאָרגעקומען עפּעס אומדערוואַרטעטעס און שרעקלעכס. פעראָר איז פּלוצלינג געשטאָרבן, און אַזוי ווי עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער איז געשטאָרבן פון אַ פאַרגיפטונג, האָט הורדוס באַשטימט אַ גענויע אויספאָרשונג וועגן דעם גאַנג פון זיין קראַנקהייט און וועגן די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. און אָט די אונטערזוכונג האָט אַנטדעקט דעם סוד, וועלכן קיינער האָט זיך גאָר נישט געקענט פאָרשטעלן: די באַשולדיקטע פרוי האָט מודה געווען, אַז פעראָר מיט אַנטיפּאַטאָרן צוזאַמען האָבן באַשלאָסן צו פאַרגיפטן דעם קעניג, און דאָס גיפט איז שוין צוגעגרייט געווען, נאָר צום סוף האָט פעראָר חרטה געהאַט; דאַן זיינען שוין געקומען נאָך עדות און אַלע האָבן אויפגעוויזן, אַז אַנטיפּאַטאָר האָט זיך אַ סך מאָל פיינטלעך אויסגעדריקט וועגן זיין פאָטער און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם פּלאַן, אים צו פאַרגיפטן.

די דאָזיקע אַנטדעקונג האָט הורדוסן געטראָפן, ווי אַ דונער. הייסט עס, אַז אָט דער זון, וועלכן ער האָט אויפגעהויבן פון זיין נידעריקייט און באַשטימט פאַר דעם יורש פון דעם יהודהשן טראָן, אַז דער זון, צוליב וועלכן ער האָט זיין שווערד אויפגעהויבן איבער די צוויי זין פון דער אומ־פאַרגעסלעכער חשמונאַישער קעניגין, — אַז אָט דער זון האָט אים געוואָלט אומברענגען! אַ שטורעם האָט אויפגעברויזט אין הורדוסעס ברוסט, און ער איז גרייט געווען אויף שטיקער צו צערייסן מיט זיינע אייגענע הענט דעם פאַררעטערישן זון. ווי קריגט מען אים אָבער צוריק קיין ירושלים? הורדוס איז דעריבער געצוואונגען געווען, אָפּצוגאַרן אַנטיפּאַטאָרן און איב־גאַנצן צו באַהאַלטן פון אים זיין גיפטיקן צאָרן. און דאָס האָט געווירקט: אַנטיפּאַטאָר האָט גאָרנישט געוואוסט פון פעראָרס טויט און האָט זיך גע־

לאָזן פאָרן קיין ירושלים, און ווי נאָר ער האָט איבערגעטראָטן די טיר פון פּאָטערס הויף, האָט אים גלייך באַגעגנט דער תלין מיט זיינע אויסגע־שטרעקטע אָרעמס. אויפן צווייטן טאָג נאָך זיין אָנקומען קיין ירושלים, איז אַנטיפּאַטאָר שוין געשטאָנען פאָרן גרויסן געריכט אונטער דער אָנפירונג פון דעם רוימישן שטעלפאַרטרעטער אין סיריע, קווינטיליוס וואַרוס, וואָס האָט זיך דאָן געפונען ווי אַ גאַסט אין ירושלים. דאָ איז קלאָר דערוויזן געוואָרן דורך אַ גאַנצער ריי עדות אַנטיפּאַטאָרס שולד, און אים איז ניט געבליבן מער צו טון, ווי רחמים צו בעטן ביי זיינע ריכטער. אָט די תחנו־נים האָבן אָבער נישט גערירט אויך קיינעם פון די ריכטער, און דער קאַל־טער, מערדערישער אַנטיפּאַטאָר האָט באַקומען זיין שטראָף. ער איז דער־ווייל געשמידט געוואָרן אין קייטן, און שלוחים זיינען עקסטראַ אָוועקגע־שיקט געוואָרן צו אויגוסט צעזאַר קיין רוים, כדי צו באַקומען פון דעם לעצטן די באַשטעטיקונג אויף דעם טויט־אורטייל, וואָס דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגן איבער דעם יהודהאישן קרוין־פּרינץ.

די דאָזיקע שרעקלעכע איבערלעבונגען און גייסטיקע אומרוען האָבן זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויפן געזונט־צעשטאַנד פון דעם זיבעציק־יעריקן הערשער, און ער איז אַרויף אויף דעם בעט, פון וועלכער ער איז שוין מער כמעט נישט אַראָפּ. הורדוס האָט געפילט, אַז עס רוקן זיך אָן זיי־נע לעצטע טעג, און ער האָט קודם־כל זיך געאיילט אָנצושרייבן אַ נייע פּאָליטישע צוואה, אין וועלכער ער האָט באַשטימט זיין זון הורדוס־אַנטיפּאַ ווי אַ מלוכה־יורש. דאָס איז אָבער נאָך נישט געווען זיין לעצטע אַרבעט — אים איז נאָך באַשערט געווען צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון נאָך אַ פּאָר צענדליק יהודהאישע פּאַטריאָטן און אַרויסצורופן קעגן זיך נאָך טויזנטער גיפטיקע קללות, וואָס האָבן אים שוין באַגלייט ביזן קבר. אַזוי ווי דאָס פאָלק האָט נישט געהאַט קיין ריכטיקע ידיעות וועגן הורדוסעס געזונט־צושטאַנד, האָבן זיך אין שטאָט אַרומגעטראָגן ידיעות, אַז דער קעניג האַלט ביים שטאַרבן אָדער איז שוין געשטאָרבן. דאָס האָט צוגעגעבן מוט אַ קליי־נעם הייפל באַגייסטערטע פּרושים־פּאַטריאָטן, אונטער דער אָנפירונג פון די צוויי געלערנטע און געזעץ־קענער יהודה בן צפּורי און מתתיהו בן מרגלית, און זיי האָבן באַשלאָסן אָפּן צו דעמאָנסטרירן די אומאָפּהענגיקייט פון יהודה און די צוגעבונדנקייט פון אירע זין צו די געזעצן פון דער תורה. צו דעם צוועק האָבן אָט די צוויי געלערנטע צוזאַמען מיט זייער גאַנצער

מחנה תלמידים זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ באַשטימטן טאָג צו די טויערן פון בית־המקדש, און אַראָפּגעריסן פון דאָרטן דעם גאָלדענעם רוימישן אָדלער — דעם סימבאָל פון געצנדינסט און שקלאַפעריי. דערביי האָט זיך דער גאַנצער עולם געפונען אין בית־המקדש, און ווען אַ מחנה פון הורדוסעס סאָלדאַטן איז געקומען צו לויפן אויפן פלאַץ פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע, האָבן גאַנץ ווייניק געפּרואווט צו אַנטלויפן און די צוויי אָנפירער צוזאַמען מיט פערציק פון די תלמידים זיינען געבראַכט געוואָרן פאַר דעם גסיסה־בעט פונעם אייזערנעם הערשער. דאָ האָט אין דעם אויס־גייענדיקן טיראַן נאָך אַ מאָל דערוואַכט דער אינסטינקט פון ווילדער נקמה צוזאַמען מיט דער ליידנשאַפט צו זען פאַרגאָסן מענטשלעך בלוט; עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרהער, און דאָ איז ווידער הורדוסן אויסגעקומען צו הערן אַזאַ טאָן, וועלכן ער האָט זיך געוויס נישט פאָרגעשטעלט צו הערן פון אַ גאַנצער גרופּע יהודהער, אויף דעם זיבן און דרייסיקסטן יאָר פון זיין הערשן אין לאַנד. אויף הורדוסעס פראַגע, צי זיי האָבן געוואַגט אַראָפּצו־רייסן דעם גאָלדענעם אָדלער? ענטפערן די באַשולדיקטע פריי און אָפן: יאָ! אויף זיין צווייטער פראַגע: אויף וועמענס באַפעל? — ענטפערן די זעלביקע: „אויף דעם באַפעל פון אונדזער תורה״, און ענדלעך אויף זיין דריטער פראַגע: פאַרוואָס זיינען זיי פריילעך, ווען זיי שטייט פאַר אַ באַל־דיקער טויט, — האָבן זיי געענטפערט: „ווייל נאָכן טויט דערוואַרט אונדז דאָס גרעסטע גליק״. אַן אויפגעקאָכטער האָט ער זיי אַלע געלאָזן אָפּפירן קיין יריחו, וואו זיי זיינען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייד, און אוי־סער דעם האָט ער נאָך אָפּגעזאָגט פון זיין פאָסטן דעם כהן גדול מתתיהו דערפאַר, וואָס ער האָט דערלאָזן די מאַניפעסטאַציע.

אונטער דער צייט איז פון אויגוסטן אָנגעקומען די דערלויבעניש, אויסצופירן די שטראָף איבער אַנטיפּאַטערן. דער קראַנקער דעספּאָט האָט דערשפּירט דעם טעם פון בלוטיקער נקמה, און איז ווי ביי באַלעבט גע־וואָרן; באַלד האָט אים אָבער די שרעקלעכע קראַנקהייט ווידער באַהערשט, און זיינע יסורים זיינען אַזוי גרויס געווען, אַז ער האָט געכאַפּט אַ מעסער און געוואָלט אַליין זיך דאָס לעבן נעמען. די נאָענטע האָבן אים אָפּגעהאַלטן פון דעם שריט, און אין שטאָט האָבן זיך דערווייל פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער קעניג איז שוין געשטאָרבן; די דאָזיקע קלאַנגען האָבן זיך דער־טראָגן אויך צו אַנטיפּאַטערן אין געפענגעניש, און ער האָט געפּרואווט אונ־

טערקויפן זיין וועכטער, כדי יענער זאָל אים באַפרייען; דער וועכטער האָט אָבער דעם גאַנצן פּלאַן פון דער פאַרשווערונג איבערגעגעבן אין הויף, און דאָס האָט הורדוסן אַזוי אויפגערייצט, אַז ער האָט באַפוילן גלייך אויסצו־פירן די טויט־שטראָף איבער דעם געפאַנגענעם זון, און דאָס לעצטע איז באַלד געשען. דער פאַקט פון טויטן דעם דריטן זון האָט געמאַכט אַן אומ־געהויערן איינדרוק אויך אויסער די גרענעצן פון יהודה, און דער רוימישער הערשער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט שוין בעסער וועלן זיין הור־דוסעס אַ חזיר איידער זיינער אַ זון.

ווי אַ פּועל יוצא פון די אַלע שוידערהאַפטע רציחות זיינען שפּע־טער געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע לעגענדעס וועגן געוויסע באַפעלן, וואָס הורדוס זאָל האָבן אַרויסגעגעבן פאַר זיין טויט. צו די לעצטע געהערט אויך דער כלומרשטער באַפעל, צונויפצוזאַמלען די אָנגעזעענסטע לייט פון יהודה אין איין אָרט און זיי אַלע אויסצוהרגענען אין דעם טאָג פון זיין טויט, כדי דאָס פאָלק זאָל האָבן צו באַוויינען דעם טויט פון זיינע בעסטע קינדער און נישט קאָנען דערווייל אויסדריקן זיין שמחה איבער דעם, וואָס עס איז באַפרייט געוואָרן פון דעם פאַרהאַסטן טיראַן.

אויפן פינפטן טאָג (4 פאַר דער נייער צייטרעכענונג) נאָך דער אויסגעפירטער טויט־שטראָף איבער אַנטיפּאַטאָרן איז הורדוס געשטאָרבן (אויפן ניין און זעכציקסטן יאָר פון זיין לעבן). זיינע קרובים און מילי־טערישע באַאַמטע האָבן מיט אַן אומגעוויינלעכן פּאַראַד איבערגעפירט זיין קערפּער פון יריחו קיין העראָדיום, — די פעסטונג וואָס דער פאַר־שטאָרבענער הערשער האָט פאַר זיין לעבן געלאָזן אויפשטעלן אויף זיין נאָמען צו דרום־זייט פון ירושלים; דאָס פאָלק אליין האָט זיך אָבער אין דעם טרויער נישט באַטייליקט, און אנשטאָט צו באַוויינען דעם טויט פונעם „גרויסן" הערשער, ווי עס האָבן אים גערופן זיינע נישט־יידישע מקורבים, האָבן זיינע יהודהעאישע אונטערטאַנען זיך געקענט פרייען מיט דער ענדע פון דעם „אדומישן עבד", וואָס האָט זיך מיטן בלוט פון פאָלק און זיינע געזעצלעכע פירער דערשלאָגן צו דעם טראָן פון יהודה און גאַנצע זיבן און דרייסיק יאָר עס געשטיקט און מיט די פּיס געטראָטן זיינע הייליקייטן.

## קאַפּיטל צוויי

### ארכעלאַוס און די ערשטע פאָלקס־באַוועגונג

(פון 4 פאַר ביז 6 נאָך דער קריסטלעכער ערא)

דער לאַנג־דערוואַרטעטער טויט פון דעם בלוטיקן דעספּאָט האָט פון דאָס ניי אויפגעוועקט אין פאָלק זיין גאַנצן פאַרביטערטן כעס פאַר די אַלע אכזריותדיקע דריקונגען און באַליידיקונגען, וואָס עס האָט איבערגעטראָגן פון אים אין די יאָרן פון זיין הערשן. הורדוס האָט, אמת, אַ סך אויפגעטאָן פאַרן לאַנד: אין זיין צייט האָט יהודה פאַרנומען דעם זעלביקן שטח, וואָס אין די גליקלעכסטע צייטן פון די חשמונאים; די שטעט זיינען איבערגעבויט און פאַרשענערט געוואָרן; די האַפנס פון ים זיינען פול געווען מיט שיפן פון די פאַרשיידנסטע לענדער און דער האַנדלט האָט געבליט; דער בית־המקדש האָט געשטראַלט אין זיין אומגעוויינלעכער, פּרעכטיקער שיינקייט און האָט דערמאָנט אָן די גליקלעכע צייטן פון דודן און שלמהן, — דעם פ אָ ל ק אַליין האָבן אָבער אָט די אַלע גליקן נאָר גערייצט און פאַרוואונדעט. אַליין אַ דורכגעדרונגענער ליבהאָבער און פאַרערער פון דער גריכיש־רוימישער קולטור מיט אירע קערפּערלעכע אויסגעלאַסנקייטן, מיט איר זינלעכן לעבנסקולט, האָט דער אדומישער הערשער פון יהודה, ביי אַלע זיינע אונטערנעמונגען פאַרן לאַנד, אין זינען געהאַט אייגנטלעך ניט נאָר די אַרוּמיקע, פרעמדע פעלקער, באַזונדערס — די ר ו י מ ע ר; אים האָט געפעלט די די אינערלעכע צוגעבונדנקייט און אַכטונג צו די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פון דעם יהודהשן פאָלק, וואָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך פונקט דעם ה י פ ך פון דער רוימישער וועלטאַנשויאונג; און אים איז אויסגעקומען — אָפּטמאָל אויך קעגן זיין ווילן — אַז צוזאַמען מיט די נוצן ,וואָס ער האָט געבראַכט זיין לאַנד איז געוואַקסן די שנאה צו אים פון דער היימישער באַפעלקערונג. הורדוס האָט רייך געמאַכט יהודה, דערביי האָט ער אָבער אַרויסגעפּרעסט פון

די יהודהער דעם לעצטן טראָפּן פון זייער פאַרהאָרעוועטן פאַרמעגן, כדי צו לאָזן אויפשטעלן אויף זיין רעכענונג געצנדינערישע טעמפלען אין דער גאַנצער מזרח־וועלט; הורדוס האָט פאַרשענערט דאָס לאַנד מיט אַ גאַנצער ריי ניי־אויפגעבויטע שטעט, פעסטונגען, טעמפלען און פּאַ־לאַצן, וואָס האָבן אָבער אַלע געטראָגן די נעמען פון רוימישע מאַכט־האָבער אָדער פון זיינע אייגענע פאַמיליען־מיטגלידער, און אויף אַזאַ אופן פאַרוווּנדעט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל פון פאָלק; דאָס זעלביקע איז פאָרגעקומען אויך מיטן באַנייטן בית־המקדש, אויף וועלכן הורדוס האָט געלאָזן אויפהענגען אַ צייכן פון דער רוימישער מאַכט. צו דעם אַלעמען איז נאָך צוגעקומען די שנאה פון פאָלק צו זיין דעס־פּאָטישן הערשער, וואָס האָט אומגעבראַכט די בעסטע זין פון דער אומה און פיל פון זיי געפייניקט אין געפענגעניש — עס איז נאָך פריש געווען דער רושם פון דעם אכזריותדיקן טויט, מיט וועלכן הורדוס האָט ערשט נישט לאַנג געלאָזן אומברענגען די העלדישע פּאַטריאָטן פאַר זייער דע־מאָנסטראַציע קעגן דעם רוימישן אָדלער.

און אָט, מיט דער שטימונג פון פאָלק איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען דעם נייעם הערשער פון יהודה, אַרכעלאַוסען. הורדוס האָט אויסער די זין, וואָס ער האָט געלאָזן אומברענגען, געהאַט נאָך זעקס זין (פון זיינע צען פרויען) און נאָך די פאַרשידענע צוואות, וועלכע ער האָט שוין געהאַט געשריבן און מבטל געווען, האָט ער אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן געמאַכט נאָך איין שריט, וואָס האָט ווידער געפירט צו פאַמיליען־סכסוכים און מחלוקתן: אַזוי ווי ער האָט נישט גע־פינען צווישן זיינע זין די איינציקע פּאַסיקע פערזאָן, וואָס זאָל זיך קענען אַוועקשטעלן בראש פון דער גאַנצער מלוכה, האָט ער זי צעטיילט אויף דריי פּראָווינצן און זיי איינגעטיילט לויט דעם וויטערדיקן סדר: זיין זון פון דער שומרונערין מאַלטאַקאַ, אַרכעלאַוסן, האָט ער איבערגעגעבן יהודה מיטן טיטל קעניג; דעם צווייטן זון, הורדוס־אַנטיפּאַ — גליל און פּערעאַ, מיטן טיטל טעטראַרך, און דעם יונגסטן זון, פיליפּ — די טעטראַרכיע אויף יענער זייט ירדן, וואָס איז באַשטאַנען פון די ווילד־באַפעלקערטע געגענטן בשן, טראַכאָניטיס און פאַניאַס. ביי דער חלוקה פון יהודה האָט דער אדומי נישט פאַרגעסן אויך אָן די איבעריקע מיטגלי־דער פון זיין פאַמיליע; זיין געטרייער שוועסטער, שלומית, האָט ער אָפּ־

געשריבן די הכנסות פון עטלעכע שטעט, און די ווייטערע קרובים — גרויסע אַרענדעס און באַדייטנדיקע סומעס געלט.

צופרידן מיט דער צוואה איז געבליבן נאָר איין אַרכעלאוס, און די איבעריקע יורשים, צו וועלכע עס איז צוגעשטאַנען אויך די דער־מאָנטע שלומית, האָבן געזוכט צו ווירקן אויף דעם רוימישן הערשער, ער זאָל די צוואה נישט באַשטעטיקן. דאָס האָט באַוואויגן אַרכעלאַוסן, זיך צו פאַרזאָרגן מיט דער שטיצע פון פאָלק, און גלייך נאָכדעם, ווי די אַרמיי האָט אים באַגריסט ווי אַ קעניג, איז ער געקומען קיין ירושלים. דאָ איז ער אָפּגעזעסן „שבעה", און ווען ער איז געקומען אויפן אַכטן טאָג אין בית־המקדש, האָט ער זיך געווענדעט צום פאַרזאַמלטן פאָלק מיט אַ באַגריסונגס־רעדע, אין וועלכער ער האָט אים צוגעזאָגט אַלערליי פרייהייטן און גליקן .דאָס פאָלק האָט זיך אָבער נישט געלאָזט פאַרפירן פון די הבטחות, און האָט אַרויסגעשטעלט דעם קרוין־יורש אַ ריי קלאָר־פאָרמולירטע פאָדערונגען, וועלכע האָבן געזאָלט אינגאַנצן ענדערן דאָס ביז־אַהעריקע רעגירונגס־סיסטעם און עפנטלעך אָנערקענען די רעכט, וואָס דאָס פאָלק האָט, אליין צו באַשטימען זיינע געזעצן און לעבנס־פאָרמען .אין דער ריי פאָדערונגען האָבן זיך געפונען אויך די : צו פאַר־מינדערן די שווערע יערלעכע שטייערן; צו באַפרייען פון יעדן אָפּצאָל די נויטווענדיקסטע לעבנס־פּראָדוקטן; פרייצולאָזן אַלע פּאָליטישע גע־פאַנגענע, וואָס פייניקן זיך אין די ציטאַדעלן און געפענגענישן; שטרענג צו באַשטראָפן די ריכטער, וואָס האָבן אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל איבער די פּאַטריאָטישע צעשטערער פון דעם רוימישן אָדלער און אַראָפּ־צוזעצן פון זיין אַמט דעם פאַרהאַסטן כהן־גדול יועזר.

אַרכעלאוס האָט אויסגעהערט די טענות פון פאָלק און געפּרואווט פאַרציען די זאַך אויף אַ געוויסער צייט; ער האָט דערקלערט די פאַר־זאַמלטע, אַז ער וועט די אַלע פאָדערונגען באַטראַכטן, ווען די רוימישע מאַכט וועט אים באַשטעטיקן ווי אַ הערשער פון יהודה, און דערווייל זאָל דאָס פאָלק בלייבן רואיק. דאָס פאָלק האָט אָבער נישט געוואָלט און נישט געקענט בלייבן רואיק : עס האָט געהאַסט די אדומער און זיך געוואָלט באַפרייען פון זייער גזלנישער הערשאַפט, און ווען די שלוחים פון דעם נייעם הערשער זיינען געקומען צום פאָלק מיט דער דיפּלאָמאַטישער תשובה, זיינען זיי באַגעגנט געוואָרן מיט הילכיקע פיינטלעכע געשרייען

קעגן דער גאַנצער דינאַסטיע פון די אדומישע שקלאַפן. אַלע אכזריות־דיקע באַדריקונגען, אַ רייע גראָבע פאַרלעצונגען ; פון די הייליקסטע יהודהשע געפילן, די גאַנצע פרעמדקייט און פאַראַכטונג בנוגע צו דעם יהודהשן פאָלק און זיין נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס האָט זיך געשפירט אין יעדן שריט פון דעם אדומישן הויף, — אַלץ האָט איצט אויפגעוואַכט אינעם זכרון פון די פאַטריאָטיש צעפלאַמטע פאָלקס־מאַסן, און דער דאָזיקער פאָלקס־צאַרן איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלס דראָענדיקער צוזאַמען דערמיט, ווי עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין ירושלים גרויסע מחנות עולי־רגל (פילגרימען )פון אַלע עקן לאַנד צוליב דעם יום־טוב פסח.

עס האָט געשמעקט מיט אַ פאָלקס־אויפשטאַנד, און אַרכעלאַוס האָט זיך גענומען פאַרן געווער. דער ערשטער בלוטיקער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען ערב פסח, ווען די אומאויפהערלעך־וואַקסנדע פאָלקס־מאַסע האָט אויסגעדריקט איר פראָטעסט קעגן די ארומער אין אַ פייערלעכער מאַניפעסטאַציע. אַרכעלאַוס האָט דאַן אַרויסגעשיקט קעגן די מאַניפעסטאַנטן אַ מחנה סאָלדאַטן; דאָס האָט אָבער נאָכמער אויפגערייצט די פאַטריאָטן, און זיי האָבן באַגעגנט די סאָלדאַטן מיט שטיינער .פון די לעצטע זיינען אַ סך געוואָרן פאַרוואונדעט און די איבעריקע זיינען זיך צעלאָפן; דערמיט האָט זיך אָבער דער צוזאַמענשטויס נאָך נישט געענדיקט. די מאַניפעסטאַנטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין בית־המקדש, וואו זיי האָבן אויף אַ ווײַלע געשטילט זייער צאָרן און זיינען צוגעטרעטן צו דער פייערונג פון דעם „קרבן־פסח”; דאָס האָט דער יונגער אדומי אויסגענוצט און צוזאַמענגענומען אַרום בית־המקדש דאָס גאַנצע מיליטער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער הויפשטאָט. אַ מחנה רייטער־סאָלדאַטן האָט באַוואַכט די אַרויסגאַנג־טויערן און געטויט די אַנטלאָפענע, און אין דער זעלביקער צייט האָט זיך דאָס פוס־מיליטער ארייַנגעריסן אין בית־המקדש און אויסגעהרגעט פון דעם פאַרזאַמלטן פאָלק ביז דריי טויזנט מאַן. גלייך נאָך דער שחיטה האָט אַרכעלאַוס באַפוילן, נישט צו פייערן דאָס יאָר (4) אין גאַנצן דעם יום־טוב פון קרבן פסח, און די טויזנטער אָנגעקומענע עולי־רגל זיינען געצוואונגען געוואָרן, צו פאַרלאָזן די הייליקע שטאָט. אַזוי האָט דער זון פון דעם אדומישן טראָנרויבער געמאַכט זיין ערשטן שריט אויף דעם וועג צו דער קרוין פון יהודה; דאָס פאָלק האָט זיך דאַן נאָך מער איבערצייגט, אַז עס האָט

נישט צו דערוואַרטן קיין גוטס פון הורדוסעס יורשים, און אַרכעלאַוס האָט אויך געזען, אַז ער האָט גאַנץ ווייניק צו רעכענען אויף דער שטיצע פון פאָלק אין זיין קאַמף מיט די איבעריקע יורשים.

און די לעצטע האָבן נישט געשוויגן. די שחיטה אין ירושלים האָט זיי געדינט ווי אַ שטאָף פאַר אַ באַשולדיקונג קעגן אַרכעלאַוסן, און זיי זיינען דערמיט אַוועק קיין רוים, כדי צו ווירקן אויף אויגוסטן. דאָס האָט געצוואונגען אַרכעלאַוסן זיך צו פאָרן פאַרטיידיקן, און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די יהודהשע הויפּטשטאָט. איבערלאָזן די באַפעלקערונג אין דעם צושטאַנד אָן אַ באַדייטנדיקער שמירה האָט ער אָבער מורא געהאַט, און אויף זיין פאַרלאַנג האָט דער רוימישער לעגאַט אין סיריע, קווינטי־ליוס וואַרוס, אַריינגעפירט אין ירושלים איינעם פון די דריי לעגיאָנען, וואָס ער האָט געהאט אין זיין רשות. וואַרוס אליין איז געבליבן אין אַנטיוכיע, וואו ער האָט געהאַט זיין הויפּט־קוואַרטיר, ער האָט נישט געזען אין דער אומרואיקער יהודהשער באַפעלקערונג קיין שום געפאַר פאַר דער רוימישער מאַכט. דערווייל זיינען אָבער אין רוים דערגאַנגען ידיעות וועגן אַן אויפשטאַנד אין ירושלים קעגן די העראָדיאַנער און רוימער, און אויגוסט האָט געפונען פאַר נויטיק צו שיקן קיין יהודה אַ ספעציעלן פּראָקוראַטאָר אויף צוריקצושטעלן די אָרדענונג אין לאַנד. דער לעצטער, אַ געלט־גיריקער און אכזריותדיקער אַדמיניסטראַטאָר, מיטן נאָמען סאַביניוס, איז אָנגעקומען קיין ירושלים גלייך נאָך אַרכע־לאַוסעס אָפּפאָרן; דאָ האָט ער פאַרנומען דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און גע־וואָלט באַקומען אין זיינע הענט די קעניגלעכע רייכטימער און די אוצרות פון בית־המקדש, און אזוי ווי דאָס האָט זיך אים לייכט נישט איינגעגעבן, האָט ער געזוכט פאַרשידענע מיטלען, אַרויסצורופן כאָטש וועלכן ס'איז אויפשטאַנד פון פאָלק. און אויף דעם האָט ער נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן: זיין אכזריותדיקע באַציאונג צו דער באַפעלקערונג פון יהודה איז דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט, אַז ביים פאָלק איז ענדלעך רעכט געוואָרן אַרויסצוטרעטן אין אַן אָפענעם קאַמף קעגן דעם מעכטיקן גאַרניזאָן פון די באַדריקערס.

דאָס איז געווען אינם יום־טוב שבועות. מחנות פון טויזנטער עולי־רגל האָבן ווידער פאַרפלייצט די גאַסן פון דער הייליקער הויפּטשטאָט און ווידער איז דאָס האַרץ פון פאָלק צעפלאַמט געוואָרן פון די באַדרי־

קונגען, גזירות און באַליידיקונגען, וואָס עס הערט נישט אויף אויסצו־שטיין פון דער געצנדינערישער מאַכט. אַ שטראָם פון ווילדער פאַר־צווייפלונג האָט באַהערשט די גאַנצע מחנה פּאַטריאָטן און, ווי פון זיך אַליין, זיינען אויסגעוואַקסן פירער, וועלכע האָבן איינגעטיילט די מאַ־ניפעסטאַנטן אין דריי אָפּטיילונגען: איינע האָט פאַרנומען דעם היפּאָ־דראָם, אַ צווייטע — דעם בית־המקדש און די דריטע האָט זיך באַפעס־טיקט אַרום דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ אין דעם העכערן טייל פון שטאָט, וואו עס האָט זיך געפונען סאַביניוס. דער לעצטער האָט זיך דאַן דער־שראָקן פאַר די יהודהשע רעוואָלוציאָנערן, און האָט זיך אַרויפגעקליבן אויף דעם הויכן פּאַזאַעל־טורעם; זיינע סאָלדאַטן האָט ער אָבער באַ־פוילן אָפּצושלאָגן די אַטאַקע פון די פּאַטריאָטן, און ביי די ווענט פון בית־המקדש איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקע שלאַכט. די פּאַטריאָטן האָבן פאַרנומען די דעכער פון די אויסערלעכע בית המקדש־גאַלעריעס און פון דאָרטן באַמבאַרדירט די רוימער מיט קוילן און שטיינער; דאַן האָבן די לעצטע אונטערגעצונדן די גאַנצע ריי פון זיילן און באַלד איז די אויסערלעכע געביידע פון בית־המקדש געשטאַנען אינגאַנצן אין פלאַמען.

העלדישע קעמפער זיינען פאַרברענט געוואָרן אונטער די פאַלנ־דיקע חורבות, און יענע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון פייער, זיינען אומגעקומען פון די רוימער. און מער האָבן די לעצטע נישט געדאַרפט: זיי האָבן זיך גלייך אריינגעריסן אין בית־המקדש, וואו זיי האָבן גע־רויבט און געגנבעט אומגעשטערט, און דער „העלדישער" סאַביניוס, וועלכער האָט איצט אויך שוין געוואָגט זיך צו באַטייליקן אין דער „קריגס־אָפּעראַציע", האָט אָוועקגערויבט פאַר זיך אַליין פון דער בית־המקדש־קאַסע — פיר הונדערט טאַלאַנטן.

די דאָזיקע שענדונג פון דעם הייליקן טעמפּל האָט אַריינגעגעבן נאָך מער עקשנות און פאַרצווייפלונג די געבליבענע פּאַריאָטישע קעמ־פער. זיי האָבן באַלאַגערט דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, אונטערגעלייגט מי־נעס אונטער די טורעמס, און געדראָעט די באַלאַגערטע, (צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אויך סאַביניוס) און זיי געוואָרנט, זיך אונטערצו־געבן. צו די רעוואָלוציאָנערן איז צוגעשטאַנען אויך אַ טייל פון הורדוסעס אַרמיי, און סאַביניוסן איז צוגעזאָגט געוואָרן פולשטענדיקע אומבאַריר־לעכקייט, אויב ער וועט אַרויסגיין מיט זיינע סאָלדאַטן און פאַרלאָזן

ירושלים. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך אָנצופּאַרטרויען די, וואָס האָבן פון אים אַזוי פיל געליטן, און באַשלאָסן זיך צו באַפעסטיקן אין דעם ציטאַדעל פון פּאַלאַץ, ביז וואַרוס וועט אים קומען צו הילף.

און אין גאַנצן לאַנד האָט דערווייל געהערשט אַ פולשטענדיקע אַנאַרכיע. די מאַכט פון די רוימער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן אויף אַ קורצער צייט, און ביי דער פאַרביטערטע רשנאה, וואָס די פאָלקס־מאַסן האָבן געטראָגן אין האַרצן צו די רוימער און צו דער העראָדיאַנישער דינאַסטיע, איז גאַנץ לייכט אָנגעקומען פאַרשיידענע „העלדן", צונויפּ־צוזאַמלען אַרום זיך גאַנצע מחנות „אומצופרידענע"; און אַזוי האָט כמעט יעדער ווינקל פון לאַנד געהאַט אַ באַזונדערן אויפשטאַנד, מיט אַ באַזונדערן אָנפירער און אויך — מיט גאַנץ באַזונדערע צילן. הורדוסעס אַ געוועזענער שקלאַף, אַ געוויסער שיינער און העלדישער מאַן מיטן נאָמען ש מ ע ו ן, איז געשטאַנען בראש פון אַ מחנה קעמפער, וואָס האָט אים אָנערקענט פאַר אַ קעניג, און ער האָט פאַרברענט דעם שיינעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, וואָס הורדוס האָט געלאָזן אויפבויען אין יריחו. אַ צווייטן קעניגלעכן פּאַלאַץ אין ליוויאַס, נישט ווייט פון ירדן, האָט פאַרברענט אַן אַנדער אָנפירער, וואָס איז אויך געשטאַנען בראש פון אַן אייגענער מחנה. אַ דריטע גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון דעם געוועזענעם פּאַסטוך אַ ט ר אָ נ ג ע ס מיט זיינע פיר ברידער, האָט אויך אָרגאַניזירט אַ קאַמפּס־מחנה, וואָס איז באַפאַלן די רוימער און האָט זיך העלדיש געשלאָגן מיט זיי. און אַזוי איז דאָס גאַנצע לאַנד געוועזן איין גרויס שלאַכט־פעלד; שטעט זיינען חרוב געוואָרן, בלוט האָט זיך געגאָסן טייכנווייז. דאָס גאַנצע פרידלעכע לעבן איז געוואָרן געשטערט, און אין דעם אַלעמען איז נישט געווען קיין זין און קיין סיסטעם און קיין אייניקייט — די אַנאַרכיע האָט געוועלטיקט.

אין דעם כאַאָס פון אייגננוציקע אויפשטאַנדן און ווילדע מהומות האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אמתער ליבע צום פאָלק נאָר איינער פון די אַלע פּראָווינציעלע רעוואָלוציאָנערן. דאָס איז געווען אַ זון פון דעם גאַלילעער חזקיה, וועלכן הורדוס האָט געהאַט געטויט פאַר זיין אויפ־שטאַנד קעגן די רוימער, מיטן נאָמען י ה ו ד ה. אָט דער י ה ו ד ה ה ג ל י ל י (פון גליל) האָט צוזאַמענגענומען אַרום זיך אַ מחנה באַ־גייסטערטע ערלעכע פּאַטריאָטן און מיט זיינע אָנפאַלן אויף די רוי־

מישע און העראָדיאַנישע סאָלדאָטן האָט ער די לעצטע געבראַכט נישט
ווייניק שאָדן. ער איז באַפאַלן די שטאָט צפורי, פאַרנומען דאָס גאַנצע
געווער, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם דאָרטיקן קעניגלעכן אַרסענאַל
און דערמיט באַוואָפנט זיין מחנה, וועלכע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן
גרעסער און פּאָפּולערער.

ענדלעך האָט זיך אָבער ווארוס דערוואוסט פון די אַלע אומרוען,
און ער האָט מאָביליזירט דאָס גאַנצע רוימישע מיליטער, וואָס ער האָט
געהאַט אין זיין רשות (איבער צוואַנציק טויזנט מאַן). צו דער מחנה
זיינען נאָך צוגעקומען אַ גרויסע צאָל אַראַבישע סאָלדאָטן פון דעם
שכנישן נאַבאַטעאישן קעניג, וועלכער האָט איצט באַקומען אַ גינסטיקע
געלעגנהייט ,זיך נוקם צו זיין אין יהודה פאַר דער מפלה, וואָס ער האָט
געהאַט, ווען ער האָט זיך געשלאָגן מיט הורדוסן. דער מאַרשרוט פון
וואַרוסעס אַרמיי איז געווען דורך גליל; דאָ האָט זיך צעפלאַקערט אַ
בלוטיקע שלאַכט פאַר דער שטאָט צפורי צווישן די רוימישע סאָלדאָטן
און אַ מחנה פּאַטריאָטן, אונטער דער אָנפירונג פון יהודה הגלילי. דער
קאַמף האָט זיך געענדיקט מיט דעם נצחון פון די רוימער: יהודה מיט
זיין מחנה איז אַנטלאָפן, די שטאָט איז אינגאַנצן געוואָרן פאַרברענט
און די איינוואוינער זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן. דעם זעל־
ביקן גורל האָט געהאַט אויך די שטאָט חמת (עמאָוס), וואו עס האָט
געהערשט דער אָנפירער אַנטראָנגעס, און אויך דער לעצטער איז אַנט־
לאָפן מיט אַ גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג. פון דאָרטן האָט זיך
וואַרוס אַוועקגעלאָזט קיין שומרון, וואו די באַפעלקערונג האָט זיך איי־
גנטלעך נישט באַטייליקט אין קיין אויפשטאַנד; די רוימישע סאָלדאָטן
האָבן דאָ דערפאַר קיינעם פון דער באַפעלקערונג נישט אָנגערירט, באַר
דער אַראַבישער אַוואַנגאַרד האָט געראַבעוועט און חרוב געמאַכט אַלץ,
וואָס ער האָט באַגעגנט אויף זיין וועג.

אין ירושלים גופא האָט ווארוס שוין נישט געהאַט קיין סך אַרבעט.
ווען זיי האָבן געזען די אומגעהייערע מאַכט פון דעם רוימישן לעגאַט האָבן
זיך די פּאַטריאָטישע קעמפער דערשראָקן און אין גאַנצן אויפגעגעבן די
באַלאַגערונג. די אָנגעקומענע רעוואָלוציאָנערן פון דער פּראָווינץ זיינען
זיך צעלאָפן יעדערער אין זיין היים און די איינוואוינער פון דער הויפּט־
שטאָט האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער רעוואָלוציע. דאָס האָט פונדעסטוועגן

נישט אָפּגעהאַלטן דעם זיגער פון באַשטראָפן די באַזיגטע: וואָרוס האָט פונאַנדערגעשיקט קליינע מיליטער־אָפּטיילונגען איבערן גאַנצן לאַנד, און אויף אַזאַ אופן איז אים געלונגען צו פאַנגען ארום צוויי טויזנט פּאַט־ריאָטן, וועלכע ער האָט געלאָזן אויפהענגען. דער באַפרייטער סאַבינוס איז אויך אַנטלאָפן גלייך פון ירושלים — ער האָט מורא געהאַט, וואָרוס זאָל אים נישט באַשטראָפן פאַר זיינע אומגעזעצלעכקייטן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ערשטער אויסברוך פון דעם יהודהשן פאָלקס־צאָרן — דער אויסברוך, וואָס איז געווען ווילד און סטיכיש, ווי דער צאָרן פון פאָלק אַליין, און האָט מער פון אַלעמען געבראַכט נוצן דער רוימישער מאַכט. די רוימער האָבן איצט נאָך מער פאַרפעסטיקט זייער פּאָזיציע אין יהודה, אַזוי אַז דאָס לאַנד האָט זיך שוין פאַקטיש געפונען אונטער דער דירעקטער הערשאַפט פון רוים.

דאָס לעצטע האָט, אגב, איצט ווייניק געשראָקן דאָס פאָלק — אַזוי טיף איז געווען די שנאה, וואָס עס האָט געטראָגן אין האַרצן צו דער דינאַסטיע פון די בלוטיקע אדומער. זאָלן שוין בעסער די רוימער אַליין הערשן איבערן לאַנד, אַבי נישט די אדומישע „עבדים" — אַזוי האָבן אין יענער צייט געטראַכט די בעסטע קינדער פון פאָלק, און אַזוי ווי זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז אין רוים ווערט איצט באַשטימט דער גורל פון יהודה צוליב דעם סכסוך איבער הורדוסעס צוואה, האָט דאָס פאָלק אַוועקגעשיקט אַהין אַ דעפּוטאַציע פון פופציק אָנגעזעענע יהודהער. די לעצטע האָבן זיך משתדל געווען פאַר דעם רוימישן מאַכטהאָבער, אַז ער זאָל דערקלערן יהודה פאַר איינער פון די סירישע פּראָווינצן, וואָס געפינען זיך אונטער דער אויבערשטער הערשאַפט פון רוים און ווערט איבערלעך פאַרוואַל־טעט פון פאָלק אַליין. דאָס איז פאָרגעקומען אין דעם באַרימטן פּרעכטיקן אַפּאָלאָ־פּאַלאַץ, וואו די יורשים פון דעם „גרויסן" הורדוס זיינען גע־שטאַנען פאַרן טראָן פון דעם רוימישן הערשער און געבעטלט די קרוין פון יהודה. פאַר דעם צווייטן יורש, הורדוס־אַנטיפּאַ, איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ שיינער פאַרטיידיקונגס־רעדע דער יונגער אַנטיפּאַטאָר, שלומיתעס זון. ער האָט באַשולדיקט אַרכעלאָוסן אין פאַרשידענע אומגעזעצלעכע מעשים און אים דערביי פאַרגעוואָרפן אויך דאָס, וואָס ער האָט זיך שוין דערלויבט צו שפּילן אין יהודה די ראָל פון אַ דעספּאָטישן הערשער און געלאָזן אויסהרגענען דריי טויזנט מאַן, נאָך איידער די רוימישע מאַכט

האָט אים באַשטעטיקט ווי אַ קעניג. דאַן איז אַרויסגעטרעטן אַרכעלאַוסעס פּאַרטיידיקער, דער באַקאַנטער ניקאָלאַוס פון דמשק, און האָט זיך פּאַררופן אויף די גרויסע פאַרדינסטן פון דעם פאַרשטאָרבענעם הורדוס בנוגע צו דער רוימישער מאַכט; ער האָט אויך באַשטעטיקט, אַז הורדוס האָט גע־שריבן די לעצטע צוואה מיטן פולן פאַרשטאַנד. און ווען דער פּאַרטיידיקער פון אַרכעלאַוס האָט זיך נאָך דער רעדע אַראָפּגעלאָזן פאַרן הערשער אויף די קני, האָט אים דער לעצטער געהייסן אויפשטיין און געזאָגט, אַז ער אנערקענט אים פאַר ווירדיק צו טראָגן אַ הערשער־טיטל. דערמיט איז אָבער דער ירושה־סכסוך נאָך אַלץ נישט אויסגעגליכן געוואָרן, און אויף דער צווייטער פייערלעכער זיצונג, וואָס איז ווידער פאָרגעקומען אין דעם זעלביקן פּאַלאַץ, זיינען אַרויסגעטרעטן מיט זייערע טענות די שלוחים פון דעם יהודהשן פאָלק. זיי האָבן זיך געקלאָגט פאַר דער רוימישער מאַכט אויף דעם גאַנצן סיסטעם פון הורדוסעס הערשן און געשילדערט די פינצ־טערע ווירקלעכקייט פון יהודה: הורדוס האָט טיראַניזירט דאָס לאַנד, אומ־געבראַכט די בעסטע זין פון פאָלק, ארויסגעפּרעסט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון דער באַפעלקערונג, אויסגעלאַכט און פאַרלעצט די הייליקסטע טראַ־דיציעס פון דער נאַציע און דערצו נאָך אַריינגעבראַכט אין דער פרומער יהודה אויסגעלאַסנקייטן און אפיקורסות; און דער יורש פון דעם אדומישן דעספּאָט, אַרכעלאַוס, האָט זיין ערשטן שריט גלייך דורכגעווייקט מיטן בלוט פון פאָלק — די שרעקלעכע שחיטה אין בית־המקדש איז נאָך אַי־בערגעשטיגן הורדוסעס אכזריותן; זאָל־זשע דער רוימישער הערשער אין גאַנצן באַפרייען יהודה פון דער פאַרהאַסטער נישט־יהודהשער דינאַסטיע און דאָס פאָלק וועט זיך אַליין אייגאָרדענען זיינע אינערלעכע אָנגעלעגנ־הייטן, אונטער דער אויבערשטער השגחה פון אַ רוימישן פּראָקוראַטאָר.

קעגן די טענות פון די יהודהשע פאָלקס־פאָרטרעטער איז ווידער אַרויסגעטרעטן דער דערמאָנטער סיריש־גריכישער באַשיצער פון דעם אדומישן טראָן־יורש. ער האָט פאַרזיכערט די פאָרשטייער פון דער רוי־מישער מאַכט, אַז די קעגנער פון הורדוסעס דינאַסטיע זיינען אויך פאַר־ביסענע קעגנער פון דער רוימישער אויבער־הערשאַפט און אַז דאָס יהודה־שע פאָלק וועט כסדר מאַכן רעוואָלוציעס און איבערקערעניש, כדי אַראָפּ־צעוואָרפן פון זיך אין גאַנצן דעם רוימישן יאָך; דער רוימישער אָדלער אין

יהודה מוז דעריבער האָבן אַזאַ איבערגעגעבענע באַשיצנדיקע קראַפט, ווי עס איז הורדוסעס בעסטער זון, אַרכעלאַוס.

און די פאַרטיידיקונג האָט געווירקט: אויגוסט האָט אויך אנערקענט, אַז הורדוסעס יורשים קענען טאַקע דינען ווי איבערגעגעבענע באַשיצער פון די רוימישע אינטערעסן, און האָט באַשטעטיקט דעם לעצטנס צוואה (3). לויט דעם באַשלוס זיינען אַרכעלאַוסן איבערגעגעבן געוואָרן די געביטן יהודה, שומרון און אדום מיטן טיטל עטנאַרך (נישט קעניג); דעם צווייטן יורש, הורדוס־אַנטיפּאַ — די געביטן גליל און פּערעאַ מיטן טיטל טעט־ראַרך. און דער דריטער, פיליפּ, האָט באַקומען די טעטראַרכיע, וואָס איז באַשטאַנען פון די געגנטן טראַכאָניטיס און בשן. די הכנסות פון די שטעט: יבנה, עזה און פּאַזאַעליד זיינען אויך באַשטעטיקט געוואָרן פון קייזער פאַר הורדוסעס שוועסטער.

די האָפענונג פון פאָלק, באַפרייט צו ווערן פון דער פיינטלעכער די־נאַסטיע, איז אַלזאָ ווידער געוואָרן צעשוואומען, און דער ערגסטער פון די פאַרבליבענע אדומער, אַרכעלאַוס, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער שפּיץ פון יהודה. דאָס איז געווען הורדוסעס אַ זון מיט אַלע פעלערן פון פאָטער, נאָר אָן זיין גרויסקייט און דיפּלאָמאַטישער געשיקטקייט. ווי הורדוס, האָט ער אויך אויף יעדן טריט און שריט באַליידיקט די רעלי־גיעזע און נאַציאָנאַלע געפילן פון פאָלק, און אויך זיין בליק איז שטענדיק געווען געווענדט נאָר אין דער זייט פון רוים. ניין יאָר האָט אַרכעלאַוס געהערשט איבער יהודה (פון 4 פאַר ביז 6 נאָך דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג) און פאַר דער קורצער צייט האָט ער באַשטימט און אַראָפּגע־זעצט דריי כהנים גדולים; צוליב פּאָליטישער נישט־כשרקייט איז דער כהן גדול יועזר פאַרביטן געוואָרן מיט זיין ברודער אליעזר, און דער לעצ־טער האָט ווידער געמוזט אָפּטרעטן זיין פּלאַץ אַ געוויסן יהושע פון דער פאַמיליע שת. אַרכעלאַוס האָט טיף פאַרוואונדעט די רעליגיעזע געפילן פון פאָלק אויך מיט אַן אַקט פון זיין פּריוואַט־לעבען: ער האָט חתונה געהאַט מיט דער קאַפּאַדאָקייאישער פּרינצעסן גלאַפירא, די אלמנה פון זיין געהרגעטן שטיף־ברודער אַלעקסאַנדער (דעם זון פון הורדוסן מיט דער חשמונאישער קעניגן מרים), פון וועלכן זי האָט געהאַט קינדער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס לויט דעם יהודהשן געזעץ איז אַזאַ פאַרבינדונג שטרענג פאַרבאָטן. דאָס פאָלק האָט אים די עבירה נישט געקענט מוחל

זיין, און ווען די זעלביקע גלאַפּירא איז אין אַ קורצער צייט ארום געשטאָרבן, איז עס אויסגעטייטשט געוואָרן פון די ברייטע מאַסן ווי אַ צייכן פון הימל: פאַרן טויט איז געקומען צו איר אין חלום דער געשטאָרבענער אַלעקסאַנדער, האָט איר געמוסרט דערפאַר, וואָס זי לעבט אומגעזעצלעך מיט זיין ברודער, און אָנגעזאָגט, אַז ער וועט זי אין גיכן נעמען צו זיך, אויף יענער וועלט.

צוליב די אַלע מעשים איז כסדר געוואַקסן די שנאה פון פאָלק צו דעם אדומישן הערשער; דער לעצטער האָט זיך אָבער דערמיט גאַנץ ווייניק גערעכנט. ער האָט נישט אויפגעהערט צו דריקן דאָס פאָלק און ארויסצופּרעסן פון אים וואָס מער שטייערן, כדי צו קענען באַפרידיקן זיין ליידנשאַפט צו בויען, וואָס ער האָט גערירשנט פון פאָטער צוזאַמען מיט זיינע איבעריקע אייגנשאַפטן. ער האָט געלאָזט צוריק אויפשטעלן אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ אין יריחו, אנשטאָט דעם, וואָס די רעוואָלוציאָנערן האָבן געהאט פאַרברענט, דער פּאַלאַץ איז ארומגעפלאַנצט געוואָרן מיט פעניצישע פּאַלמען און מיט דער צייט האָט זיך דאָ אויסגעפורעמעט אַ נייער ישוב אונטערן נאָמען אַרכעלאַאיד.

דאָס פאָלק האָט אָבער דערווייל נישט אויפגעהערט צו בויען פאַרשידענע פּלענער, מיט דעם צוועק, זיך צו באַפרייען פון דעם פאַרהאַסטן הערשער, און ענדלעך, ווען צו די יהודהער זיינען צוגעשטאַנען די שומרונער, וועלכע האָבן אויך געקרעכצט אונטערן שווערן יאָך פון דעם אדומישן דעספּאָט, איז בייביידע באַפעלקערונגען באַשלאָסן געוואָרן, זיך געמיינזאַם צו באַקלאָגן אויף אים פאַר זיין רוימישן געביטער. עס איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אַ דעפּוטאַציע פון יהודהשע און שומרונישע בירגער, און זייערע טענות זיינען געווען אַזוי איבערצייגנדיק, אַז דער רוימישער הערשער האָט גלייך אַרויסגערופן אַרכעלאַוסן צו זיך. דער לעצטער איז געקומען; ער איז אָבער נישט אומשטאַנד געווען זיך רייניצוואַשן פון די אַלע באַשולדיקונגען, וואָס די פאָלקס־שלוחים האָבן אים געשליידערט אין פּנים און ער האָט באַקומען זיין שטראָף: דער נעכטיקער הערשער פון יהודה איז פאַרטריבן געוואָרן, ווי אַ פאַרברעכער, אין דער גאַלישער שטאָט וויענאַ (6 נאָך קריסט.). אין דער זעלביקער צייט האָט יהודה דערלעבט אַ נקמה אויף איר אין איר צווייטן „באַרואיקער“, וואַרוס; ער איז אויף אויגוסטס באַפעל אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין גערמאַניע און

דאָרט איז ער, צוזאַמען מיט זיינע אויסגעוויילטע רוימישע לעגיאָנען, אומ־געקומען אין דער באַרימטער שלאַכט מיט גערמאַנען.

אַזוי אַרום האָט יהודה דערגרייכט דעם פאַרלאַנגטן „נצחון", — דעם נצחון, וואָס האָט אייגנטלעך נאָר פאַרענדיקט דעם פּראָצעס פון איר אונ־טערגאַנג. יהודה האָט איצט פאַרלוירן דעם לעצטן שפּור פון איר פּאָלי־טישער זעלבסטשטענדיקייט, און איז אינגאַנצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוימישער פּראָווינץ, וואָס ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ רוימישן פּראָקו־ראַטאָר. די טעטראַרכיעס פון הורדוס־אַנטיפּאַ (גליל און פּערעאַ) און פיליפּ (טראַכאָניטיס און בשן) זיינען דערוויילּ פאַרבליבען אין זייער ביזהעריקער לאַגע, נאָר די שטעט, וועלכע האָבן לויט דער צואה, געהערט צו הורדוסעס שוועסטער, זיינען איצט פאַררעכנט געוואָרן ווי פּריוואַט־אייגנטום פון דעם רוימישן הערשער, ווייל שלומית אַליין האָט זיי פאַר איר טויט אָפּגע־שריבן דער קייזערן ליוויאַ.

# קאַפּיטל דריי

## די ערשטע רוימישע פּראָקוראַטאָרן

עס הייבט זיך אָן אַ נייע, שרעקלעכע צייט פאַר יהודה — דער גוסס האָט פּלוצלונג דערשפּירט, אַז זיינע לעצטע שעהן האָבן געשלאָגן, און ער שטרענגט אָן אַלע זיינע כוחות און פּרואווט זיך ראַנגלען מיטן טויט. יהודה האָט זיך אַליין אַריינגעוואָרפן אין די אָרעמס פון איר רוימישן באַשיצער. רוים האָט אָבער געהאט גאַנץ אַנדערע באַגריפן פון שוץ און רעכט, און באַשיצן יהודה האָט ביי איאר געהייסן — עס דערשטיקן. די יהודהער פון יענער עפּאָכע זענען, ווי ס'ווייזט אויס, גאַנץ ווייניק באַקאַנט געווען מיטן גרונט־כאַראַקטער פון דעם רוימישן מלוכה־וועזן, און זיי האָבן גע־גלויבט, אַז צוזאַמען דערמיט, ווי יהודה וועט אַרונטערפאַלן אונטער דער צענטראַלער רוימישער מאַכט, וועלן אַלע פונקציעס פון דער אינערלע־כער פאָלקס־פאַרוואַלטונג איבערגיין אין די הענט פון פאָלק, און רוים וועט זיך איבערלאָזן נאָר די אויבערשטע השגחה איבערן לאַנד, וואָס וועט זיך ווייניק אָנזען אין לאַנד גופא; דאָס איז אָבער געווען אַ טאָפּלטער טעות: די אויבערשטע הערשאַפט פון רוים האָט זיך ווירקלעך נאָך גאַנץ שוואַך געשפּירט אין אַלע אירע איבעריקע אונטערגעוואָרפענע פּראָווינצן, און זי האָט זיי געגעבן די ברייטסטע אויטאָנאָמיע; פאַר דער אונטערגע־וואָרפענער יהודה האָט זי אָבער געמוזט האָבן אַ גאַנץ באַזונדער מאָס־שטאַב, ווייל די יהודהשע באַפעלקערונג האָט, לויט איר וועזנטלעכן גייסט און כאַראַקטער, נישט געקענט אַרויסווייזן בנוגע דער געצנדינערישער מאַכט די אָפּיציעלע לאָיאַליטעט (אונטערטעניקייט), וואָס עס האָבן איר אַרויסגעוויזן אַלע אַנדערע פעלקער. דאָס יהודהשע פאָלק, ווי אַן אָפּגע־שלאָסענער עלעמענט, מיט באַזונדערע אייגנשאַפטן, מיט אַ באַזונדערן גייסט און מיט אַן אייגענער געטלעך־אידעאַלער וועלט־אנשויאונג, — האָט זיך געמוזט באַציען מיט אַ געוויסער פאַראַכטונג צו דער גאַנצער געצנדי־נערישער גרויסקייט פון די זיגער און מאַכטהאָבער, און אין דער צייט, ווען אַלע איבעריקע פעלקער פון דער מעכטיקער אימפּעריע האָבן זיך

כמעט אָן אַ שום קאַמף אונטערגעוואָרפן דעם איינפלוס פון איר געטער־ און קייסער־קולט, האָט יעדע פּראָבע פון אַזאַ מין השפעה אין יהודה אַרויס־ גערופן אַ בלוטיקן אויפשטאַנד און איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ געפאַר פאַר דעם קיום פון דער אומה. ביי אַזאַ פאַרהאַלטן זיך פון דעם אונטער־ געוואָרפענעם פאָלק בנוגע צו דער אויבערשטער הערשאַפט זיינען די קאָנ־ פליקטן געווען אומפאַרמיידלעך, און דאָס האָט דעם פאַרטרעטער פון דער מאַכט שטענדיק געגעבן די מעגלעכקייט, פאַקטיש אויסצואיבן אַלע זיינע אויבערשטע רעכט און צו ווערן פאַרן לאַנד — אַ זעלבסטשטענדיקער דיקטאַטאָר.

דער צענטער פון דער יהודהשער פאַרוואַלטונג איז איצט געוואָרן קסריה, וואו עס האָט זיך באַזעצט דער רוימישער פּראָקוראַטאָר. ער האָט געהאט די אויפגאַבע צו האַלטן די אָרדענונג אין לאַנד, איינמאָנען די פאַרשידענע שטייערן און צו קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון די יהודהשע געריכט־אנשטאַלטן, — אַ פונקציע, וואָס האָט כמעט אינגאַנצן פאַראַלי־ זירט די טעטיקייט פון דער יהודהשער יוסטיץ און פאַרקלענערט די פּאָליטישע באַדייטונג פונעם סנהדרין.

כדי צו שיצן די אויבערשטע רעכט פון רוים אין דער אונטערגעוואָרפענער פּראָווינץ, האָט דער פּראָקוראַטאָר געהאט אין זיין רשות אַ באַדייטנדיקע מיליטערישע מאַכט, וואָס איז געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. אין ירושלים האָט זיך דער שטענדיקער רוימישער גאַרניזאָן אויפגעהאַלטן אין דער פעסטונג אַנטאָניוס אויפן הר הבית (בית המקדש באַרג) און אין די גרעסערע יום־טובים, ווען עס פלעגן זיך צונויפקומען אַ סך עולי־רגל אין דער הויפּטשטאָט און די מאַכט האָט מורא געהאַט פאַר אומרוען, איז דער פּראָקוראַטאָר אַליין אויך געקומען קיין ירושלים מיט זיין מיליטערישער סוויטע. אין אַזעלכע טעג פלעגן די רוימישע סאָל־ דאַטן פאַרנעמען די גאַלעריעס ארום בית־המקדש, כדי אויף אַזאַ אופן צו היטן די „אָרדענונג", און גאַנץ אָפט האָט די דערשיינונג גופא פון באַ־ וואָפנטע געצנדינער אויף דער שוועל פון דעם פאַרהייליקטן נאַציאָנאַלן טעמפּל — ארויסגערופן בלוטיקע אומרוען און צוזאַמענשטויסן.

נאָך מער דריקנדיק און שרעקלעך פאַרן פאָלק איז געווען די פונקציע פון איינמאָנען די שטייערן. לויט דעם רוימישן סיסטעם זיינען די שטייערן געווען טאָפּלטע: ערד־שטייערן און קאָפּ־שטייערן. דערצו זענען נאָך צו

געקומען אַ מאַסע אומדירעקטע אָפּצאָלונגען, וואָס פלעגן אויפגעמאָנט ווערן נישט דורכן פּראָקוראַטאָר און זיינע אַגענטן, נאָר דורך אַרענדאַ־טאָרן, וואָס פלעגן דאָס אָפּדינגען פון דער רעגירונג און נעמען פאַר זיך אין מאָנאָפּאָל די אָפּגעצאָלטע לעבנס־פּראָדוקטן. פון די דאָזיקע טאָפּלטע שווערע אָפּצאָלונגען האָט די באַפעלקערונג ביז אַהער גאָרנישט געוואוסט, און זי האָט זיך אין אָנהויב באַצויגן צו דעם גאַנצן צינדז־סיסטעם, ווי צו אַ געוויסער פאָרעם פון שקלאַפעריי: קיינער איז נישט קיין בעל־הבית איבער זיך, און די קעפּ, די ערד און דאָס פאַרמעגן פון אַלע בירגער געהערן צום רוימישן קייזער, וועלכער קען מיט זיי טון וואָס ער וויל. די חוכרים (אַרענדאַטאָרן, מוכסניקעס) זיינען שרעקלעך פאַרהאַסט געווען ביים פאָלק. זיי ווערן אומעטום געשילדערט ווי די שענדלעכסטע באַשעפענישן און דאָס געזעץ האָט אַפילו נישט אנערקענט זייער עדות־זאָגן און זייער שווערן.

אַזוי ווי זי האָט געוואוסט די באַדייטונג פון דער כהונה־גדולה, וועל־כע איז געווען דער צענטער פון דער יהודהשער גייסטיקער מאַכט, האָט די רוימישע מלוכה געלאָזן פאַר זיך אויך דאָס רעכט צו באַשטימען אַ כהן גדול. דער פּראָקוראַטאָר פלעגט זיך, נאַטירלעך, רעכענען דערביי מיט די אינטערעסן פון רוים, און כדי זיכער צו זיין אין זיין רעכט, האָט ער אַלע כהונה־גדולה קליידער און די אַנדערע גייטיקע מכשירים פון דער יום־טובדיקער עבודה אין בית־המקדש איבערגעגעבן אין רשות פון דעם רוי־מישן פעסטונג־קאָמענדאַנט אין ירושלים, וואָס האָט זיי געדאַרפט אַרויס־געבן אויף יעדן יום־טוב און גלייך נאָך יום־טוב צוריק באהאלטן.

דאָס זיינען געווען די פונקציעס, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגע־דריקט די אויבערשטע הערשאַפט פון רוים בנוגע דער אונטערגעוואָרפע־נער יהודה. דאָס פאָלק האָט נישט געוואוסט אין אָנהייב אָפּצושאַצן די אמתע באַדייטונג פון די זכיות, וואָס די רוימישע מאַכט האָט זיך איבער־געלאָזן, און האָט זיך באַצויגן צו זיי נאָכגעביק; גלייך אָבער ביי דעם ערשטן שריט, וואָס רוים האָט געמאַכט צו רעאַליזירן אירע זכיות און זיי איינצופירן אין לעבן, — האָט דאָס פאָלק געטון אַ ציטער. אויגוסט האָט באַשטימט פאַר אַ פּראָקוראַטאָר איבער יהודה אַ געוויסן קאָפּאָניוס, און אין דער זעלביקער צייט האָט ער באַפוילן דעם רוימישן פאַרוואַלטער פון סיריע, סולפּיציוס קווירינִיוס, ער זאָל איינפירן אין יהודה דעם רוימישן צענז, ד״ה איינאָרדענען אַן אלגעמיינע פאָלקס־ציילונג און אַן אויספיר־

לעכע אָפּשאַצונג פון די אומבאַוועגלעכע גיטער אין לאַנד, כדי צו קענען באַשטימען דערנאָך די קאָפּ־ און ערד־שטייערן, וואָס דאַרפן פון איצט אָן איינגעמאָנט ווערן פאַר דער רוימישער מלוכה־קאַסע. און אָט, ביי דער דאָזיקער פאָלקס־ציילונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון דעם רוימישן געזעץ, איז גלייך פאָרגעקומען אַ שטאַר־קער צוזאַמענשטויס צווישן די ברייטע יהודהשע פאָלקס־מאַסן און דער רוימישער מאַכט. די יהודהער האָבן נישט געוואָלט מיטן גוטן ווילן פאַר־שקלאַפן זיך מיט זייער פאַרמעגן ביי דעם רוימישן הערשער, און די פאַר־שטייער פון פאָלק האָבן אָנגעווענדט אַ סך מי, כדי צו באַרואיקן די סאַסן און זיי אָפּצוהאַלטן פון אַקטיווע ארויסטרעטונגען קעגן די מאַכטהאָבער. אין ירושלים גופא האָט דאָס געטון דער כהן־גדול יועזר, און איהם האָט זיך ווי ס׳איז איינגעגעבן, דאָס פאָלק צו באַרואיקן; אין דער פּראָווינץ איז אָבער די אויפרעגונג געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און באַזונדער האָבן זיך אין דער הינזיכט אויסגעצייכנט די גלילער, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט צו קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון פאָטערלאַנד.

דאָ האָט דער באַרימטער פּאַטריאָטישער העלד יהודה הגלילי זיך פאַראייניקט מיט איינעם פון די פּרושים־קנאים, צדוק, און צוזאַמען האָבן זיי געגרינדעט די פּאַרטיי זעלאָטן (קנאים, פאַנאַטיקער), וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע, אַקטיוו צו קעמפן מיט דער רוימישער מאַכט פאַר דער באַפרייאונג פון יהודה. געקעמפט האָבן אָט די קנאים־רעוואָלו־ציאָנערן אין גאָטס נאָמען; זיי האָבן אויסגעטייטשט די באַגריפן פון דער תורה אין דעם זין, אַז נאָר גאָט אַליין באַזיצט די הערשאַפט און נאָר אים אַליין דאַרף מען זיין אונטערטעניק. יעדער איז דעריבער פאַרפליכ־טעט מקריב צו זיין אַלץ, וואָס ער באַזיצט: זיין פאַרמעגן, זיין פאַמיליע און אַפילו אויך זיין לעבן, כדי צו באַקעמפן יענע קראַפט, וואָס פאָדערט פון יהודה, אַז זי זאָל איר זיין אונטערטעניק. גאָט איז דער האַר און געביטער פון יהודה און זיין תורה איז די יהודהשע קאָנסטיטוציע — דאָס איז געווען דער דעוויז פון די זעלאָטן, און זייער איינפלוס איז גע־וואַקסן צוזאַמען דערמיט, ווי דער יאָך פון די רוימער האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן שטאַרקער און דריקנדיקער אין דעם אַלטעגלעכן לעבן פון פאָלק.

צו אונדז זיינען נישט דערגאַנגען קיין מקורות וועגן דעם, מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דער קאָנפליקט צווישן קווירינויסן און די רעוואָ־

לוציאַנערן פון גליל, און בכלל ווייסן מיר גאַנץ ווייניק, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יהודה אין יענער צייט; עס איז באקאנט נאָר דער פאַקט, אַז אין דער צייט פון קאָפּאָניוסן האָבן די אַלטע יהודהשע שונאים, די שומרונים, געפונען אַ געלעגנהייט, זיך נוקם צו זיין אין יהודה דערפאַר, וואָס דער חשמונאי יוחנן הורקנוס האָט געלאָזן אַמאָל צעשטערן זייער טעמפּל אויפן באַרג גריזים. דאָס איז פאָרגעקומען פסח ביינאַכט, ווען די טויערן פון בית־המקדש זיינען אינגאַנצן געווען אָפן, האָבן זיך אַרייַנגעריסן אַהין עטלעכע שומרונים און פונאַנדערגעוואָרפן אין די אינעווייניקסטע עזרות ביינער פון אַ טויטן מענטשן, מיטן צוועק מטמא צו זיין דעם בית־המקדש. פון דאַן אָן האָבן די כהנים פאַרשטאַרקט די שמירה ארום בית המקדש און געזאָרגט דערפאַר, אַז קיין זייטיקע מענטשן זאָלן אַהין נישט אַרייַנדרינגען.

נאָך קאָפּאָניוסן האָט פאַרנומען די שטעל פון אַ פּראָקוראַטאָר איבער יהודה אַ געוויסער מאַרק אַמביוויוס (9) און דער האָט אָפּגעטרעטן זיין פּלאַץ איינעם מיטן נאָמען אַניוס רופוס (12—15).

אין 14־טן יאָר נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכענונג איז געשטאָרבן אויגוסט, און יהודה צוזאַמען מיט צענדליקער אַנדערע פּראָווינצן פון דער רוימישער אימפּעריע, איז געלעגן פאַר די פיס פון זיין אַדאָפּטירטן זון טיבעריוס. אונטער זיין הערשאַפט האָט יהודה אַביסל אָפּגעאָטעמט פרייער: ער האָט פאַרלייכטערט די משא פון די שווערע אָפּצאָלונגען און באַשטימט פאַר אַ פּראָקוראַטאָר איבער יהודה אַ געוויסן וואַלעריוס גראַטוס, וועלכן ער האָט איבערגעלאָזן אויף דעם פּאָסטן גאַנצע עלף יאָר (15—26). טיבעריוס האָט גוט געקענט דעם כאַראַקטער פון די רוימישע פּראָווינציעלע מושלים, און פלעגט זאָגן: „טרייב נישט אָפּ די פליג, וואָס האָט זיך שוין זאַט אָנגעטונקען מיט דיין בלוט — עס וועלן קומען אַנדערע, הונגעריקע פליגן און זיך נעמען אויפּסניי זויגן און אויסזויגן דיין בלוט ביזן לעצטן טראָפּן". ער האָט דעריבער מבטל געווען דעם סיסטעם פון בייטן אָפט די „פליגן", און אַז ער האָט געשיקט אַ נייעם פּראָקוראַטאָר אין דער פּראָווינץ, האָט ער אים עטלעמע מאָל איבערגעחזרט, אַז „אַ גוטער פאַסטוך שערט זיינע שעפּסן, אָבער שינדט נישט אָפּ די פעל פון זיי".

פאַר די עלף יאָר פון גראַטוסעס הערשן אין יהודה זיינען דאָרט, ווי ס'ווייזט אויס, נישט פאָרגעקומען קיין באַזונדערע געשעענישן; דער רוי־

מישער פּראָקוראַטאָר האָט נאָר ברייט אויסגענוצט זיין רעכט, צו באַ־שטימען אַ כהן־גדול און פאַר זיין צייט האָבן זיך געביטן גאַנצע פינף כהנים גדולים: ענן, ישמעאל בן פבי, אליעזר (ענגס זון), שמעון בן קמחית און יוסף כיפא. דער לעצטער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן אַ לאַנגע צייט, נישט קוקנדיק אויף דעם — און אפשר גראָד צוליב דעם — וואָס ער איז פאַרהאַסט געווען ביים פאָלק פאַר זיין שטרענגקייט און האַרטהאַרציקייט.

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקער צוזאַמענשטויס צווישן יהודהער און דער רוימישער מאַכט אויף דעם באָדן פון גלויבן. דאָס איז געשען אין רוים גופא, וואו עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו שפּירן די ווירקונג פון דער יהודיש־העלעניסטישער ליטעראַטור; אין דער לעצ־טער זיינען הייס פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרן די עטיש־מאָנאָטעאיסטישע יסו־דות פון יידנטום, און צווישן די פיל אַנדערע רעליגיעזע אַנשויאונגען פון דער מזרח־וועלט האָט דער ווילד־פרעמדער, מיסטישער עקסטאַז פון דעם יהודהשן קולט געמאַכט אַ באַזונדער שטאַרקן איינדרוק אויף די העכערע שיכטן פון דער רוימישער געזעלשאַפט. רוימישע אַריסטאָקראַטן האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן שטאַרקע נייגונגען צו דעם יהודהשן גלויבן, און ווען עס איז פאָרגעקומען אַזאַ פאַל מיט דער פרוי פון דעם רוימישן סענאַטאָר סאַטורניוס, פולוויאַ, און זי האָט דורך עטלעכע רוימישע יהודהער גע־שיקט אַפילו רייכע מתנות פאַרן בית־המקדש אין ירושלים, האָט טיבעריוס גענוצן אין דעם אַ רעזולטאַט פון דער אַגיטאַציע, וואָס עס פירט די יהודה־שע באַפעלקערונג אין רוים קעגן דעם אָפיציעלן רוימישן קולט. ער האָט דאַן געלאָזן אַרויסטרייבן פון רוים אַלע יהודהשע איינוואוינער צוזאַמען מיט די גרים, און אַדאַנק דער עצה פון זיין מיניסטער סעיאַן, זיינען פיר טויזנט יהודהער פאַרשיקט געוואָרן אויף דער אינדזל סאַרדיניע, אויף צו קעמפן מיט די דאָרטיקע רויבער־באַנדעס (19). דאָס איז געווען די ערשטע פאַרפאָלגונג, וואָס די יהודהער האָבן געהאַט איבערצוטראָגן אויסער די גרענעצן פון זייער לאַנד ספּעציעל פאַר זייער גלויבן.

גראַטוסעס נאָכפאָלגער איז געווען פּאָנטיוס פּילאַטוס, אַ מענטש מיט אַן אומגעווייינלעך אכזריותדיקער נאַטור, וואָס זיין נאָמען איז פאַר־שריבן געוואָרן מיט שאַנד און פאַראַכטונג נישט בלויז אין דער געשיכטע פון יהודה. פון אַלע פּראָקוראַטאָרן, וואָס האָבן געהערשט איבער יהודה פאַר אים, איז ער געווען דער ערשטער, וואָס האָט געוואַגט אָנצוגרייפן

די עמפּינדלעכסטע זייט פון דעם יהודהשן נאַציאָנאַלן גייסט, דאָס רע־ליגיעזע געפיל. ביז אים האָבן די פאַרטרעטער פון דער רוימישער מאַכט זיך גערעכנט מיט די פאַרהייליקטע באַגריפן פון דעם יהודהשן פאָלק, און אַזוי ווי זיי האָבן געוואוסט ווי שטרענג עס איז לויט דעם יהודהשן גלויבן פאַרבאָטן יעדע זאַך ,וואָס האָט נאָר עפּעס אַ שייכות צו דער פאַרערונג פון אַ מענטשן אָדער אַ מענטשלעכער אָפּבילדונג, — האָבן זיי פאַרבאָטן זייערע סאָלדאַטן־אָפּטיילונגען צו טראָגן איבער די גאַסן פון ירושלים די מיליטערישע פאָנען, אויף וועלכע עס האָט זיך געפונען די אָפּבילדונג פון דעם רוימישן הערשער; די דאָזיקע שוינונג פון דעם רעליגיעזן פאָלקס־געפיל האָט זיך פּראַקטיצירט אין דער גאַנצער צייט, זינט יהודה איז אַרונ־טערגעפאַלן אונטער דער רוימישער הערשאַפט, און אַפילו די מטבעות, וואָס זיינען דאָ געגאָסן געוואָרן, האָבן אויך געהאַט אויף זיך נאָר דעם נאָמען פון קייסער, אָבער נישט זיין בילד. אויף אַזוי פיל איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז אַפילו דער מינדעסטער אויסדרוק פון דעם רוימישן „קייסער־קולט" האָט קיין פּלאַץ נישט דאָרט, וואו עס הערשט דער קולט פון אַן אַבסאָלוטן, איין־איינציקן גאָט.

פּילאַטוס האָט אָבער גאַנץ אַנדערש פאַרשטאַנען זיין אויפגאַבע ווי אַ פּראָקוראַטאָר. ער האָט איבערגענומען דעם פּאָסטן אין דער צייט, ווען דער קייסער מיטן סענאַט צוזאַמען האָבן געציטערט פאַר דעם דערמאָנטן יהודהער־פיינט סעיאַן, און ער האָט אויסגעטייטשט זיין אויפגאַבע אין דעם זין, אַז יהודה מוז איינגאַנצן באַזיגט ווערן. נישט שווייגן דאַרף מען דאָס רעליגיעזע געפיל פון די פאַרעקשנטע יהודהער, נאָר רייצן, און דערביי מוז מען דאָס גאַנצע לאַנד האַלטן אין דער מורא. און ער האָט זיך גענומען דורכפירן אָט די אויפגאַבע מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט פון זיין נאַטור; באַלד איז אים אָבער אויסגעקומען זיך צו איבערצייגן, אַז ס׳איז לייכטער צו באַזיגן צען שטאַרקע פעלקער, ווי צו באַהערשן דעם איינציקן גייסט פון די דאָזיקע „באַרבאַרישע" יהודהער.

אין אַ געוויסער נאַכט האָט פּילאַטוס געלאָזן אַריינפירן קיין ירושלים אַ מיליטער־אָפּטיילונג מיט דער פאָן, אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען דאָס קייסער־בילד. ווען די איינוואוינער פון שטאָט האָבן דערזען די פאָן, זיינען זיי געוואָרן פאַרציטערט. שלוחים פון פאָלק זיינען גלייך אַוועקגע־לאָפן קיין קסריה, און האָבן געבעטן דעם פּראָקוראַטאָר, ער זאָל צונעמען

די בילדער פון דער הייליקער הויפּטשטאָט. גאַנצע פינף טעג זיינען זיי נישט אָפּגעטראָטן פון זיין פּאַלאַץ און האָבן נישט אויפגעהערט אים צו באַשטורעמען מיט זייער בקשה. ער האָט זיי אָפּגעזאָגט און דערקלערט, אַז צונעמען די קייסער־בילדער פון דער הויפּט־שטאָט, וואָלט געהייסן: באַליידיקן דעם קייסער. אויפן זעקסטן טאָג, ווען ער האָט געזען, אַז די יהודהער טרעטן נישט אָפּ פון זיין פּאַלאַץ, האָט ער זיי צוזאַמענגענומען אויף איין פּלאַץ, אָפּגעשלאָסן אים פון אַלע זייטן מיט סאָלדאַטן, האָט ער געדראָט די באַלאַגערטע מיטן טויט, אויב זיי וועלן זיך נישט אָפּ־זאָגן פון זייער פאַרלאַנג; אַ שטורעם פון הייסע פּראָטעסטן איז געווען דער ענטפער אויף זיין פאָדערונג, און ווען די סאָלדאַטן זיינען שוין גרייט גע־ווען זיך אַרויפצוּוואַרפן אויף די „ווילדע יהודהער", האָבן זיך די לעצטע געלייגט אויף דער ערד און אויסגעשטרעקט די העלדזער, און דערקלערט, אַז זיי ווילן גיכער שטאַרבן, איידער צוזען, ווי די הייליקע שטאָט ווערט פאַרשוועכט. די דאָזיקע גייסטיקע שטאַרקייט האָט באַזיגט דעם באַזי־גער: פּילאַטוס האָט באַפוילן אַרויסצופירן די קייסער־בילדער פון ירושלים.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט פּילאַטוס ווידער געפּראָוווט צוטרעטן צו דעם זעלביקן פּונקט, נאָר פון אַן אַנדער זייט. ער האָט געלאָזן איינפירן קיין ירושלים די גאָלדענע פאַנצערן, אויף וועלכע ס'איז געווען אויסגע־קריצט דעם קייזערס נאָמען, און זיי אַוועקגעשטעלט אינעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, וואו דער פּראָקוראַטאָר מיט זיין סוויטע פלעגט זיך אויפהאלטן, ווען ער איז געקומען אין דער הויפּטשטאָט. דאָס איז אויך געטון געוואָרן נאָר כדי צו רייצן דאָס פאָלק, און ווען אַ דעפּוטאַציע פון דער העכערער געזעלשאַפט האָט אים געבעטן, ער זאָל די פאַנצערן צונעמען פון ירושלים, האָט ער איר אָפּגעזאָגט. די לעצטע האָט זיך דאַן באַקלאָגט אויף פּילאַ־טוסן פאַר טיבעריוסן אַליין, און ער האָט באַפוילן מ'זאָל די פאַנצערן צו־ריק אַוועקפירן קיין קסריה, אין דעם דאָרטיקן אויגוסט־טעמפּל.

נאָך צען יאָר ליידן (26—36) איז יהודה באַפרייט געוואָרן פון דעם מערדערישן פּראָקוראַטאָר, און ווידער איז דאָס געשען אַדאַנק דעם צופאַל, וואָס ער האָט זיך פאַרטשעפּעט אויך מיט די שומרונים. ביי די לעצטע איז צו יענער צייט אויפגעשטאַנען אַ געוויסער משיח אָדער נביא, וואָס האָט צוזאַמענגענומען אַ גרויסע צאָל שומרונים אין דעם דאָרף טיראַט אַבאַ, און האָט זיי צוגעזאָגט אויסצוגעפינען אויפן באַרג גריזים די היי־

ליקע כלים פון דעם משכן וואָס האָט עקזיסטירט אין משהס צייטן. פּילאַטוס, וועלכער האָט אין יעדער גרעסערער פאָלקס־פאַרזאַמלונג גלייך געזען אַן אויפשטאַנד קעגן רוים, האָט אַרומגערינגלט די פאַרזאַמלטע מיט סאָלדאַטן און געלאָזן הרגענען די פאַרגעמסטע פון זיי (36). דאָס האָט אויפגערעגט קעגן אים אַלע שומרונים און זיי האָבן זיך געקלאָגט אויף אים פאַר וויטעליוסן, דעם רוימישן לעגאַט אין סיריע. וויטעליוס האָט דאַן אַוועקגעשיקט פּילאַטוסן קיין רוים, זיך פאַרטיידיקן פאַר טיבעריוסן, און פון דאָרטן איז ער שוין מער צוריק נישט געקומען.

וויטעליוס האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער געניגטקייט צו יהודה און האָט נישט בלויז געשוינט די געפילן פון פאָלק, נאָר אויך זיך באַצויגן צו זיי מיט אַ געוויסער אַכטונג. ווען ער פלעגט קומען קיין ירושלים האָט ער אַליין געלאָזן ברענגען אַ קרבן אין בית־המקדש, און אויסער די קלע־נערע פאַרלייכטערונגען, וואָס ער האָט געמאַכט דעם פאָלק בנוגע שטייערן און נאָך אַזעלכע זאַכן, האָט ער באַפרייט יהודה פון אַ שווערער באַליי־דיקונג, וואָס האָט אַנגעגריפן אי איר נאַציאָנאַלן כבוד, אי איר רעליגיעזן געפיל: ער האָט צוריק איבערגעגעבן אין בית־המקדש די כהונה־גדולה־קליידער און די איבעריקע מכשירים פון דער עבודה, וועלכע זיינען ביז אַהער געלעגן אונטערן שלאָס אין דער פעסטונג אַנטאָניוס און פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן פון דעם רוימישן קאָמענדאַנט נאָר אויף איבער יום־טוב. וויטעליוס האָט אויך אַראָפּגעזעצט פון זיין אַמט דעם פאָלקס־פאַר־האַסטן כהן־גדול יוסף כיפא און באַשטימט אויף זיין פּלאַץ אַ געוויסן יהונתן פון דער משפחה ענן.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין יהודה גופא, דאָס הייסט אין דעם טייל פון לאַנד, וועלכן די רוימער אַליין האָבן באַהערשט; אין די קאַנט־פּראָווינצן דאַקעגן, דאָרט וואו עס האָבן נאָך געהערשט די יורשים פון דעם אדומישן קעניג, האָט זיך דער באַפעלקערונג געלעבט פיל רואיקער. ביידע טעטראַרכן, הורדוס־אַנטיפּאַ אין גליל און פּערעאַ, און פיליפּ אין טראַכאָניטיס און בשן, זיינען, ווי באַוואוסט, געווען אונטערגעוואָרפן דער רוימישער מאַכט; דאָרט האָט זיך אָבער די דאָזיקע מאַכט גאַנץ שוואַך געשפּירט און די פּראָווינצן זיינען כמעט אין אַלע הינזיכטן געווען פולקאָם אומאָפּהענגיק פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג. דאָס איז געשטאַנען אין ענגן צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס די טעטראַרכן אַליין זיינען גע־

ווען מער רוימער, ווי יהודהער, און אין זייער אַדמיניסטראַטיווער טע־טיקייט האָבן זיי שטענדיק אין זינען געהאט די אינטערעסן נישט פון דעם באַהערשטן פאָלק, נאָר פון דער רוימישער מאַכט. די באַפעלקערונג פון די דאָזיקע פּראָווינצן איז אויך נישט אומעטום געווען אַ יהודהשע; אַזוי איז פיליפּס טעטראַרכיע, וואָס איז באַשטאַנען פון די געביטן: בשן, טראַ־כאָניטיס, גולן און פּאַנעאַס, כמעט אין גאַנצן געווען באַזעצט מיט סירישער און גריכן.

פיליפּ האָט אויך גערשהנט פון זיין פאָטער די ליידנשאַפט צו בויען און פאַר דער צייט פון זיין הערשן זיינען אין דער קליינער מלוכה צוגע־קומען עטלעכע נייע שטעט. דעם ישוב פּאַנעאַס, ביים ירדן, האָט ער גע־לאָזן איבערבויען און פאַרגרעסערן און האָט אים אַ נאָמען געגעבן קסריה (קייסער); כדי אונטערצושיידן די שטאָט פון דער האַפנשטאָט קסריה, וואָס הורדוס האָט געלאָזן אויפבויען, האָט ער גערופן קסריה־פיליפּי. ער האָט איבערגעבויט אויך די שטאָט בית־צידה און זי אָנגערופן יוליאַדאַ, אויפן נאָמען פון אויגוסטס טאָכטער.

אין דער הינזיכט פון קעמפן און בלוט פאַרגיסן איז אָבער פיליפּ גאָרנישט ענלעך געווען צו זיין פאָטער. גאַנצע זיבן און דרייסיק יאָר האָט ער געהערשט איבער דער פּראָווינץ, וואָס די רוימישע מאַכט האָט אים אָנפאַרטרויט און אין דער גאַנצער צייט איז די מנוחה פון דאָרטיקע איינוואוינער קיין איינציק מאָל נישט געוואָרן געשטערט. אַז ער איז ארומ־געפאָרן איבערן לאַנד האָט ער מיטגעפירט מיט זיך זיין ריכטער־שטול, און ווען מ׳האָט זיך צו אים אין וועג געווענדעט מיט וועלכן ס׳איז סכסוך, האָט ער זיך גלייך אַוועקגעזעצט אויפן שטול, אויסגעהערט די טענות פון ביידע בעלי־דברים און אַרויסגעטראָגן זיין אורטייל. געשטאָרבן איז ער אין 34־טן יאָר נאָך דער נייער צייטרעכענונג, און אַזוי ווי ער האָט נאָך זיך נישט איבערגעלאָזן קיין יורש, איז די טעטראַרכיע איבערגעגעבן גע־וואָרן, לויט טיבעריוסעס באַפעל, אינעם רשות פון דעם רוימישן פאַר־טרעטער אין סיריע, ווי אַ טייל פון דעם סירישן געביט.

מער יהודהאיש לויט איר געאָגראַפישער לאַגע און לויט דעם פּאַר־נעם פון דער באַפעלקערונג איז געווען די טעטראַרכיע פון הורדוסעס צווייטן יורש, הורדוס־אַנטיפּאַ. אין זיין טעטראַרכיע זיינען אַריינגעגאַנגען די פּראָווינצן גליל און פּערעאַ; פון זיי איז די ערשטע געווען אינגאַנצן

באַפעלקערט מיט פּאַטראָטישע יהודהער, וועלכע האָבן אָפט פאַרקערט מיט זייעדע ברידער פון יהודה און הייס געשטיצט יעדע באַוועגונג פאַר דער באַפרייאונג פון דעם פאַראייניקטן לאַנד.

ווי זיין פאָטער און זיינע ברידער, האָט אויך אַנטיפּאַ געהאַט אין זיך גאַנץ ווייניק יהודהשעס, און אויך זיין אידעאַל איז געווען, וואָס מער נושא חן צו זיין אין די אויגן פון די רוימער. זיין ערשטע אַרבעט איז גע־ ווען, אָפּצובויען צוריק די שטאָט צפורי, וועלכע וואַרוס האָט געהאט צע־ שטערט אין זיין קאַמף מיט יהודה הגלילי. ער האָט די שטאָט פאַרגרע־ סערט און באַפעסטיקט און געמאַכט פאַר זיין רעזידענץ; באַלד אָבער האָט ער אָנגעהויבן בויען אַ נייע שטאָט אויף דעם וואונדערשיינעם ברעג פונעם ים כנרת, און ווען טיבעריוס איז אַרויף אויף דעם רוימישן טראָן, האָט ער די שטאָט אָנגערופן אויף זיין נאָמען: טיבעריאַס (טבריה) און געוואָלט אַהין אריבערטראָגן זיין הויפּט־קוואַרטיר. ער האָט געוואָלט ארי־ בערציען אין דער נייער הויפּטשטאָט וואָס מער איינוואוינער. די פרומע יהודהער האָבן אָבער אַהין נישט געוואָלט אריינקומען, ווייל זיי האָבן דאָרט געפונען ביינער פון מענטשלעכע קערפּערס און דאָס האָט געהייסן, אַז זיי ווערן אַלע טמא און קענען נישט אָפּהיטן די טהרה ביים עסן (חולין בטהרה). דער טעטראַרך האָט דעריבער געמוזט באַזעצן זיין הויפּטשטאָט מיט אַ פרעמדער, אָנגעלאָפענער באַפעלקערונג, און ווען די שטאָט איז ענדלעך געוואָרן באַוואוינט, האָט ער דאָרט געלאָזן אויפשטעלן פאַר זיך אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט פאַרשידענע פיגורן: אַן אַקט, וואָס האָט אויך שטאַרק באַליידיקט דעם רעליגיעזן געפיל פון פאָלק.

מיט דער רוימישער מאַכט איז אַנטיפּאַ געשטאַנען אין די בעסטע באַציאונגען, און ווען עס איז פאָרגעקומען אַמאָל, אַז דער נאַבאַטעאישער קעניג איז אַרויסגעטרעטן קעגן אים מיט געווער און ער איז געווען צו שוואַך זיך צו שיצן, האָט טיבעריוס באַפוילן דעם רוימישן פאַרוואַלטער פון סיריע, וויטעליוסן, ער זאָל מיט זיין גאַנצער מיליטערישער מאַכט אַרויסטרעטן צו הילף דעם טעטראַרך פון גליל. פאָרגעקומען איז דער צו־ זאַמענשטויס איבער אַ ראָמאַנטישן צופאַל: אַנטיפּאַס ערשטע ווייב איז געווען די טאָכטער פון דעם דערמאָנטן נאַבאַטעאישן קעניג; ער האָט אָבער מיט איר נישט לאַנג געלעבט בשלום, און ווען ער איז איין מאָל

געפאָרן קיין רוים, האָט ער זיך אויפן וועג פאַרליבט אין דער פרוי פון זיין שטיף־ברודער הורדוס, וועלכער האָט געלעבט אין קסריה ווי אַ פּריוואַט־מאַן. די פרוי, הורדיה, אַ טאָכטער פון דעם געהרגעטן אַריסטאָבול, האָט אים אויך געליבט, און אויף זיין פאַרלאַנג האָט זי פאַרלאָזן דעם מאַן, פון וועלכן זי האָט שוין געהאט געבוירן אַ טאָכטער, און חתונה געהאט — קעגן דעם יהודהשן געזעץ — מיטן געליבטן. דאַן איז אַנטיפּאַס ערשטע ווייב אַנטלאָפן צו איר פאָטער ארעטוס און אין גיכן איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקער קאַמף צווישן די מחנות פון דעם אַראַבישן שווער מיט זיין יהודהשן איידעם, אַ קאַמף וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אנטיפּאַס מפּלה. ער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט אונטערגעבן און געבעטן שטיצע ביי זיין רוימישן באַשיצער, און ווי אַן ענטפער אויף דעם, האָט וויטעליוס באַקומען דעם באַפעל, אַרויסצוטרעטן מיט זיין מיליטער קעגן אַרעטוס. וויטעליוס האָט באַשטימט דעם מאַרשרוט פאַר זיינע לעגיאָנען פון עכו (פּטאָלאָמעאוס) דורך יהודה קיין גליל; דאָ האָט ער זיך אָבער ווידער אָבגעשטויסן אָן דער פראַגע וועגן די פאָנען מיט די קייסער־בילדער, און ווען אַ דעפּוטאַציע פון יהודה האָט זיך געווענדט צו אים און געבעטן, ער זאָל דאָס מאָל אויך שוינען דעם רעליגיעזן געפיל פון פאָלק, — האָט ער גע־ענדערט דעם מאַרשרוט און געפירט זיינע סאָלדאַטן פון יענער זייט ירדן, און נישט אַריינגעקומען מיט זיי אין יהודה גופא.

פון דער מיליטערישער עקספּעדיציע איז, אגב, גאָרנישט געוואָרן. עס איז אָנגעקומען פּלוצלינג די ידיעה וועגן טיבעריוסעס טויט (37), און וויטעליוס האָט זיך געמוזט אומקערן קיין אַנטיוכיע.

# קאַפּיטל פיר

## דאָס לעבן אין יהודה און אין תפוצות הגולה

יהודה האָט פאַרלוירן איר זעלבסטשטענדיקייט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוימישער פּראָווינץ מיט אַ רוימישער פאַרוואַלטונג (פריער אין דער געשטאַלט פון דער אדומישער דינאַסטיע און דערנאָך — פון אַ רוימישן פּראָקוראַטאָר). און די פרעמדע מאַכט האָט זיך מיט דעם נאָמען אַליין נישט באַגניגנט: זי האָט אַריינגענומען אין אירע הענט אַלע געביטן פון דעם יהודהשן פאָלקס־לעבן און זיך באַמיט אַרויפצולייגן אויף זיי איר שטעמפּל. די יהודהשע געריכט־טעטיקייט איז אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ רוימישער קאָנטראָל; פאַר אַ כהן גדול איז באַשטימט געוואָרן נישט דער, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן פון פאָלק, נאָר יענער, וואָס האָט נושא חן געווען ביי דעם רוימישן מאַכטהאָבער; די יהודהשע שטעט זיינען פאַר־פּוצט געוואָרן מיט מאָנומענטן פון הויכגעשטעלטע רוימער; די ניי אויפגע־שטעלטע הייזער און פּאַלאַצן זיינען געבויט געוואָרן אינעם רוימישן סטיל און דער גאַנצער טאָן פון לעבן אין די ספערן, וואָס זיינען געשטאַנען נעב־טער צו דער מאַכט, איז געוואָרן אַ רוימישער.

די דאָזיקע נייע לאַגע, וואָס האָט פון איין זייט מיטגעבראַכט מיט זיך פאַרשידענע ממשותדיקע רעפרעסיעס קעגן פאָלק, אין דער געשטאַלט פון נייע התחייבותן, שטייערן און אַנדערע באַדריקונגען; און פון דער צוויי־טער זייט — געשטעלט אין געפאַר די אייגנאַרטיקע גייסטיקע פיזיאָנאָמיע פון דער אומה, — האָט אַרויסגערופן אַ באַזונדער שטאַרקע, אינטענסיווע טעטיקייט אין די רייען פון דער פּאָפּולערער פאָלקס־פּאַרטיי, די פרושים. פון די איבריקע צוויי פּאַרטייען, די צדוקים און די איסיים, האָבן די ערש־טע, די צדוקים, אינגאַנצן אויפגעהערט צו עקזיסטירן ווי אַ פּאַרטיי מיט באַשטימטע לאָזונגען און מיט אַ געוויסן איינפלוס אויפן פאָלק, צוזאַמען דערמיט, ווי הורדוס האָט זיך באַפעסטיקט אויף דעם יהודהשן טראָן. די דאָזיקע וועלטלעכע יהודהשע אַריסטאָקראַטן, מיט זייער שטאַרקער ביי־גונג צו די אויסערלעכע לעבנס־פאָרמען פון דער גריכיש־רוימישער וועלט,

האָבן געקעמפט פאַר די געבליבענע פּאַרטרעטער פון דער חשמונאישער דינאַסטיע, אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך געווען וועלכע ס׳איז האָפענונג, זיי צוריק אומצוקערן צו דער מאַכט; קוים איז אָבער די לעצטע האָפענונג געוואָרן פאַרשוואונדן (נאָך אַנטיגאָנס טויט) און דער אדומישער הערשער איז געזעסן פעסט און זיכער אויף דעם טראָן פון יהודה, האָבן זיך באַדייטנדיקע טיילן פון דער פּאַרטיי אונטערגעגעבן, זיך צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען, האָבן זיי איצט, אין דער אדומישער רעגירונג, געשפּילט די זעלביקע ראָל, וואָס פריער — אין דער חשמונאישער.

די עקסטרעמע קעגנער, ווידער, פון די צדוקים, די איסיים האָבן אויך נישט געהאַט קיין דירעקטן איינפלוס אויף די ברייטע מאַסן פון פאָלק. זייער נעגאַטיווע באַציאונג צו יעדער פאָרם פון מאַכט, מלוכה און וועלטלעכקייט איבערהויפּט, האָט קיינמאָל נישט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון וועלכן ס׳איז אַקטיוון אַרויסטריט קעגן דער מאַכט מיט אירע איינפירונגען. די איסיים האָבן נאָר אנערקענט איין מאַכט — די מאַכט פון גאָט, און פאַר דער מאַכט עקזיסטירן נאָר אינדיווידועז, איינציקע מענטשן, וועלכע דאַרפן זיך וואָס מער דערווייטערן פון דעם ערדישן און וועלטלעכן לעבן, וועלכע דאַרפן זיך היילינקן, רייניקן און געטלעך זיין. ווען הורדוס האָט (אין 20־טן יאָר) געצוואונגען די יהודהשע באַפעלקערונג, זי זאָל דורך אַ שבועה אויסדריקן איר טריישאַפט זיין טראָן און דער רוימישער אויבערהערשאַפט, האָבן די איסיים נישט געוואָלט שווערן. דער קלוגער אדומי האָט אָבער גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע „רעוואָלוציאָנערן״ זיינען פאַר אים נישט געפערלעך, און ער האָט קעגן זיי נישט אָנגעווענדט קיינע רעפּרעסיעס. דער דאָזיקער בלוטיקער טיראַן, וואָס זיין גאַנץ לעבן איז געווען איין לאַנגע קייט פון אכזריות און רציחות, האָט זיך בכלל באַצויגן מיט אַ טיפער ערפורכט צו די הייליקע איסיים און גאַנץ אָפט האָט ער זיי אפילו אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע צוגענייגטקייט; דאָס האָט זיך גענומען — ווי ס׳האָט זיך אין פאָלק שפּעטער דערציילט — פון דעם ווייטערדיקן פאַקט: ווען הורדוס איז נאָך אַ קינד געווען, האָט איינער פון די הייליקסטע איסיים, מיטן נאָמען מנחם, אויף אים נביאות געזאָגט, אַז ער וועט אַמאָל קעניגן איבער יהודה, וועט זיין מעכטיק און גרויס און — וועט באַגיין אַ סך זינד קעגן גאָט און זיינע געבאָטן; שפּעטער, ווען מנחמס נבואה איז מקוים געוואָרן און אַנטיפּאַטאָרס יורש האָט זיך שוין גאַנץ פעסט גע־

פּילט אויף דעם יהודהשן טראָן, האָט ער געשיקט נאָך דעם הייליקן „זעער״ און אים געפרעגט, וויפיל יאָר ער וועט קעניגן. מנחם האָט אָבער געשוויגן און נישט געוואָלט ענטפערן אויף דער געשטעלטער פראַגע; דאַן האָט הור־דוס אַליין אָנגעהויבן ציילן, פרעגנדיק: צען יאָר? צוואַנציק? דרייסיק? און ווען דער הייליקער האָט מיט קיין צייכן זיך נישט אַרויסגעזאָגט קעגן אָט די אָנגעגעבענע צאָלן, האָט הורדוס דערפון אַרויסגעדרונגען, אַז ער וועט רעגירן איבערן לאַנד נישט ווייניקער פון דרייסיק יאָר. דאָס האָט אים שטאַרק הנאה געטון און ער האָט געטראָגן אין האַרצן אַ געוויסן געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו דעם הייליקן איסיי און זיין אָרדען.

די איינציקע, וואָס האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער מאַכט און גע־זוכט צו שיצן דאָס פאָלק פון איר שעדלעכן איינפלוס, זיינען געווען די פּרו־שים. אָט די נאַציאָנאַל־גייסטיקע פּאַרטיי, וואָס איז געווען דער קערנדיקס־טער עלעמענט פון דער אומה, האָט שטענדיק געזען פאַר זיך נאָר איין ציל: דאָס פאָלק מוז דערהאַלטן ווערן, ווי אַ גאַנץ וועזן, מיט זיין באַשטימטער גייסטיקער פיזיאָגנאָמיע, מיט זיין תורה, מיט זיין גאָט. און ווייל די פרעמ־דע מאַכט שטערט די פרייע אויסבילדונג פון דעם יהודהשן גייסט און ברענגט מיט מיט זיך נייע נאָרמעס, נייע פאַרפליכטונגען און גאַנץ אָפט אויך שווערע רעפּרעסיעס, דאַרף מען קעמפן קעגן איר מיט די זעלביקע מיטלען, וואָס זי אַליין שטעלט אַרויס — מיט דער פּשוטער קראַפט; דאָס איז געווען דער געדאַנקען־גאַנג פון אַ געוויסן טייל פון דער פּאַרטיי, פון די אַזוי גערופענע קנאים, פון וועלכע ס'האָט זיך אויסגעבילדעט די אַק־טיווע אָפּאָזיציע.

פון די רייען פון די דאָזיקע באַגייסטערטע פּאַטריאָטן האָבן גע־שטאַמט די אַלע אויפשטאַנדן און רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד אין דעם פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, דאָס הייסט: זינט פּאָמפּעיוס האָט איינגענומען יהודה. דער אָנפירער פון די גלילעאישע מחנות, קעגן וועלכן הורדוס האָט געקעמפט, נאָך איידער ער איז געוואָרן הערשער פון יהודה, חזקיה, האָט געהערט צו דער גרופּע; די גרויסע פאָלקס־מאַניפעסטאַציע פאַר די לעצטע טעג פון הורדוסעס הער־שן, ביי וועלכער ס'איז אַראָפּגעריסן געוואָרן דער רוימישער אָדלער פון בית־המקדש, איז אָנגעפירט געוואָרן פון די באַרימטע פּרושים יהודה און מתתיהו, און אויך די לעצטע פּאַטריאָטישע קעמפער, יהודה הגלילי און

צדוק, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די העלדישע קאַמפּס־גרופּעס אונטער דעם נאָמען זעלאָטען (קנאים, פאַנאַטיקער), — זיינען געווען פרושים.

אָט די אַלע אַקטיווע רעוואָלוציאָנערן האָבן אָבער אויסגעמאַכט צו־זאַמען נישט מער, ווי אַ קליינער טייל פון דער גרויסער פאָלקס־פּאַרטיי; די מערהייט אונטער די פרושים און זייערע באַדייטנדיקע פירער האָבן זיך גאַנץ אַנדערש באַצויגן צו דער אויפגאַבע פון באַשיצן דאָס פאָלק. פרידלע־כע גייסט־מענטשן בכלל און דערצו אויך ווייטזיכטיקע פאָלקס־פריינט, האָבן אָט די דירעקטע נאָכפאָלגער פון די אַמאָליקע סופרים געפילט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס קליינע יהודה וועט זיך שווין איצט אַזוי גיך נישט באַפרייען פון דער פּראַקטישער פרעמדער הערשאַפט, און זיי האָבן גענומען בויען פעסטונגען אַרום דעם יהודהשן פאָלק, פאַרשטאַרקנדיק אין אים זיין אייגענעם גייסט און אַרויפלייגנדיק אַ ספּעציפיש־יהודהשן שטעמפּל אויף יעדן טריט פון זיין אַלטעגלעכן לעבן. די זעלבסטשטענדיקייט פון לאַנד איז אונטערגעגאַנגען; מ׳מוז דעריבער דאָס פאָלק היטן פון דעם פרעמדן איינפלוס, און זען פאַרשטאַרקן אין אים דעם באַוואוסטזיין פון זיין „איך״, פון זיין אייגנאַרטיקער וועלט־אויפפאַסונג — דאָס איז געווען דער דעוויז פון די פּאַסיווע, פרידלעכע פרושים, וועלכע האָבן זיך אינגאַנצן אָוועקגע־שטעלט אָן אַ זייט פון דער מאַכט און נישט אַרויסגעוויזן עפּנטלעך קיין שום אָפּאָזיציע בנוגע צו אירע איינפירונגען און אָרדענונגען. די מאַכט האָט געקאָנט דערפון נאָר זיין צופרידן, און האָט זיך באַצויגן דערפאַר מיט אַ געוויסער נאָכגיביקייט צו די גרויסע גייסטער פון פאָלק, און דאָס האָבן אויסגענוצט די לעצטע, כדי צו אַנטוויקלען אַ נייע מאַכט, — די מאַכט פון דעם געטלעכן וואָרט, פון דער תורה. עס האָט זיך אַנטוויקלט אָן אינ־טענסיווע טעטיקייט, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, צו באַלייכטן פון אַלע זייטן די יהודהשע געזעצגעבונג און זי אַזוי אָוועקצושטעלן, אַז זי זאָל אַרומנעמען דאָס גאַנצע אַלטעגלעכע לעבן פון פאָלק; צוזאַמען דער־מיט, ווי די פּראַקטישע געזעצגעבונג איז אַלץ מער און מער קאָנצענטרירט געוואָרן אין די הענט פון דעם אדומישן אָדער רוימישן מאַכטהאָבער, איז געוואַקסן די צאָל פון די פרושים־געזעצגעבער, וואָס האָבן טעאָרעטיש באַ־גרינדעט דעם זין פון געזעץ און אויף דעם יסוד אַנטוויקלט אַ גאַנצע ריי פון נייע לאָגישע מעגלעכקייטן און שלוסן.

די ערשטע פאָרשטייערס פון דער דאָזיקער נייער ריכטונג זיינען גע־

ווען שמעיה און אבטליון. די דאָזיקע „פּאָר" האָט אין סנהדרין ביי הור־קנוס דעם צווייטן געשפּילט די זעלביקע ראָל, וואָס די פריערדיקע פּאָר־זיצנדע: שמעון בן שטח און יהודה בן טבאי; ווען עס איז פאָרגעקומען אין דעם סנהדרין די שטורעמדיקע זיצונג וועגן דעם יונגן הורדוס, וואָס האָט אומגעזעצלעך באַשטראָפט די גלילעאישע פּאַטריאָטן, האָט שמעיה אַרויס־געוויזן אַ באַזונדערן מוט און איז אַרויסגעטראָטן ווי אַ באַשולדיקער קעגן דעם שיצלינג פון די רוימער, וואָס איז געקומען צו דעם משפּט מיט אַ סוויטע פון רוימישע סאָלדאַטן; דער זעלביקער שמעיה האָט אָבער שפּעטער איינגעזען, אַז דאָס פאָלק האָט קיין האָפענונג נישט צו באַקעמפן דעם שור־נא, און ער האָט געראָטן, צו עפענען פאַר הורדוסן די טויערן פון ירושלים. הורדוס האָט דערפאַר איבערגעלאָזן דיביידע פאָלקס־פירער אין לאַנד, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט געבן די דערמאָנטע שבועה, וועגן דינען טריי דעם אדומישן טראָן און די רוימער. פון סנהדרין — וואָס האָט פאַר הורדוסעס צייט אינגאַנצן פאַרלוירן זיין חשיבות און זיין אויטאָריטעט — האָבן זיי אָבער מיט דער צייט, ווי ס'ווייזט אויס, גע־מוזט באַזייטיקט ווערן, און דאַן האָבן זיי געגרינדעט די ערשטע אינסטי־טוציע, וועלכע האָט זיך אין אַ געוויסן זין דערהאַלטן ביי אונדז ביז היינ־טיקער צייט און האָט דערהאַלטן מיט זיך אויך די גאַנצקייט פון דער אומה; זיי האָבן געשאַפן אַ מין אַקאַדעמיע פאַר דער יהודהשער געזעצגעבונג, אַ מין ישיבה, וואו ס'זיינען איבערגעגעבן, אויסגעטייטשט און באַלויכטן גע־וואָרן די פאַרשידענע מסורות (טראַדיציעס) וועגן יענע פאָרמען פון דעם רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועלכע זיינען אין דער תורה נישט דייט־לעך באַשטימט.

פון דער „פּאָר" גייסטיקע פאָלקספירער זיינען פאַרבליבן די ווייטער־דיקע לעבנס־כללים, וועלכע זיינען שפּעטער אַריינגענומען געוואָרן אין דער זאַמלונג פון די זעלביקע אונטערן נאָמען: פּרקי אבות:

„שמעיה זאָגט: האָב ליב די אַרבעט און האָב פיינט די רבנות און גיב זיך נישט צו דערקענען דער מאַכט".

„אבטליון זאָגט: איר חכמים! זייט פאָרזיכטיק אין אייערע רייד, טאָ־מער וועט איר באַשטראָפט ווערן מיט דער שטראָף פון גלות, און איר וועט פאַרטריבן ווערן אין אַזאַ אָרט, וואו ס'איז דאָ שלעכט וואַסער; עס וועלן טרינקען (פון דעם וואַסער) די תלמידים, וואָס גייען אייך נאָך, און וועלן

שטאַרבן, און עס וועט אויסקומען, אַז גאָטס נאָמען איז פאַרשוועכט געוואָרן".

נאָך מער באַדייטנדיק און מיט אַ טיפערער ווירקונג אויף דער אינערלעכער אויסבילדונג פון יידנטום, איז געווען די טעטיקייט פון דער שפּעטערדיקער „פּאָר", פון הלל און שמאי. הלל (געלעבט פון 75 פאַר ביז 5 נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכנונג) האָט אַליין געשטאַמט פון בבל, וואו ער האָט אָנגעהערט צו אַ מיוחסדיקער פאַמיליע, וואָס האָט געצויגן איר שטאַם־בוים ביז דוד המלך. קיין ירושלים האָט ער, ווי ס'ווייזט אויס, איינגעוואַנדערט צוזאַמען מיטן קעניג הורקנוס דעם צווייטן אין זעקס און דרייסיקסטן יאָר, און דאָ איז ער געוואָרן איינער פון די פלייסיקסטע און בעסטע תלמידים אין דער ישיבה פון די באַרימטע רביים (שמעיה און אבטליון.

די אומגעוויינלעך־רייכע פערזענלעכקייט פון דעם גרויסן הלל האָט זיך דערהאַלטן אין זכרון פון פאָלק, ווי אַ ליכטיק בילד, וואָס באַווייזט זיך איינמאָל אין הונדערטער יאָרן. דאָס איז געווען אַ לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון אידעאַלער מענטשנליבע, באַצויבערנדיקער עניוות און אומבאַגרעניצטער גוטסקייט, און אַ דאַנק אים זיינען אָט די אַלע אייגנשאַפטן אַריינגענומען געוואָרן אינעם עצם מהות פון יידנטום ווי אַ פּרינציפּ, ווי אַ יסוד און צענטער פון דער גאַנצער יידישער לעבנס־לערע. ווען אַ געוויסער געצנדינער האָט זיך אַמאָל געווענדט צו אים, הללן, מיט דעם פאַרלאַנג, ער זאָל אים דערקלערן דאָס גאַנצע וועזן פון דער תורה אין איין זאַץ, האָט אים הלל געענטפערט:

„וואָס דיר איז נישט אָנגענעם, טו אויך נישט דיין חבר — דאָס איז די גאַנצע תורה, און אַלץ איבעריקע איז נישט מער ווי אַ דערקלערונג דערצו. גיי, לערן!"

מיט דעם דאָזיקן גייסט זיינען דורכגעדרונגען אויך די איבעריקע לעבנס־כללים, וואָס זיינען פאַרבליבן פון אים אין די פּרקי אבות:

„הלל זאָגט: זיי פון אהרנס תלמידים: ער האָט ליב שלום און ער שטרעבט צו שלום; ער האָט ליב מענטשן און איז זיי מקרב צו דער תורה".

לערנען די תורה אַליין און זי מיט ליבע איבערגעבן אַנדערע — דאָס איז ביי הללן איינע פון די הייליקסטע פליכטן. ער פלעגט זאָגן: „ווער עס זוכט צו פאַרשפּרייטן זיין נאָמען, פאַרלירט זיין נאָמען, ווער עס פאַרמערט

נישט (זיינע קענטעענישן), פאַרמינדערט זיי; און ווער עס לערנט נישט, איז ווערט דעם טויט; און דער, וואָס באַנוצט זיך מיט דער טאָגע (מאַנטל פון אַ תלמיד חכם) — גייט אונטער״.

ער האָט אויך געזאָגט: „אויב איך אַליין בין נישט פאַר מיר — ווער איז פאַר מיר? און ווען איך בין אַליין פאַר זיך — וואָס בין איך (וואָסערע ווערט האָב איך)? און אויב נישט איצט — טאָ ווען דען?״

הללס ווייכקייט, עניוות און מענטשן־פריינטלעכקייט האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון עפּעס איבערמענטשלעכעס, איבערנאַטירלעכעס. די לעגענדע דערציילט: עס האָבן זיך צוויי מענטשן געוועט אין דעם, אַרויס־צוברענגען הללן פון געדולד און אים צו דערבייזערן. איז איינער פון זיי געקומען צום באַרימטן הלל פריטיק פאַרנאַכט, ווען ער האָט זיך געהאַלטן אין וואַשן און רייניקן לכבוד שבת, און האָט אים אַרויסגערופן צו זיך. הלל האָט איבערגעריסן זיין אַרבעט און איז אַרויסגעקומען צו דעם חוצפּהדיקן באַזוכער מיט דער פראַגע: „וואָס ווילסטו, מיין קינד?״ דאַן האָט אים יע־נער פאָרגעלייגט עפּעס אַ נאַרישע פראַגע (פאַרוואָס זיינען די פיס פון דער און דער באַפעלקערונג גראָב און ברייט?) און הלל האָט אים אויף איר געענטפערט; אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער באַזוכער ווידער געקומען מיט אַ נייער נאַרישער פראַגע, און אַזוי עטלעכע מאָל כסדר; ער האָט אָבער גאָרנישט געפועלט — הלל האָט אים יעדעס מאָל געענטפערט גאַנץ העפלעך, דאַן האָט דער באַזוכער, ענדלעך, פאַרלוירן דאָס געדולד און אויסגעשריגן: אַזעלכע ווי דו, הלל, זאָלן קיין סך נישט זיין ביי יידן! אויף דעם האָט אים הלל מילד געפרעגט: „פאַרוואָס, מיין זון?״ „ווייל איך האָב צוליב דיר פאַרשפּילט דעם געוועט״ — האָט אים יענער געענטפערט, און הלל האָט געזאָגט: „בעסער זאָלסטו פאַרשפּילן דעם געוועט, איידער איך זאָל פאַרלירן די געדולד״.

ביי דעם אַלעמען איז אָבער הלל דאָך נישט געווען קיין אַסקעט; ער האָט נאָר געזוכט אַריינצוברענגען וואָס מער ליבע און מילדקייט אין דער באַציאונג פון איין מענטשן צום אַנדערן. הלל האָט געלערנט: „דו זאָלסט דיך נישט אָפּשיידן פון דער געזעלשאַפט; זאָלסט זיך אַליין נישט גלויבן, ביז דעם טאָג פון דיין שטאַרבן; זאָלסט נישט אורטיילן דיין חבר, ביז דו וועסט נישט זיין אויף זיין אָרט; זאָלסט נישט זאָגן אַזוינס, וואָס מ׳קען עס

נישט פאַרשטיין, און זאָלסט נישט זאָגן: ווען איך וועל האָבן פרייע צייט וועל איך לערנען — טאָמער וועסטו נישט האָבן קיין פרייע צייט״.

הלל האָט שטאַרק מקפיד געווען אויף דער ריינקייט פון קערפּער. דער מענטש איז געשאַפן געוואָרן — האָט ער געלערנט — אין גאָטס גע־שטאַלט, און ער דאַרף היטן דעם דאָזיקן צלם אלהים און אים ריין האַלטן.

וועגן הללס פלייסיקייט אין לערנען ווי אַ תלמיד פון די באַרימטע שמעיה און אבטליון האָט זיך אין פאָלק דערציילט דאָס ווייטערדיקע: דער יונגער הלל איז געווען זייער אָרים. איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז ער האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן די קליינע סומע פאַרן איינטריט אין יענעם בית־המדרש, וואו שמעיה און אבטליון האָבן געלערנט מיט זייערע תלמידים; הלל איז דאַן אַרויפגעקראָכן אויפן פענצטער, און דאָ איז ער אַזוי לאַנג געלעגן מיט צוגעפּרעסטע אויערן צום שויב, ביז דער שניי האָט אים איג־גאַנצן פאַרדעקט. אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען אים געפונען אויף צומאָרגנס אין דער פרי, ווען ער האָט פאַרשטעלט מיט זיך די שיין פון פענצטער, און געפונען האָט מען אים אַזוי פאַרטיפט אין די געדאַנקען פון לערנען, אַז ער האָט גאָרנישט געפילט קיין קעלט און קיין ווייטיק.

ביי אַזאַ אומגעוויינלעכער התמדה איז הללן געלונגען צו ווערן דער ערשטער צווישן זיינע חברים; געוואוסט האָבן אָבער דערפון נאָר געצייל־טע תלמידים, און נאָך דעם טויט פון שמעיה און אבטליון זיינען אַוועקגע־שטעלט געוואָרן בראש פון דער אינסטיטוציע צוויי גאַנץ אומבאַדייטנדיקע פּרושים פון דער פאַמיליע בתירה (בני בתירה); די לעצטע האָבן, ווי ס׳ווייזט אויס, פאַרנומען דעם פּאָסטן נאָר אַ קורצע צייט, און זייער שטעל־פאַרטרעטער איז געווען הלל. דאָס איז פאָרגעקומען אויף דעם ווייטערדיקן אופן: עס איז אויסגעפאַלן אין יענעם יאָר ערב פסח שבת, און די געזעץ־לערער האָבן נישט געוואוסט, ווי צו אַנטשיידן דעם דין וועגן קרבן־פסח: צי מעג מען אים מקריב זיין שבת, צי נישט? עס האָבן נישט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער וועגן דער פראַגע אויך די פאָרזיצנדע פון דער אַקאַדעמיע, די בני בתירה. דאַן האָט איינער זיך אָפּגערופן: דאָ געפינט זיך איינער פון בבל, מיטן נאָמען הלל, וועלכער האָט געלערנט תורה ביי שמעיה און אבטליון, און ווייסט, ווי מ׳דאַרף זיך באַגיין אין אַזאַ פאַל; און ווען מ׳האָט הללן געפרעגט, צי האָט ער נישט געהערט ווען ס׳איז פון די רביים, וואָס מ׳דאַרף טון מיטן קרבן פסח, ווען עס פאַלט אויס ערב פסח שבת, — האָט

ער געענטפערט, אַז דער קרבן פסח, ווי יעדער קרבן תמיד, איז דוחה שבת און מ׳דאַרף אים מקריב זיין. דאַן האָט זיך אַנטוויקלט אַ היציקער וכוח וועגן דער פראַגע, און הלל האָט באַפעסטיקט זיין מיינונג מיט אַ קל וחומר:1) דער קרבן פסח מיטן קרבן תמיד (אַלטעגלעכער קרבן), ביידע זיינען נישט קיין פריוואַטע, נאָר געזעלשאַפטלעכע קרבנות, און בייביידן גלייך באַנוצט זיך די תורה מיט דעם אויסדרוק: במועדו (אין דער צייט); היינט מה־דאַך דער קרבן תמיד (פאַר וועלכן עס קומט אַ פיל לייכטערע שטראָף, אויב מ׳ברענגט אים נישט) איז דוחה שבת, איז דאָך אַ פשיטא־שוין דער קרבן פסח (פאַר וועלכן די תורה זאָגט צו אַ פיל האַרבערע שטראָף).

די דאָזיקע באַגרינדונג האָט אָבער אַרויסגערופן אויך אַ סך קעגן־באַגרינדונגען, וואָס האָבן געדרונגען פונקט דעם היפך דערפון; דאַן האָט הלל אויסגערופן: „אַזוי האָב איך געהערט פון שמעיה און אַבטליון!" — און די גאַנצע קאָלעגיע האָט זיך אונטערגעגעבן. הללס נאָמען האָט דאַן אָנגעהויבן צו וואַקסן, און ענדלעך האָבן די בני בתירה אים אַליין אָפּגעטראָטן זייער פלאַץ ווי פאָרזיצנדע פון דער אינסטיטוציע (30).

הלל האָט געשפּילט איצט אין דער באַנייאונג פון יידנטום די זעל־ביקע ראָל, וואָס עס האָט געשפּילט מיט הונדערט יאָר פריער דער גרויסער עזרא. ער האָט קודם כל איבערגעגעבן זיינע תלמידים דעם רייכן מאַטער־יאַל פון מינדלעכע מסורות (תורה שבעל פה), וועלכן ער האָט זיך דער־וואָרבן ווי אַ תלמיד פון שמעיה און אבטליון; אָט דער פאַרדינסט איז נאָך אָבער גאַנץ קליין, אין פאַרגלייך מיט דעם אַנדערן, וואָס האָט געשאַפן אַ נייעם, פעסטן באָדן פאַר דער יידישער געזעצלערע. הלל האָט אונטערגע־בראַכט דעם מנהג פון שטיצן זיך אויף אויטאָריטעטן, און האָט אַריינגע־בראַכט אַ באַשטימטן סיסטעם פון געוויסע לאָגישע פאַרבינדונגען און שלוסן אין דעם ווילדן כאָאָס פון געשריבענע און מינדלעך־איבערגעגעבענע געזעצן און געזעצן צו געזעצן (סיגים, חומרות), וועלכע זיינען זיך פונאַנ־דערגעוואַקסן אין דעם פאַרלויף פון די אַלע פאַרגאַנגענע דורות. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דעם פאַרפלאָנטערטן געזעצן־קנויל יענעם לעבעדיקן

1) אַ געוויסע לאָגישע באַגרינדונג, וואָס דרינגט אַרויס די האַרבערע זאַך (חומר) פון דער לייכטערער (קל).

עלעמענט, וואָס האָט דעם לעצטן געגעבן די מעגלעכקייט, זיך אַליין אויפ־צופלאָנטערן און קלאָר צו ווערן, נישט אָנצוקומען צו דער אויטאָריטעט פון געציילטע פערזאָנען.

יעדעס געזעץ מוז זיך שטיצן אויף דער תורה, אויפן פסוק; די באַ־גרינדונג אָבער פון געזעץ און דער גאַנצער פראָצעס פון צופאַסן דעם איצטיקן לעבנס־פאַל צו דעם אומבאַשטימטן אויסדרוק פון דער תורה — דאָס זאָל געשטיצט זיין נישט בלויז אויף דעם זכרון פון דעם אָדער יענעם איבערברענגער פון דער מסורה, נאָר אויף באַשטימטע לאָגישע יסודות. הלל האָט אויסגעאַרבעט זיבן לאָגישע פאָרמולעס (שבע מדות שהתורה נדרשת בהן), מיט דער הילף פון וועלכע יעדעס געזעץ האָט גע־קאָנט אַרויסגעדרינגען ווערן פון דער תורה, און אָט די אַרויסגעדרונגענע געזעצן האָבן באַקומען די זעלביקע אויטאָריטעט, וואָס עס האָבן פריער געהאט די צוגעגעבענע, מינדלעכע סיגים און דינים, ד. ה. די זעלביקע געטלעכע קראַפט, וואָס עס האָבן אין זיך די בפירושע געזעצן פון דער תורה גופא. די דאָזיקע פאָרמולעס, וועלכע זיינען שפּעטער פאַרטאָפּלט און נאָך טיפער געוואָרן אויסגעאַרבעט, האָבן געדינט ווי אַ פעסטער יסוד פאַר דעם אומגעהייערן בנין פון דער יידישער (יהודהיש ־ יידיש) געזעצלערע, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען ת ל מ ו ד.

הללס סיסטעם פון אויסטייטשן דעם זין פון געשריבענעם געזעץ און לאָגיש אַרויסדריגגען פון אים די פאָרמען און לעבנס־פאַקטן, וואָס לאָזן זיך אין אים איינפּאַסן — האָט באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט אויך דעם אַלטן אַנטאַגאָניזם צווישן די פּרושים און די צדוקים, ווייל די אַלע מסור־רות ,וואָס האָבן זיך ביז אַהער געשטיצט נאָר אויף דער אויטאָריטעט פון געוויסע פערזאָנען ,האָבן איצט באַקומען די סאַנקציע פון דער תורה אליין. און די פאָלגן פון דעם נייעם סיסטעם האָבן זיך גלייך אַרויס־געוויזן ווי זייער גינסטיק פאַר די פּראַקטישע לעבנס־אינטערעסן פון פאָלק. לויט דעם געזעץ פון דער תורה האָבן אין דעם יאָר פון שמיטה (דאָס זיבעטע יאָר, ווען קיין זאַך האָט נישט געטאָרט געאַקערט און גע־זייט ווערן) אַלע חובות געזאָלט פאַרלירן זייער קראַפט; מיט דער לאַגע האָבן זיך אָבער באַנוצט אַ סך בעלי־חובות, וועלכע האָבן אָפּגעצויגן דעם צאָלונגס־טערמין ביזן שמיטה־יאָר, כדי דאַן ערשט נישט צו דאַרפן צאָלן, און דאָס האָט זיך געמוזט זייער שלעכט אָפּרופן אויף דעם גאַנצן

צושטאַנד פון האַנדל אין לאַנד, ווייל קיינער האָט דעם אַנדערן קיין זאַך נישט געוואָלט לייען. כדי צו באַזייטיקן די דאָזיקע דערשיינונג, האָט הלל דאַן מתקן געווען אַ נייע תקנה: ער האָט פאַראָרדנט, אַז פאַר דעם שמיטה־יאָר זאָל דער מלוה (קרעדיטאָר) אריינגעבן אין געריכט אַ שריפט־לעכע דערקלערונג, לויט וועלכער אַלע זיינע חובות גייען איבער אינעם רשות פון דער געריכטס־מאַכט און די לעצטע איז מחויב, זיי פאַר אים אויפצומאָנען אין אַלע צייטן. די דאָזיקע נוצלעכע תקנה, וואָס האָט זיך זייער גוט אָפגערופן אי אויף דער האַנדלס־טעטיקייט פון לאַנד, אי אויף דעם זיטלעכן צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג, — האָט באַקומען דעם גריכישן נאָמען פ ר ו ז ב ו ל (פראָזבאָל, איבערגעבן).

דעם צווייטן ראַנג נאָך הללן האָט פאַרנומען אַ באַרימטער געלערנ־טער פון די איסיים מיטן נאָמען מ נ ח ם; דער לעצטער איז אָבער נישט צופרידן געווען פון הללס נייע איינפירונגען, און ער האָט זיך אָפּ־געזאָגט פון זיין פּאָסטן. דעם פלאַץ האָט דאַן פאַרנומען ש מ א י, אַ שטרענגער און האַרטער מענטש, וואָס איז געווען פּונקט דער היפּוך פון דעם מילדן און גוטהאַרציקן הלל. שמאי האָט שטענדיק געזען פאַר זיך נישט דעם לעבעדיקן מענטשן, נאָר דאָס געזעץ פון דער תורה, און אין דער צייט, ווען הלל האָט געשטרעבט און געזוכט מיטלען, באַליבט צו מאַכן די תורה אויפן פאָלק און צוצופאַסן אירע געזעצן צו די באַ־דינגונגען פון לעבן — האָט שמאי נישט צוגעלאָזן קיין שום פאַרלייכ־טערונגען בנוגע צו די געבאָטן פון דער תורה, און זיינע אויסטייטשונגען אין דער הינזיכט זיינען כמעט אַלע געווען דורכגעדרונגען מיט איין באַשטימטער לאָזונג: „׳טאָר נישט״. נישט די תורה איז געגעבן גע־וואָרן דעם מענטשן אויף צו רעגולירן די פאָרמען פון לעבן, נאָר דאָס גאַנצע לעבן איז געשאַפן געוואָרן דערפאַר, כדי דער מענטש זאָל קאָ־נען היטן די געבאָטן פון דער תורה; דאָס געזעץ דאַרף זיך גאָרנישט רעכענען מיטן מענטשן און מיט זיינע לעבנס־באַדינגונגען — דער מענטש מוז זיך אונטערגעבן, ווען אפילו די פשוטע נאַטירלעכע מעגלעכקייט איז קעגן דעם.

די דאָזיקע אומגעווייגלעך־שטרענגע באַציאונג צו די געבאָטן פון דער תורה האָט אַרויסגערופן אין פאָלק פאַרשידענע איראָנישע מעשיות וועגן שמאיס פּריוואַט־לעבן. מ׳האָט דערציילט, אַז שמאי האָט געצוואונ־

גען זיין זון, אַ קליין אינגל, צו פֿאַסטן די באַשטימטע תעניתים; אַז ווען בײַ אים איז געבוירן געוואָרן אַן אייניקל, אַ אינגל, סוכות, האָט ער אַראָפּ־גענומען דעם סופיט פון צימער, וואו די קינפּעטאָרין איז געלעגן, און באַדעקט דעם חלל מיט סכך, כדי דאָס ניי־געבוירענע קינד זאָל דערפילן די פליכט פון זיצן אין אין סוכה, און נאָך אַזעלכע מעשיות. כדי צו אילוסטרירן דעם אונטערשיד צווישן הללס גוטסקייט און שמאיס האַרט־קייט, האָט זיך אין פאָלק דערציילט, אַז דער זעלביקער געצנדינער, וואָס איז שפּעטער געקומען צו הללן מיט דעם באַרימטן פֿאָרשלאַג (ער זאָל אים איבערגעבן דעם וועזן פון דער תורה אין עטלעכע ווערטער), איז געוועזן פריער ביי שמאין און ער האָט אים אַרויסגעטריבן.

ווי ס׳ווייזט אויס, איז שמאי אין אַלגעמיין געווען קעגן אָננעמען גרים, און אין פאָלק האָט זיך נאָך דערציילט, אַז איינער איז געקומען צו שמאין און געזאָגט: איך וויל אָננעמען די תורה און היטן אירע גע־זעצן, אָבער נאָר די געשריבענע (תורה שבכתב) און נישט די איבערגע־געבענע (תורה שבעל פּה). פון דעם פֿאָרשלאַג האָט זיך דער שטרענגער יהודהשער געזעצלערער אויך שאַרף אָפּגעזאָגט, און הלל דאַקעגן האָט אים אָנגענומען און צוגעצויגן דעם געצנדינער צום יידנטום. נאָך דעם אַלעמען איז אָבער שמאי דאָך נישט געווען קיין פינסטערע, מענטשנ־פיינדלעכע נאַטור; דאָס איז צו זען פון דעם מאמר אין די פּרקי אבות: „שמאי זאָגט: מאַך דיין תורה פֿאַר אַ קביעות (אַ שטענדיקע זאַך), רעד ווייניק און טו אַ סך און נעם אויף יעדן מענטשן מיט אַ פריינטלעכן פנים״.

אָט די אַלע חלוקי דעות בנוגע צו פֿאַרשידענע עטישע און רעלי־גיעזע פֿראַגן זיינען אָבער נישט אַזוי וויכטיק געווען, ווי די מייִנונגס־פֿאַרשידנקייטן, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן די צוויי גרויסע געזעץ־לערער איבער שאלות פון דעם אַלטעגלעכן לעבן. די „מדות״ אויף צו „דרשענען״ די תורה (מדות שהתורה נדרשת בהן), וואָס הלל האָט איינ־געפירט, האָבן געמוזט פירן צו קעגנזייטיקע טעאָרעטישע פּשטלעך און דרינגעניש, און אַזוי איז אויסגעקומען, אַז איין פּסוק אין דער תורה איז פון איינעם אויסגעטייטשט געוואָרן אַזוי און פון דעם צווייטן פּונקט פֿאַרקערט. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך אויסגעפורעמט צוויי באַזונדערע ריכטונגען — און ווי ס׳איז צו גלויבן, אויך באַזונדערע ישיבות — אין

דער יידישער געזעצלערע, פון וועלכע איינע האָט זיך גערופן אויף הללס נאָמען (בית הלל), און די צווייטע — אויף שמאיס (בית שמאי). די דאָזיקע ביידע ריכטונגען האָבן זיך שטאַרק אונטערשיידט אויך אין זייער באַציאונג צו די פּאָליטישע געשעענישן פון לאַנד; דער מילדער און פרידלעכער הלל פון בבל האָט זיך בכלל פאַרהאַלטן גאַנץ פּאַסיוו צו די מאַכטהאָבער און זיין באַציאונג צו די געצנדינער פון דער אַרומיקער וועלט איז אויך געווען אַ מילדע, אַ צוגעלאָזענע. דאַקעגן אָבער איז דער יהודהער שמאי דורכגעדרונגען געווען מיט אַ הייסער, ביטערער שנאה צו די באַדריקער פון לאַנד און צו אַלע געצנדינער, און אָט די שנאה איז פון אים איבערגעגאַנגען אויך צו זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער. די לעצטע זיינען געשטאַנען אין נאָענטער באַציאונג מיט די „זעלאָטן", וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון דעם פאַנאַטישן רוימערפיינד יהודה הגלילי; דערביי איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז די נאָכפאָלגער פון דעם שטרענגען שמאי האָבן מיט דער צייט באַקומען אויף זייער זייט די מערהייט פון דער פרושים־פּאַרטיי, און זיי האָבן געקענט דורכפירן אַלע זייערע געזעצן און איינפירונגען.

אין יענער צייט האָבן זיך שטאַרק פאַרגרעסערט די יהודהשע קאָ־לאָניעס אויך אויסער די גרענעצן פון יהודה; יידן האָבן זיך צעשפּרייט איבער אַלע פּראָווינצן פון דער רוימישער מלוכה און בכלל האָט זיך זיי דאָרט ניט שלעכט געלעבט. אין רוים גופא האָבן געלעבט אַ סך יידן, וועלכע זיינען אין דער צייט פון יוליוס צעזאַר אויסגעגליכן געוואָרן אין אַלע זייערע רעכטן מיט די איבעריקע בירגער פון לאַנד; שפּעטער, אין די יאָרן פון אויגוסט צעזאַר, איז די לאַגע פון די רוימישע יהודהער געווען נאָך פעסטער און זיי זיינען שוין געווען אַ באַדייטנדע צאָל. ווען די דעפּוטאַציע פון יהודה איז געקומען צו אויגוסטן בעטן, ער זאָל נישט באַשטעטיקן הורדוסעס צוואה און איבערגעלאָזן יהודה אונטער דער די־רעקטער הערשאַפט פון רוים, — האָבן זיך גאַנצע אַכט טויזנט רוימישע יהודהער משתדל געווען דערפאַר, און געשטיצט די שלוחים פון דער אומה אין זייער אַרבעט. אין דער צייט פון טיבעריוסן האָבן די רוימישע יהודהער דאָס ערשטע מאָל אָנגעהויבן פילן דעם טעם פון רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען: צוליב דעם צופאַל מיט דער אַריסטאָקראַטישער פרוי (פולוויאַ), וואָס האָט זיך מגייר געווען, האָט טיבעריוס באַפוילן אַרויס־

צעטרייבן אַלע יהודהער פון גאַנץ איטאַליע, אויב זיי וועלן זיך נישט אָפּזאָגן פון זייער אמונה; די דאָזיקע רדיפות האָבן זיך אָבער נישט לאַנג געצויגן, און אין זיינע לעצטע יאָרן איז דער זעלביקער הערשער אויך געוואָרן בעסער געשטימט צו די יהודהער און זייער אמונה.

נישט ערגער האָט זיך פאַר דער צייט געלעבט אויך די יידן אין מצרים. נאָך דער מפּלה פון דער באַרימטער קלעאָפּאַטראַ, ווען מצרים איז אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער דער רוימישער הערשאַפט, האָבן די דאָרטיקע יהודהער באַקומען די אַלע רעכטן, וואָס זיי האָבן געהאַט פריער. דער רוימישער זיגער, אָקטאַוויאַן, האָט זיך אַפילו אַרויסגעוויזן צו זיין באַזונדער פריינדלעך, און אויף זיין באַפעל איז דער נשיא (אראַ־באַרך) פון די יהודהער איז מצרים באַשטימט געוואָרן פאַר אַ ממונה איבער די שטייער־קאַמערן פון עטלעכע האַפנס. די דאָזיקע גוטע לאַגע פון די יידן אין מצרים האָט זיך געצויגן ביז אַ געוויסער צייט נאָך הורדוסעס טויט, און זייער קולטור (די יידיש־העלעניש) האָט זיך דער־ווייל כסדר אנטוויקלט.

אין די אַנדערע לענדער האָט זיך דאַן באַמערקט די זעלביקע אייגנ־אַרטיקע דערשיינונג: די אייגענע יהודהער, וואָס ביי זיך אין דער היים האָבן זיי געקעמפט קעגן דער רוימישער מאַכט און נישט געוואָלט אַרויס־ווייזן קעגן איר קיין שום צייכן פון אונטערטעניקייט — די זעלביקע האָבן אין די רוימישע פּראָווינצן אויסער יהודה פאַרגעשטעלט מיט זיך גאָר, פאַרקערט, דעם לאָיאַלסטן (אונטערטעניקסטן) עלעמענט אין דער באַציאונג צו די אָרטיקע סיריש־גריכישע באַפעלקערונגען, און די רוי־מישע מאַכט האָט זיי דערפאַר געשאָנקען באַזונדערע זכיות און פּריווי־לעגיעס. אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען אין סיריע און קליין־אַזיע; יידן האָבן דאָרט געלעבט גאַנץ אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער געצנדינערישער באַפעלקערונג און האָבן געהיט די אייגענע געזעצן און מנהגים. די דאָ־זיקע אָפּגעזונדערטקייט האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן פאַרדרוס ביי די אָרטיקע העלענישע אָדער העלעניזירטע פאָלקס־מאַסן, און די שטאָט־פאַר־וואַלטונגען האָבן גאַנץ אָפט געפּרוווט באַגרענעצן די יידישע רעכט; די יידן האָבן זיך דאַן געווענדט צו זייער באַשיצערין, דער רוימישער מאכט, און די לעצטע האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן, וואָס האָבן אַנטהאַלטן

אין זיך באַזונדערע זכיות פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אין איינעם אַזאַ באַפעל זאָגט זיך:

„יוליוס גאַי, דער רוימישער פּרעטאָר און קאָנסול, שיקט זיין גרוס די הויפּטלייט, דעם ראַט און דעם פאָלק פון (דער אינדזל) פּאַראָס. אין דער אָנוועזנהייט פון אייערע שלוחים האָבן זיך צו מיר געמאָלדן דע־פּוטאַטן פון די דעלאָסער יהודהער און עטליכע פון די יהודהשע פאַרשיקטע און דערקלערט, אַז איר שטערט זיי, דורך פאַרשידענע פאַר־פליכטונגען און פאַראָרדענונגען, אָפּצוהיטן זייערע אייגענע מנהגים, צו זאַמלען געלט פאַר זייערע פּערזענלעכע און רעליגיעזע באַדערפענישן, — בשעת אפילו אין רוים גופא איז זיי דאָס אויך נישט פאַרווערט. אין זיין באַפעל וועגן פאַרבאָטן אין שטאָט יעדע מין פאַרזאַמלונג, האָט אונדזער פּרעטאָר און קאָנסול גאַר צעזאַר אַרויסגענומען נאָר די יהודהער פון דעם אַלגעמיינעם כלל און האָט זיי דערלויבט צו זאַמלען געלט און אויך זיך אַליין צונויפצוקומען אויף זייערע באַראַטונגען. דאָס זעלביקע באַפעל איך אויך, און פאַרבאָטנדיק אַלע מיני פאַרזאַמלונגען און צו־זאַמענקונפטן, דערלויב איך אויסשליסלעך נאָר די יהודהער זיך צו־נויפצוקומען און אָפּצוהאַלטן זייערע באַראַטונגען, לויט די איינפירונגען און געזעצן פון זייער גלויבן. איר דאַרפט דעריבער אָפּשאַפן די אַלע פאַראָרדענונגען, וואָס איר האָט אַרויסגעגעבן קעגן אונדזערע פריינד און פאַרבינדעטע, צוליב דעם אויסגעצייכנטן און לויבווירדיקן פאַרהאַלטן זיך פון די יהודהער".

אַזעלכע „פריי־בריוו" זיינען מיט דער צייט אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ גאַנצע רייע יהודהשע קאָלאָניעס אין פאַרשידענע קליין־אַזיאַטישע שטעט. אין די „בריוו" האָט די רוימישע מאַכט גאַראַנטירט די יהודהער דאָס רעכט, צו לעבן לויט זייערע אייגענע געזעצן און מנהגים, עפנטלעך אָפּצוהאַלטן זייערע גאָטעסדינסטן, צו בויען שולן, צו היטן זייערע שבתים און יום טובים און זיך צונויפצוקומען אין יעדער צייט אָן אַ שום שטע־רונג. אין געוויסע ערטער איז שוין דאַן אויך דערוועקט געוואָרן די פראַגע וועגן דער באַטייליקונג פון יהודהער אינעם רוימישן מיליטער־דינסט, ווייל די יהודהשע סאָלדאַטן האָבן דאָך נישט געקענט דערפילן זייערע מיליטערישע חובות אין שבת און עסן די טריפה מאכלים פון דער

אַרמיי; עס האָבן זיך דעריבער געפונען עטלעכע שטעט אין קליין־אַזיע, וואו די יידן זיינען איינגאַנצן באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט.

צוליב דעם, וואָס געוויסע פּראָווינציעלע באַאַמטע האָבן געפּרואווט שטערן די יהודהער פון די אַרומיקע לענדער צו שטיין אין אַזאַ לע־בעדיקן פאַרקער מיט דער הויפּט־שטאָט פון יהודה און צו שיקן גרויסע סומעס געלט פאַר דעם דאָרטיקע בית־המקדש, — האָבן די יהודהשע קאָלאָניעס אויסגעפּועלט ביי דער צענטראַלער מאַכט, זי זאָל זיי גאַראַנ־טירן אויך די פרייהייט. דער ערשטער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ באַ־פעל וועגן דעם, איז געווען יוליוס צעזאַר, און נאָך אים איז געקומען אויגוסט און האָט די דאָזיקע גאַראַנטיע נאָכמער באַפעסטיקט. ער האָט אַרויסגעגעבן וועגן דער פראַגע עטלעכע ספּעציעלע עדיקטן (באַפעלן), פון וועלכע מיר ברענגען דאָ איין כאַראַקטעריסטישן מוסטער:

„צעזאַר אויגוסט, דער העכסטער גייסטלעכער, וואָס באַזיצט די מאַכט פון אַ פאָלקס־טריבון, דערקלערט. אַזוי ווי די יהודהשע אומה האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט בלויז פון איצט, נאָר אויך פון די פאַרגאַנ־גענע צייטן (און באַזונדער פון די יאָרן, ווען עס האָט געהערשט מיין פאָטער, דער אימפּעראַטאָר צעזאַר און הורקנוס איז געווען דער כהן־גדול) פאַר זייער איבערגעגעבן דעם רוימישן פאָלק, האָב איך מיט מיינע געשוואוירענע יועצים, לויט דעם באַשלוס פונעם רוימישן פאָלק, באַ־שלאָסן, אַז די יהודהער זאָלן האָבן דאָס פולע רעכט, צו לעבן אומעג־שטערט לויט זייערע געזעצן, ווי דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם כהן־גדול פון אַלערהעכסטן גאָט, הורקנוס; אַז די הייליקע געלטער זאָלן זיין אומבאַרירבאַר; זיי זאָלן כסדר באַזאָרגט ווערן קיין ירושלים און איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון די דאָרטיקע גבאים; אַז די יהודהער זאָלן נישט גערופן ווערן צו קיין געריכטס־זיצונג נישט שבת און אויך נישט ערב־שבת פון דער ניינטער שעה־אָן. ווער עס וועט האָבן אויף זיך דעם חשד, אַז ער האָט אַרויסגעגנבעט הייליקע ספרים אָדער הייליק געלט פון אַ יהודהשער שול אָדער פון אַ יהודהשן פאַר־זאַמלונגס־זאַל, יענער וועט אָנגעקלאָגט ווערן פאַר גאָטס־לעסטערונג און זיין פאַרמעגן וועט קאָנפיסקירט ווערן פאַר דעם רוימישן אוצר המלוכה".

אַ באַזונדער פּלאַץ האָט פאַרנומען די יהודהשע קאָלאָניע אין ב ב ל, וואָס איז געלעגן איינגאַנצן אויסער דער ספערע פון דער רוי־

מישער מאַכט. דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון די פּאַרטאַנער ,און יידן האָבן דאָ געלעבט אין אַ גרויסער צאָל נאָך פון די צייטן פון דער פּערסישער דינאַסטיע. דאָ האָט געלעבט עטלעכע יאָר ווי אַ געפאַנגענער דער חשמונאישער קעניג און כהן־גדול הורקנוס דער צווייטער און די יהודהער האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. אַ געבוי־רענער פון בבל איז געווען אויך דער כהן־גדול, וואָס הורדוס האָט גע־האָט באַשטימט גלייך נאָך זיין אַרויפטרעטן אויף דעם טראָן פון יהודה, מיטן נאָמען ח נ נ א ל , און ווען הורקנוס דער צווייטער האָט זיך אומגעקערט קיין ירושלים, איז מיט אים, ווי ס׳איז צו גלויבן, מיטגע־גאַנגען פון בבל אויך דער באַרימטער געזעץ־לערער הלל, וואָס האָט געגעבן אַ נייע ריכטונג דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון יידנטום. אין בבל האָבן יידן געלעבט ווייט פון די גרעסערע קולטור־צענטערן, און אַ דאַנק דעם האָט זיך ביי זיי דערהאַלטן די נאַציאָנאַלע גייסטיקע פיזיאָנאָמיע אין איר גאַנצער ריינקייט, ד״ה אָן אַ שום איינפלוס פון די פרעמדע אי־דעען און באַגריפן.

אַזוי האָבן די יהודהער אויסער יהודה זיך איינגעאָרדנט זייער לעבן צווישן די פעלקער פון דער גריכיש־רוימישער וועלט. די לעצטע האָבן יידן נישט ליב געהאַט צוליב פאַרשידענע טעמים: ערשטנס, זיינען די יידישע קאָלאָניעס געווען אָפּגעשלאָסענע קוואַרטאַלן, וואו די באַפעל־קערונג האָט געלעבט לויט באַזונדערע זיטן און מנהגים און מיט אַזעלכע באַגריפן פון גאָט, מענטש און וועלט, וועלכע זיינען אינגאַנצן אַנדערש געווען פון די אָנגענומענע, איינגעפעסטיקטע, געצנדינערישע; צווייטנס, האָבן יידן קאָנקורירט מיט זייערע שכנים אויף די געביטן פון האַנדל און קולטור און כמעט שטענדיק פאַרנומען דאָרטן אַ העכערן פּלאַץ, אַזוי אַז זיי האָבן אין אַ געוויסער מאָס געקענט שפּילן די דאָמינירנדיקע, טאָן־געבנדע ראָלע; און דריטנס, האָבן זיך די יידן אַרויסגעוויזן פאַר פריידלעכע און דאַנקבאַרע אונטערטאַנען פון דער באַשיצנדיקער רוימישער מאַכט, בשעת די העכערע קלאַסן פון די איינגעבוירענע פעלקער האָבן געטראָגן אַ טיפע שנאה אין האַרצן צו די באַזיגער און באַדריקער.

פון דעם דאָזיקן אַנטאַגאָניזם האָבן יידן אַ סאַך מאָל שטאַרק גע־ליטן, און דאָס האָט אין זיי נאָך מער פאַרשטאַרקט די איבערצייגונג פון דער זעלבסטשטענדיקער פּאָליטיק, ביי וועלכער זיי דאַרפן זיך האַלטן.

דאָ אין גלות, אין פרעמדע לענדער און צווישן פרעמדע פעלקער, זיינען מיר צו־שוואַך, אום זיך דערהאַלטן ווי אַ גאַנצער פּאָליטישער אָרגאַניזם, מיט אַ געוויסער פּאָליטישער קראַפט; מיר דאַרפן דעריבער קודם כל היטן די אַלע גייסטיקע פעדים, וואָס בינדן אונדז צונויף, און לעבן וואָס מער אָפּגעזונדערט, וואָס מער אָפּגעשלאָסן פון דער אַרומיקער וועלט, כדי נישט פאַרשלונגען צו ווערן. און שטיצן דאַרפן מיר זיך אויף דער פּאַק־טישער הערשנדיקער מאַכט: איז רוים די הערשערין, וועלן מיר איר אַרויסווייזן אַלע סימנים פון אונטערטעניקייט, אַבי זי זאָל אונז לאָזן דאָס רעכט, זיך אליין איינצואָרדענען אונדזערע אינעווייניקסטע, גייסטיקע אָנגעלעגנהייטן — דאָס איז געווען דער אומבאַוואוסטזיניקער אינהאַלט פון דעם קאַמף פאַרן קיום פון דער אומה, וואָס עס האָבן געפירט — אין איין און דער זעלביקער ריכטונג — כמעט אַלע אָפּגעריסענע טיילן פונעם פאָלקס־צענטער. דער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונגס־אינסטינקט האָט איבער די דאָזיקע טיילן פון פאָלק אַזוי ווי אויסגעפּרואווט די מעטאָדע פון אויס־סערלעכער אונטערטעניקייט און אינערלעכער פרייהייט, — די מעטאָדע, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דאָס אייגנטימלעכע פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

פאַרלויפיק האָבן אָבער די יידישע קאָלאָניעס אין דער אַרומיקער וועלט געהאַט נאָך איין פונקט, וואָס האָט אַ סך מיטגעווירקט אויף צו דערהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן געפיל ביי די דערווייטערטע פאָלקס־טיילן: עס האָט נאָך עקזיסטירט דער פּאָליטישער און גייסטיקער צענטער פון דער אומה, און אויסער די נדבות פאַרן בית־המקדש, פלעגן טויזנטער עולי רגל פון די ווייטסטע לענדער קומען אויף יעדן יום טוב קיין ירושלים, „זיך זען מיט גאָט" און זיך צוריק פאַרבינדן מיטן פאָלק.

# קאַפּיטל פינף

## די אַנטשטייאונג פון קריסטנטום

דאָס איז געווען אין די צייטן פון פּאָנטיוס פּילאַטוס. יהודה האָט געקרעכצט אונטער דעם שווערן יאָך פון דער פערטער פרעמדער מאַכט (אשור־בבל, פּרס, סיריע און רוים), און האָט איבערגעטראָגן פאַרשידענע רעפּרעסיעס, גזירות און שווערע באַליידיקונגען. נישט אין גלות — דאָס פאָלק האָט זיך דערווייל נאָך געפונען אויף זיין אייגענער ערד; צו שטאַרק איז אָבער די פרעמדע מאַכט געווען און צו פיל האָט זי זיך דערלויבט אריינצורייסן אין די הייליקסטע באַהעלטענישן פון דער פּאָלקס נשמה. האָט די באַליידיקטע און דערשלאָגענע אומה טיף אינערלעך געפילט, אַז זי לעבט איבער דעם מיטן פון סוף? האָט זי איצט באַגריפן דעם כאַראַקטער פון דער רוימישער פּאָליטיק און פאַרשטאַנען, אַז יהודה האָט שוין נישט מער צו האָפן אויף אַ זעלבסטשטענדיק מלוכה־לעבן? — אויב נישט די גאַנצע אומה, האָט עס אַ באַדייטנדער טייל פון איר זי־כער געפילט; און דאָס דאַזיקע באַוואוסטזיין פון דער אייגענער שוואַכ־קייט און הילפלאָזיקייט וואָלט ווירקלעך געפירט דאָס פּאָלק אויף דעם וועג פון אונטערגאַנג און פאַרניכטונג, ווען די יהודהער וואָלטען נישט זיין אַ פּאָלק פון גייסט, אַ פּאָלק פון גלויבן.

אונדזער פּיין ציט זיך שוין הונדערטער יאָרן; אין דעם משך פון אַ גאַנצער ריי דורות און תקופות ווערן מיר כסדר געפּלאָגט און גע־דריקט דאָ פון דער און דאָ פון דער צווייטער געצנדינערישער, ווילדער מאַכט: אונדזערע בעסטע קינדער ווערן געפּייניקט און אומגעבראַכט; ווילן מיר היטן די געבאָטן פון אונדזער תורה מוזן מיר דערפאַר מיט אונדזער בלוט באַצאָלן; די עזרות פון בית־המקדש זייגען שוין נישט איין מאָל פול געווען מיט הויפנס קעפּ פון מענטש־קרבנות, — מיט הויפנס קעפּ פון יידן־מאַרטירער, וואָס האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די שפּיצן פון זייערע אייגענע שווערדן מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן; איז נאָך ווייניק געווען דאָס אַלץ, האָבן מיר איצט דערשפּירט אויף זיך די דריקנדיקע

צוואַנג פון דעם אייזערנעם רוימישן יאָך. מיט וואָס־זשע, פרעגט זיך, וועט זיך דאָס סוף כל סוף ענדיקן? וואו איז דער פונקט, ביי וועלכן אָט די אַלע צרות וועלן אויפהערן און ס'וועט זיך אָנהויבן אַ צייט פון מנוחה און פרידן? — אַזוי האָבן ביטער געטענהט די פאַרצווייפלטע זין פון דער באַליידיקטער אומה; דער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונגס־אינסטינקט האָט שוין אָבער פון פריער געהאַט אָנגעגרייט אויף דעם אַ קלאָרע און באַשטימטע תשובה: וואָס טרויעריקער און פינצטערער עס ווערט אונדזער לעבן אויף דער ערד, אַלץ העכער און העכער דאַרפן מיר אויפהויבן דעם קאָפּ צום הימל; וואָס שרעקלעכער און דריקנדיקער עס ווערט די מאַכט פון די מענטשלעכע הערשער, אַלץ האַרציקער און שטאַרקער דאַרפן מיר זיך איבערגעבן אין די הענט פון דער געטלעכער מאַכט, און וואָס ערגער און פּלאָגנדיקער עס איז אונדזער לאַגע אין דער קעגנוואַרט, אַלץ ליכטיקער און גליקלעכער וועט שיינען אונדזער שטערן אין דער צוקונפט. דאָס מעכטיקע רעליגיעזע געפיל פון פאָלק האָט פון אייביק־אָן פאָראויסגעשפּירט יעדן קריזיס אינעם פאָלקס־לעבן און זיך צוגעפּאַסט צו אים, און איצט, פאַר דער נאָענטער געפאַר, האָט עס דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון זיין באַצווינגונגס־קראַפט און פון זיין אינערלעכער ווירקונג; די גאַנצע אומה איז ווי באַהערשט געוואָרן פון איין שטאַרקער רעליגיעזער באַגייסטערונג, וואָס האָט פון איין זייט געמילדערט די ליידן פון יעדן איינצלנעם, צוזאָגנדיק אים אַ בייי לעבן נאָכן טויט, און פון דער צווייטער זייט — דערנערט די פאַנטאַזיע פונעם כלל, פון פאָלק, מיט די שענסטע האָפענונגען אויף דער נאָענטער צוקונפט. די התלהבותדיקע אמונה אין דער געטלעכער השגחה האָט אַרויסגערופן אין זכרון פון פאָלק די אַלטע הבטחה פון אַ גאָט־געזאַלבטן, פון אַ משיח, און ווי די נביאים אַמאָל, אַזוי האָבן די איצטיקע גייסטיקע פאָלקס־פירער אויך אַנטוויקלט כסדר דעם ווייטערדיקן געדאַנק: דאָס פאָלק אליין האָט פאַר זיך נאָר איין איינציקע אויפגאַבע: עס דאַרף זיך רעכטפאַרטיקן פאַר גאָט, היטן די געבאָטן פון דער תורה און דינען ווי אַ מוסטער פון גייסטיקער ריינקייט און מענטשלעכער הייליקייט פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט; די פרייהייט פון לאַנד, דער וואוילשטאַנד פון פאָלק און די אַלע איבעריקע ערדישע און וועלטלעכע גוטסקייטן — דאָס וועט שוין קומען דערנאָך, ווי אַ באַלוינונג פון גאָט דעם באַשיצער. ער וועט אַראָפּשיקן זיין געזאַלבטן

פון ד ו ד ס הויזגעזינד (משיח בן דוד) און דער לעצטער וועט ברענגען מיט זיך גליק, ליכטיקייט און אייביקן שלום צווישן אַלע אומות.

די דאָזיקע אַבסטראַקטע פאָרשטעלונג פון דעם קומענדיקן משיח האָט אָבער נישט באַפרידיקט די ברייטע מאַסן פון פאָלק. ביי די ממשות־דיקע רעפּרעסיעס און באַליידיקונגען, וואָס דאָס פאָלק האָט איבערגע־טראָגן אויף יעדן טריט פון דער שטרענגער רוימישער פּראָקוראַטור, האָט זיין פאַנטאַזיע פון דעם געטלעכן אויסלייזער אויך געמוזט זיין ממשות־דיק־געטנוי און באַשטימט. דער באַליידיקטער און דערשלאָגענער האָט געמוזט האָבן פאַר זיך אַ קלאָר בילד פון זיין באַפרייער און העלפער: ווי ער וועט קומען און וואָסערע גליקן ער וועט מיט זיך ברענגען, — — און דאָ זיינען זיך די מיינונגען פאַנאַנדערגעגאנגען פון די פאַר־שידענע פאַרטייען.

די נאַציאָנאַלע פ ר ו ש י ם האָבן אין דעם דערוואַרטעטן משיח קודם כל געזען אַ נאַציאָנאַלן אויסלייזער. די אַלע גוטע און שלעכטע צייטן, וואָס יהודה האָט איבערגעלעבט, זינט דאָס פאָלק האָט זיך צוריק אומ־געקערט אַהין פונעם גלות בבל, זיינען נישט מער ווי אַ פאָרבערייטונג צו יענער גליקלעכער צוקונפט, ווען עס וועט זיך באַווייזן משיחס אָנ־זאָגער (מבשר), א ל י ה ו ה נ ב י א. אין יענער צייט וועלן אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע קינדער פון דער יידישער אומה זיך אומקערן אינעם היילִיקן לאַנד, באַלאָדן מיט רייכע מתנות פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי האָבן געוואוינט; און נישט נאָר די לעבעדיקע — אויך די טויטע וועלן לעבעדיק ווערן (תחית המתים): עס וועט זיך אָנהויבן אַ מין לעבן אונטער אַ נייעם הימל און אויף אַ נייער ערד.

דעם בילד פון די קומענדיקע „משיחס צייטן” (ימות המשיח) זיי־נען מיט דער צייט צוגעגעבן געוואָרן נאָך אַ גוזמא ליכטיקע שטריכן. די האָפענונגען פון כלל האָבן זיך צוזאַמענגעאָסן מיט די האָפענונגען און פאַרלאַנגען פונעם יחיד. און די פאָרשטעלונג פון דעם געטלעכן אויס־לייזער איז פון דור צו דור געוואָרן רייכער מיט פאַרשידענע ערדישע גליקן, הימלישע וואונדער און איבערנאַטירלעכע שיינקייטן. די דאָזיקע דערוואַרטעטע ליכטיקע צוקונפט האָט געפאָדערט אַ באַשטימטע באַצי־אונג צו זיך שוין איצט, אין דער קעגנוואַרט, און דאָ זיינען זיך די מיי־נונגען ווידער פאַנאַנדערגעגאנגען. די אַקטיווע קנאים, די נאָכפאָלגער

פון דעם באַרימטן יהודה הגלילי, האָבן געדרונגען: אמת טאַקע משיח וועט קומען און וועט זיך נוקם זיין אָן די באַדריקער פון יהודה, און וועט צוריק אויפשטעלן די יהודהשע גרויסקייט ,אַזוי ווי אין די גאָלדענע צייטן פון דודן און שלמהן. דערווייל אָבער הערשן די געצנדינער איבערן לאַנד און גאָטס נאָמען ווערט פאַרשוועכט, דאַרף מען זיך מוסר נפש זיין און קעמפן קעגן זיי און אַרויסרייסן פון זייערע הענט איין פאָזיציע נאָך דער אַנדערער; די מער פאַסיווע נאָכפאָלגער פון דעם שטרענג־פרומען שמאי האָבן נאָך מער איינגעפרעסט און פאַרהייליקט דאָס אַלטעגלעכע לעבן פון פאָלק און כסדר צוגעגעבן נייע דינים, נייע גזירות און נייע חומרות; און די פרידלעכע תלמידים פון דעם גרויסן הלל האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז אָט די אָנגעהויפטע דינים און פאַרפליכטונגען פון דעם וואָכעדיקן לעבן זאָלן נישט פאַרטעמפּען די מענטשלעכע געפילן פון פאָלק, אַז די יהודהשע אומה זאָל ווערן די טרעגערין פון גייסטיקער ריינקייט און גע־לייטערטער מענטשלעכקייט פאַר אַלע אומות, און די יהודהשע תורה זאָל זיך וואָס מער פאַרשפּרייטן אין פאָלק און אין דער אַרומיקער וועלט.

גאַנץ אַנדערש אָבער האָבן זיך פאָרגעשטעלט די דערשיינונג פון דעם קומענדיקן משיח — די אַסקעטישע א י ס יי ם. די דאָזיקע מיסטישע הימל־מענטשן, וועלכע האָבן זיך די גאַנצע צייט געפונען אויסערן לעבן פון לאַנד, אויסער אַלע פאָלקס־באַוועגונגען און איבערקערענישן און בכלל אויסער יעדער פאָרם פון מלוכה און געזעלשאַפט, האָבן ביסלעכווייז פאַרלוירן אינגאַנצן דעם געפיל פון נאַציאָנאַלער אייניקייט. זאָרגן פאַרן קיום פון דער אומה, קעמפן פאַר דער אָדער יענער פאָרם פונעם סדר המלוכה, היטן די גאַנצקייט פון דער נאַציע, ווי עפּעס עטוואָס באַזונדע־רעס, אָפּגעשלאָסענעס, — דאָס אַלץ האָט געמוזט אַרויסרופן נאָר אַ טיפן בטול ביי די הייליקע נזירים פון די פאַרוואָרפענע היילן און מדבריות. דאָס קליינלעכע ערדישע לעבן האָט געשאַפן די באַגריפן: לאַנד, מלוכה און פאָלק; פאַר גאָט עקזיסטירט אָבער אין דער אמתן נאָר דער יחיד, דער איינצלנער מענטש, און ער דאַרף זיך אויפהויבן איבער דער ערד און איבער אַלע אירע הבל־הבלימדיקע דערשיינונגען און אינטערעסן. דער מענטש דאַרף „לעבן אין גאָט"; זיין העכסטער אידעאַל דאַרף זיין, אַראָפּצוברענגען אויף דער ערד די „מלוכה פון הימל (מלכות שמים) און פאַרגעסט ער איין ווײַלע אין גאָט און אין דעם העכערן זין פון זיין עק־

זיסטענץ, מאַכט ער דאָס לעבן קליין, וואָכעדיק, ערדיש. די גאַנצע טויזנט־יעריקע פאַרגאַנגענהייט פון דער יידישער אומה איז דעריבער נישט מער, ווי איין לאַנגע קייט פון זינד און פאַרברעכן: אין דעם משך פון די אַלע הונדערטער דורות האָבן די מיליאָנען יחידים פון פאָלק כסדר געטראַכט וועגן אַזעלכע ערדישע זאַכן, ווי לאַנד און מלוכה. פאַר די זינד פייניקט גאָט זיינע אויסדערוויילטע קינדער, און דער צושטאַנד קאָן שוין לענגער נישט דויערן; עס מוז פאָרקומען אַ גרויסע איבערקערעניש, די מלכות־השמים מוז זיך דערנענטערן, און צו דעם צוועק שיקט גאָט זיין געזאַלבטן, משיחן. אַזוי האָבן די איסיים אויסגעטייטשט דעם שיינעם חלום פון דער אומה און געמאַכט פון אים אַ מיסטישן סימבאָל פאַר אַלע אומות, פאַר אַלע מענטשן פון דער ערד.

און דער דאָזיקער סימבאָל האָט באַלד אָנגענומען אַ ממשותדיקע קערפערלעכע געשטאַלט. עס האָט זיך באַוויזן אַן אָנזאָגער פון דעם דער־וואַרטעטן משיח, און די שוואַכע שטים, וואָס ער האָט אויפגעהויבן אין די מדבריות פון גליל, האָט זיך צעטראָגן ווייט איבער לענדער און ימים. דאָס איז געווען איינער פון די איסיים מיטן נאָמען יוחנן, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם ביינאָמען המטבל (דער טויפער) צו־ליב דעם, וואָס ער האָט אַלע זינדיקע געהייסן זיך טובלען אין ירדן. געלעבט האָט ער לויט די זיטן און מנהגים פון אַלע איסיים; ער האָט זיך געשפּייזט מיט קרייטעכצער און ווילדן האָניק און איז געווען געקליידט אין אַ קעמל־פעל מיט אַ לעדערנעם גאַרטל — ווי דער אַמאָליקער אליהו הנביא. זיין שטענדיקער אָרט איז געווען אין די מדבריות אַרום דעם טויטן ים, וואו עס האָט זיך אויפגעהאַלטן דער גאַנצער אָרדן פון די איסיים, און פון דאָרטן האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין די שטעט און דערפער פון גליל און פּערעאָ. דאָ האָט ער גערופן דאָס פאָלק צו תשובה און חרטה, און געהייסן אַלעמען, זיך ריייניקן אין ירדן, אָפּוואַשן פון זיך די זינד און זיין גרייט צו דעם גרויסן טאָג: — „טוט תשובה, וואָרום עס דער־נענטערט זיך די מלוכה פון הימל!"

דאָס פאָלק, וואָס איז אַן דעם אויך געווען דורכגעדרונגען מיט אַ רעליגיעזער שטימונג און האָט געוואַרט אויף אַ צייכן פון הימל, האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די שטראָף־רייד פון דעם הייליקן נזיר. פון דער גאַנצער סביבה אַרום ירדן און אויך פון יהודה זיינען געקומען

מחנות פֿאָלקס־מענטשן צו דעם הייליקן יוחנן, זיך מתודה זיין פֿאַר אים און לאָזן זיך פֿון אים אָפּטובלען אין ירדן. אויף דער פֿראַגע פֿון די צו־הערער: וואָס זאָלן מיר טאָן, כדי אויסצומיידן גאָטס שטראָף? — האָט דער באַגייסטערטער משיח־אָנזאָגער געענטפֿערט: טיילט זיך אין אַלץ מיטן אָרעמאַן, טוט נישט קיין אומרעכט און באַליידיקט נישט קיינעם. די אַלע וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו אים, האָבן זיך דעריבער נישט אויס־געצייכנט מיט קיין זאַך קעגן די געוויינלעכע איסיים, און די פֿירער פֿון דער הערשנדיקער פֿאָלקס־פּאַרטיי, די פּרושים האָבן נישט געזען קיין גע־פֿאַר אין דעם, וואָס גרויסע מאַסן פֿון פֿאָלק זיינען צוגעשטאַנען צו דעם אָרדן פֿון די הייליקע אַסקעטן. די צוציאונגס־קראַפֿט פֿון יוחננס נביאות און שטראָף־רייד איז אָבער וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געוואָרן; פֿון אַלע עקן לאַנד האָבן אָנגעהויבן קומען מאַסן יהודהער קיין גליל, כדי צו הערן גאָטס וואָרט, און די גאַנצע זאַך האָט ענדלעך אַרויפֿגעצויגן אויף זיך די שנאה פֿון דער אַדמיניסטראַציע. אין גליל האָט דעמאָלט געהערשט הורדוסעס זון, דער טעטראַרך הורדוס־אַנטיפּאַ, וועלכער איז גאַנץ ווייט געווען פֿון דעם איסייאישן אַסקעטיזם און האָט נאָך דערצו זיך אומגע־זעצלעך פֿאַרבונדן מיט דער שיינער הורדיה, די פֿרוי פֿון זיין ברודער הורדוס. דער באַגייסטערטער מוכיח האָט דעם זינדיקן הערשער נישט גע־שוינט און די פֿאַרזאַמלטע פֿאָלקס־מאַסן האָבן נישט איין מאָל געהערט פֿון אים, וואָסערע שענדלעכע מעשים עס טוען זיך אָפּ אין די אַפּאַרטאַ־מענטן פֿון דעם פֿירשטלעכן פּאַלאַץ און וואָסערע גרויזאַמע שטראָף עס דערוואַרט די דאָזיקע „פֿאַרשיכורטע פֿון ווייַן און פֿון זנות". דער טעטראַרך האָט דעריבער באַפֿוילן, מ'זאָל אויפֿזוכן דעם נביא און אים אַריינזעצן אין געפֿענגעניש. צי יוחנן איז דאָרט לאַנג געזעסן און צי ער האָט דערלעבט צו זען נאָך מיט זיינע אויגן דעם דערוואַרטן „משיח" — דאָס איז נישט באַוואוסט; זיכער איז אָבער, אַז הורדוס האָט געלאָזן אויספֿירן איבער אים אַן אכזריותדיקע שטראָף. די עוואַנגעלישע לעגענדע שילדערט זייער רירנ־דיק די ענדע פֿון דעם הייליקן משיח־אָנזאָגער: אין פּאַלאַץ פֿון דעם גלילע־אישן טעטראַרך איז פֿאָרגעקומען אַ פּרעכטיקער באַל, אויף וועלכן עס זיינען געווען פֿאַרזאַמלט אַ סך אָנגעזעענע, יהודהשע און נישט יהודה־שע געסט; הורדוס־אַנטיפּאַ איז געווען פֿאַרשיכורט פֿון שמחה, און ער האָט געבעטן דער יונגער פּרינצעסן סאַלאָמעאַ, הורדיהס טאָכטער פֿון איר

ערשטן מאַן, זי זאָל טאַנצן פאַר אים. סאַלאָמעאַ האָט דאַן מיט אַן אומ־גערווינלעכער גראַציע אויסגעפירט אַ ריי שיינע טענץ, און דער טעטראַרך איז אַזוי אנטציקט געוואָרן, אַז ער האָט זיך ארויסגערופן צו דערפילן אַלץ, וואָס נאָר זי וועט ביי אים בעטן. אויף דעם האָט די פּרינצעסן גע־ענטפערט, אַז זי בעט, מ׳זאָל איר דערלאַנגען אויף אַ טאַץ... דעם קאָפּ פון יוחנן המטבל! דער ווילדער פאַרלאַנג זאָל זיך האָבן געגומען דערפון, וואָס יוחנן פלעגט באַזונדער שטאַרק אָנפאַלן אויף איר מוטער, הורדיה, און זי באַשולדיקן אין פאַרשידענע אויסגעלאַסנקייטן. און דער טעטראַרך האָט זיין צוזאָג דערפילט: אין אַ קורצער ווײַלע ארום איז דער קאָפּ פון דעם געפאַנגענעם הייליקן געלעגן אויף אַ גאָלדענער טאַץ פאַר דער פאַר־שיכורטער טענצערן, און זי האָט עס צוגעטראָגן איר מוטער — דעם קרבן פון זיין שאַרפער צונג.

נאָך דעם ווי יוחנן המטבל איז געוואָרן געפאַנגען, האָבן זיך פאַר־שפּרייט איבערן לאַנד אַ גאַנצע ריי פון זיינע תלמידים, וואָס האָבן פאַר־געזעצט זיין אָנגעהויבענע אַרבעט; און אָט, פון די דאָזיקע תלמידים איז אויסגעוואַקסן איינער, מיטן נאָמען פון וועלכן עס איז פאַרבונדן די גאַנצע נייע ערע אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

ישוע (אָפּגעקירצט: ישו) אָדער יעזוס (די גריכישע פאָרעם פון דעם נאָמען) פון נצרת, אַ שטעטל אין גליל צו דרום־זייט פון צפורי, איז געווען דער ערשטער זון פון אַן אומבאַקאַנטן בעל־מלאכה מיטן נאָמען יוסף און זיין פרוי מרים אָדער מאַריע, וואָס האָט אים, לויט דער לעגענדע, געבוירן ווען זי איז נאָך געווען אַ כלה. די מוטער האָט אויסער אים געבוירן נאָך פיר זין: יעקב, יוסי, שמעון און יהודה, און עטלעכע טעכטער; צי ישוס עלטערן האָבן ווירקלעך אָפּגעשטאַמט פון דוד המלך, ווי די קריסטלעכע לעגענדע גיט אָן ווי אַ פאַקט — דאָס איז היסטאָריש נישט באַוויזן גע־וואָרן. פון ישוס יוגנט איז אויך גאָרנישט באַוואוסט, און וויל מען זיך מאַכן אַ געוויסע פאָרשטעלונג פון זיינע קענטענישן און זיין בילדונג, מוז מען נעמען דערביי פאַר אַ מאסשטאַב דעם קולטורעלן צושטאַנד פון זיין געבורטס־לאַנד. די גלילער זיינען געשטאַנען אַ סך נידעריקער פון די יהודהער אין יידישע קענטענישן. די יהודהער האָבן געהאַט ביי זיך דעם בית המקדש און דעם צענטער פון דער יידישער געזעץ־לערע, בשעת אין גליל האָט זיך, ביזן חורבן פון בית שני, נישט געפונען קיין איינציקע

אינסטיטוציע אויף צו פֿאַרשפּרייטן די יידישע וויסנשאַפֿט. די גלילשע באַפֿעלקערונג איז דעריבער געווען פֿראָסטער, עם־הארצישער, און דערפֿאַר אויך פּינקטלעכער און שטרענגער בנוגע צום מקיים זיין די מינדסטע געבאָטן פֿון דער תורה. פֿון זייערע געצנדינערישע שכנים, די סיריער, האָבן די גלילער איבערגענומען אַ מאַסע אבערגלויבערייען; זיי האָבן געגלויבט אין בייזע רוחות, דיבוקים און אַלערליי כשופים. זייער העברעישער דיאַלעקט האָט אויך געהאַט אין זיך אַ מאַסע אַראַמעאישע עלעמענטן, און זיי האָבן קיינמאָל נישט געקענט אויסרעדן ריין די העברעישע ווערטער — דערפֿאַר פֿלעגן די יהודהער חוזק מאַכן פֿון זיי און קוקן אויף זיי מיט אַ געוויסן בטול. דאָס שטעטל נצרת אַליין איז אויך נישט געווען קיין שום אויסנאַם: דאָס איז געווען אַן אָרים שטעטל אין אַן אָרימער געגנט, וואָס איז געווען נישט איבעריק פּרוכטבאַר און נישט רייך אין נאַטור־שיינקייטן.

ווי ס׳איז אַלזאָ צו גלויבן, האָט זיך דער יונגער גלילער, ישו, אויך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין טיפֿע קענטענישן; דערפֿאַר האָט ער אָבער אין זיין פּריעסטער יוגנט שוין געטראָגן אין האַרצן דעם געפֿיל פֿון זיטלעכער ערנסטקייט און גאָטספֿאָרכטיקער לעבנס־הייליקייט. נאָענט אין גייסט צו דעם גרויסן מענטשנפֿריינט, הלל, און אין גאַנצן דורכגעדרונגען מיט דעם מיסטישן עקסטאַז פֿון די איסיים, איז דער יונגער ישו געווען איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָפּגערופֿן אויף דער אויפֿפֿאָדערונג פֿון יוחנן המטבל. דער טיף פֿילנדיקער ישו ווערט נענטער באַקאַנט מיט די יסודות פֿון דער איסייאַישער לעבנס־לערע, און די לעצטע באַקומען ביי אים דעם כאַראַקטער פֿון שטאַרקע איבערצייגונגען, וואָס ווערן ארויסגעזאָגט אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן. „גליקלעך זיינען די אָרימע, ווייל זיי געהערט די מלוכה פֿון הימל״; „עס איז לייכטער, אַז אַ קעמל זאָל דורכגיין דורכן שפּעלטל פֿון אַ נאָדל, איידער אַז אַ רייכער זאָל אַריינקומען אין הימל״; „מ׳קען נישט דינען צוויי האַרן — גאָט און דעם מאַמאָן (געלט־גאָט״). די איסיים זיינען געווען שטרענגע קעגנער פֿון יעדער מין שבועה, און ישו האָט געלערנט: „שווערט קיינמאָל נישט, נישט ביים הימל, נישט ביי דער ערד און נישט ביי אייערע קעפּ, נאָר אייער יאָ זאָל זיין יאָ און אייער ניין זאָל זיין ניין״.

ווען יוחנן המטבל איז געפֿאַנגען געוואָרן פֿון הורדוס־אַנטיפּאַ, האָט ישו גענומען אויף זיך, פֿאָרצוזעצן די אַרבעט פֿון דעם הייליקן נזיר. „טוט

תשובה, ווייל עס איז נאָענט די מלוכה פון הימל!״ — האָט איצט גע־שריען צום פאָלק דער, וואָס האָט שפּעטער אַליין פאַרקערפּערט מיט זיך די דאָזיקע „מלוכה פון הימל״ — משיחס צייטן. ישו האָט זיך אָבער נישט געוואָלט באַגנוגענען מיט דער טעטיקייט פון אַ מדבר־נביא, וואָס וואַרט, אַז די זינדיקע זאָלן צו אים קומען; ער האָט אָנגעהויבן גיין צו די זינדיקע, און איז אַרויסגעטראָטן אין עטלעכע גלילשע בתי־מדרשים מיט פייער־דיקע דרשות, אין וועלכע ער האָט, ווי זיין רבי, גערופן צו תשובה און ריינקייט. נאָך אַ ריי אַנדערע שטעט, איז ער געקומען אויך אין זיין גע־בורט־שטעטל נצרת און איר סביבה; דאָ האָט ער אָבער נישט געהאט קיין דערפאָלג: די היימישע באַפעלקערונג האָט חוזק געמאַכט פון דעם באַ־גייסטערטן הימל־מענטש. און איראָניש געפרעגט: „איז עס נישט דער זון פון אונדזער סטאָליער יוסף?״ אַנדערע האָבן אַפילו געשריען צו אים: הייל דיך אַליין פריער אויס, דערנאָך וועסטו היילן אַנדערע.

דאַן האָט ישו באַשטימט, זיך צו דערווייטערן אין גאַנצן פון די היימישע שטעט, און אין גאַנצן צו ווענדן זיין אַגיטאַציע אין דער זייט פון איין באַשטימטן קלאַס מענטשן, וואָס נייטיקט זיך אם מייסטן אין דער הילף פון גאָטס וואָרט. ישו האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די נידעריקסטע שיכטן פון דער יהודהשער געזעלשאַפט: אויפן פּראָסטן המון, אויף די זינדיקע (עבריינים) און פאַרשטויסענע, אויף די מוכסניקעס און פּראָסטי־טוטקעס און אויף יענע אַלע, וואָס האָבן קיין צוטריט נישט געהאט נישט צו די באַגריפן פון דער תורה, נישט צו אירע געבאָטן און אויך נישט צו די טראַדיציעס פון דער אומה בכלל.

צו די דאָזיקע דערשלאָגענע און פאַרשטויסענע האָט זיך דער שפּע־טערדיקער אויסלייזער איצט געווענדעט מיט זיינע שטראָף־ און טרייסט־ווערטער. ער האָט געוואָלט „ראַטעווען די פאַרלוירענע שעפּסעלעך פונעם הויז ישראל״, ווייל נאָר די קראַנקע, ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, נייטיקן זיך אין הילף, כדי זיי זאָלן נישט גיין פאַרלוירן, אָבער די געזונטע, די געלערנטע און פרומע, דאַרפן קיין דאָקטער נישט. כדי זיינע ווערטער זאָלן מאַכן דעם געווינטשטן איינדרוק, האָט ער געמוזט ווייזן פאַרשידענע וואונדער, און אַזוי ווי דאָס האָט זיך די גאַנצע צייט פּראַקטיצירט צווישן די מיטגלידער פון דעם איסייאישן אָרדן, איז ישו אויך נישט אָפּגעשטאַנען

פון די פריערדיקע הייליקע: ער האָט געהיילט גייסטיקע און פיזישע קראַנ־קע, אַרויסגעטריבן „דבוקים" און בכלל באַוויזן אַלערליי מופתים.

דאָס האָט אים געמאַכט אין אַ קורצער צייט שטאַרק פּאָפּולער און ווען ער איז געקומען אין דער שטאָט כפר נחום (קאַפּערנאַאום) אין דער געגנט פון ים כנרת, האָט ער שוין געפונען פאַר זיך באַגייסטערטע צוהערער. די באַפעלקערונג פון דער דאָזיקער שטאָט און דער שיינער, פרוכטבאַרער געגנט, איז ווי צוגעפּאַסט געווען פאַר די באַגייסטערטע שטראָף־רייד פון דעם גרויסן גלילער. דאָ האָבן זיך געפונען מער לייכטזיניקע, מער זינ־דיקע, און דער קעגנזאַץ צווישן רייכטום און אָרימקייט האָט זיך דאָ אויך מער בולט געזען, ווי די אַנדערע גליל־שטעט. ישו האָט דעם גינסטיקן פּלאַץ אויסגענוצט פאַר זיין אַגיטאַציע און די נידעריקע שיכטן פון דער באַפעל־קערונג זיינען טיף גערירט געוואָרן פון זיינע האַרציקע, באַגייסטערטע רייד; זיי האָבן אין זיינע ווערטער געפילט עפּעס נייעס, עטוואָס נאָענטס און פּשוטעס. דער עקזאַלטירטער הימל־מענטש האָט הויך און שאַרף פּראָטעס־טירט קעגן די גרויסהאַלטערס, די לומדים און פּרושים, און ווער נאָך האָט אַזוי געפילט די גאַווהדיקע פאַראַכטונג פון די דאָזיקע מיוחסים, ווי זיי, די עם־הארצים, די זינדיקע און פאַרשטויסענע! און גערופן האָט דער באַ־גייסטערטער מוכיח גאָר צו אַן אַנדער גלויבן, אַ פּערזענלעכן, אַ פּשוטן, וואָס פאָדערט נישט קיין לומדות און קיין פּשטלעך, נאָר האַרציקייט, גוטס־קייט און האָבן שטענדיק גאָט אין האַרצן. דאָס האָט נאָך גרעסער געמאַכט דעם דערפאָלג פון זיינע דרשות. אַ סך פון זיינע צוהערער האָבן זיך צו־געבונדן צו אים און נישט געוואָלט זיך פון אים אָפּשיידן. צו די דאָזיקע ישוס ערשטע תלמידים פון כפר נחום געהערן: שמעון (מיטן ביינאָמען כפת אָדער פּעטרוס) און זיין ברודער אַנדרעאַס, ביידע פישערס; נאָך צוויי ברי־דער, יעקב און יוחנן, און איינער אַ רייכער מוכסניק, מיטן נאָמען מתתיהו (אָדער לוי), וואָס ישו האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אים אין הויז. צו זיי זיינען צוגעשטאַנען אויך געווויסע זינדיקע און אויסגעלאַסענע פרויען, פון וועלכע עס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן די שיינע מאַריאַ מאַגדאַלענאַ (פון דער שטאָט מגדלא ביי טבריה). די דאָזיקע פאַרשטויסענע נשמות זיי־נען אונטער דעם איינפלוס פון ישוס רייד אַרויפגעפירט געוואָרן אויף דעם וועג פון ריינקייט און גאָטספאַרכטיקייט; אין יענער צייט איז דאָס אָבער

געוועזן אַ נישט געהערטע זאַך, אַז אַ יהודהשער הייליקער זאָל האָבן וועלכע ס'איז מגע ומשא מיט פרויען, און דערצו נאָך מיט אַזעלכע.

אין כפר נחום האָט זיך ישו אויפגעהאַלטן אַ לענגערע צייט. די צאָל פון זיינע אָנהענגער איז געוואַקסן, און ער האָט כסדר געפּלאַנצט אין זיי ליבע צו גאָט, האַרציקייט, הייליקייט און גוטע מדות. ישו האָט געשטרעבט אַריינצוברענגען אין שטאָט יענע אַלע באַגריפן און לעבנס־פאָרמען, וואָס האָבן געהערשט אין די איסיישע היילן און מדבריות, און ער האָט באַפוילן זיינע תלמידים און אָנהענגער, נישט צו טראָגן אין זייערע גאַרטלען קיין גאָלד און קיין זילבער, נישט איבערצולאָזן פאַר זיך מער ווי איין מלבוש און נישט צו טראָגן קיין שיך אויף די פיס.

„איר זאָלט נישט זאָרגן פאַר אייערע לייבער — האָט ישו געלערנט — איר זאָלט נישט זאָרגן און קלערן וואָס וועט איר עסן און טרינקען און אין וואָס וועט איר זיך אָנקליידן. דער נפש איז דאָך טייערער פון עסן און דער גוף — פונעם מלבוש. קוקט זיך צו און זעט די פייגל פון הימל, וואָס זייען נישט און שניידן נישט און זאַמלען נישט צונויף קיין תבואות, און אייער פאָטער אין הימל שפּייזט זיי, און איר זענט דאָך פיל העכער פון זיי". „און פאַר אייער קליידונג וואָס דאגהט איר? קוקט זיך צו צו די ליליען פון פעלד, וואָס וואַקסן און אַרבעטן נישט און שפּינען נישט. און איך זאָג אייך, אַז שלמה אין זיין גאַנצער פּראַכט איז נישט געווען אַזוי שיין אָנגעקליידט, ווי איינע פון זיי, און אויב גאָט קליידט אַזוי אָן די גראָזן פון פעלד, וואָס הייגט וואַקסן זיי און מאָרגן ווערן זיי אַריינגעוואָרפן אין פייער, איז דאָך אַ פשיטא שוין אייך, קליין־גלויביקע. איר זאָלט דע־ריבער נישט זאָרגן: וואָס וועלן מיר עסן, וואָס וועלן מיר טרינקען און אין וואָס וועלן מיר זיך אָנקליידן — דאָס אַלץ זוכן די געצנדינער. אייער פאָ־טער אין הימל ווייסט דאָך, אַז איר דאַרפט דאָס אַלץ האָבן. זוכט פריער די מלכות השמים (גאָטס קעניגרייך) און זיין גערעכטיקייט און דאָס אי־בעריקע וועט שוין ממילא קומען. איר זאָלט נישט קלערן וועגן דעם מאָר־גנדיקן טאָג, ווייל דער מאָרגנדיקער טאָג וועט פאַר זיך אַליין קלערן און יעדער טאָג האָט גענוג זיינע צרות".

„בעט און עס וועט אייך געגעבן ווערן, — האָט ישו נאָך אין אַן אָרט געלערנט — זוכט נאָך און איר וועט געפינען, קלאַפּט אָן און עס וועט אייך געעפנט ווערן. ווייל ווער עס בעט — באַקומט, און ווער עס

זוכט נאָך — געפינט, און פאַר דעם, וואָס קלאַפּט אָן — עפנט זיך די טיר. אָדער ווער געפינט זיך דאָ פון אייך אַזוינער, וואָס זיין זון האָט ביי אים געבעטן ברויט און ער האָט אים געגעבן אַ שטיין ? און ווען ער בעט ביי אים פיש — וועט ער אים דען געבן אַ שלאַנג ? איר, מענטשן שלעכטע, ווייסט דאָך אויך, צו געבן גוטע מתנות אייערע קינדער, און אייער פאָטער אין הימל וועט געוויס שענקען נאָר גוטס יענע, וואָס בעטן ביי אים". דעם באַפעל פון דער תורה: „דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר, ווי זיך אַליין" (ואהבת לרעך כמוך), האָט ער דערפירט ביז דער מדרגה פון מקריב זיין זיך: „דו זאָלסט דיך נישט שטעלן אַקעגן דעם, וואָס קומט דיר שלעכטס טון. אויב ער שלאָגט דיך אין דער רעכטער באַק — גיט אים אויך די לינקע; און ווער עס וויל זיך קריגן מיט דיר און אַראָפּנעמען דאָס העמד פון דיין לייב — לאָז אים איבער דיין אויבער־בגד; און דער וואָס צווינגט דיך צו גיין מיט אים איין שטרעקע וועג — גיי מיט אים צוויי"...

דער יסוד פון די אַלע געדאַנקען איז דעם דעמאָלטיקן יידנטום נישט געווען ניי און נישט פרעמד. מענטשנליבע, לעבנס־הייליקייט און אומבאַגרענעצטע אמונה אין דער טיפער גוטסקייט פון דעם באַרעמהאַרציקן גאָט אין הימל — דאָס האָט זיך פון אייביק אָן גערעכנט פאַר דעם עצם מהות פון יידנטום, און די הונדערטער מאמרים מיט דעם אינהאַלט, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונדז אין די תלמודים און מדרשים, שיידן זיך אין תוך גאַנץ ווייניק אונטער פון די עוואַנגעלישע; די לעצטע צייכענען זיך נאָר אויס מיט זייער נייער פאָרעם און מיט זייער אַנטי־געזעלשאַפטלעכן און אַנטי־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אין יידנטום האָבן זיך די יסודות פון אמונה, הייליקייט און מענטשן־ליבע צוגעפּאַסט צו דעם מהות פון אַן באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, פון אַ באַשטימטן פאָלק, וואָס האָט צו היטן זיין ספּעציפישע פיזיאָנאָמיע. די יידישע תורה האָט געזוכט אַריינצופלאַנצן אין יעדן יחיד פון דער אומה די אידעאַלסטע באַגריפן פון גאָט, מענטש און וועלט; דערביי איז זי אָבער אינגאַנצן געשטאַנען אַזיף דעם נאַציאָנאַל־היסטאָרישן באָדן און האָט פאַרפליכט דעם זעלביקן יחיד, זיך צו פילן און צו לעבן, ווי אַ טייל פונעם גאַנצן, ווי איינער פון כלל. די אידעאַלע באַגריפן זיינען צוגעקומען צום פאָלק אין דער געשטאַלט פון נאָרמען און געזעצן, און זיינע גייסטיקע פירער האָבן כסדר געזאָרגט דער־

פאַר, אַז די לעבנס־פאָרעם פון דער פאָלקס־אָרגאַניזאַציע זאָל ווערן וואָס ווייטער אַלץ פעסטער און באַשטימטער.

און אָט דעם נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן באָדן פון דער יידישער תורה האָט אונטערגעגראָבן דער גרויסער טרוימער פון נצרת, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט זיך געשטיצט אויף דער זעלביקער תורה און געפּרעדיקט אירע באַגריפן און איר מוסר. דער מיסטיש־באַגייסטערטער גלילער האָט אָוועקגעשטעלט אינעם צענטער פון זיין לערע דעם יחיד, דעם אינדיוויד, ווי עפּעס באַזונדערס, וואָס האָט קיין שייכות נישט צו דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע, און גערעדט האָט ער גראָד צו יענע יחידים, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט זיי אַזוי ווי אַרויסגעשטויסן פון זיך דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט״ געוואָלט טראָגן די משא פון אירע נאָרמען און געזעצן. ער האָט דעריבער גערעדט מער וועגן די אידעאַלע באַגריפן פון דער תורה (און דאָס אויך אין דער עקסטרעמסטער פאָרעם או זאין זיין אייגענעם נאָמען), ווי וועגן אירע נאָרמען און געבאָטן, און די דאָזיקע געטלעכע יידישע קאָנסטיטוציע, וואָס זאָגט־צו דעם פאָלק קודם כל ערדישע גליקן און נאַציאָנאַלע גרויסקייט, — איז ביי אים פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ מיסטישן לייטער צו דער מלוכה פון הימל, וואו עס וועלן זוכה זיין אַריינצוקומען נאָר די אָרימע און דערשלאָגענע. — אויף דער פראַגע פון אַ געוויסן פרוש: „וואָס איז דער עצם מהות פון יידנטום?" האָט ישו אויך, ווי דער גרויסער הלל, געענטפערט: „שמע ישראל, אונדזער גאָט איז איינציק, און דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך אַליין"; אין דער צייט אָבער, ווען דער גרויסער געזעץ־לערער האָט אויסער דער תשובה נאָך געווידמעט זיינע אַלע יאָרן אויף צו פאַרשפּרייטן אין פאָלק די באַשטימטע רעליגיעזע פאָרמען פון זיין אַלטעגלעכן, ערדישן לעבן, האָט דער גלילער הימל־טרוימער געשאַפן פאַר זיינע תלמידים און אָנהענגער אַ קורצע תפלה („פאָטער אונדזער"), כדי יעדער פון זיי זאָל קענען אויסגיסן זיין האַרץ פאַר גאָט אין מינוטן פון הימל־בענקשאַפט.

ביי דעם אַלעמען איז ישו אין דער גאַנצער צייט נישט אַרויסגעטראָטן אָפן קעגן דעם אָפיציעלן יידנטום. ער האָט געזאָגט: „איך בין נישט געקומען פאַרמינדערן דאָס געזעץ, נאָר עס פאַרמערן; הימל און ערד וועלן גיכער פאַרגיין, איידער איין פּינטל פון געזעץ". ער איז נישט געווען קעגן קרבנות, האָט געטראָגן אין זיין קלייד ציצית און האָט אַפילו געפּילט אין

האַרצן אַ טיפֿע פֿאַראַכטונג צו די געצנדינער פֿון דער אַרומיקער וועלט. ער האָט מיט די לעצטע גאַרנישט געוואָלט האָבן צו טון, און געזאָגט: „מ'דאַרף נישט וואַרפֿן קיין הייליקע זאַך פֿאַר הינט און קיין פּערל פֿאַר חזירים — זיי וועלן עס מיט די פֿיס צעטרעטן און אייך פֿאַרניכטן".

און די צאָל פֿון זיינע אָנהענגער איז דערווייל געוואַקסן. פֿון כּפר נחום איז ער געגאַנגען אין די אַנדערע גלילשע שטעט און האָט זיך דערוואָרבן נייע אָנהענגער פֿון בית צידה (יוליאַדאַ), מגדלא און כּאָראַזין. די תּלמידים, וואָס האָבן זיך פֿון אים נישט געוואָלט אָפּשיידן און זיינען אים אומעטום נאָכגעגאַנגען, האָבן געטון אַלץ וואָס ער האָט זיי באַפֿוילן. דאָס פֿאַרמעגן איז צעטיילט געוואָרן און אַלע מיטגלידער פֿון דער הייליקער משפּחה האָבן זיך גלייך געשפּייזט פֿון איין קאַסע; פֿון דער גרויסער צאָל אָנהענגער האָבן זיך אויסגעצייכנט עטלעכע, וואָס ישו האָט זיי געשענקט מער צוטרוי און זיי זיינען שפּעטער פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר די ערשטע צוועלף אַפּאָסטאָלן. און אָט, די דאָזיקע גרויסע מחנה פֿון אָנהענגער־פֿאַרגעטערער האָט ענדלעך צוגעבראַכט דעם טיפֿן מיסטישן חלום ביז צו זיין שטאַרקסטן אויסדרוק. אין די ערשטע צייטן פֿון זיין אַרויסטרעטן האָט ישו געקוקט אויף זיך נאָר, ווי אויף אַ מוכיח, און העכסטנס נישט מער, ווי אויף אַן אָנזאָגער פֿון דער קומענדיקער „מלכות השמים"; נאָך דעם אָבער, ווי די צאָל פֿון זיינע באַגלייטער האָט זיך כּסדר פֿאַרגרעסערט און יעדעס וואָרט פֿון זיין מויל איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ געטלעכע אַנטדעקונג און האָט אַרויסגערופֿן ביי אַלע אַ שטורעם פֿון רעליגיעזער באַגייסטערונג, — האָט אין אים ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך פֿונאַנדערצעוואַקסן דאָס געפֿיל, אַז ער אַליין איז עס דער דערוואַרטעטער משיח, דער געשיקטער פֿון גאָט, צו באַפֿעסטיקן אויף דער ערד די מלוכה פֿון הימל. אַ לאַנגע צייט האָט ער געטראָגן דעם גרויסן סוד אין האַרצן, און נישט געוואָגט צו ברענגען אים פֿאַרן מויל; ענדלעך אָבער איז דער חלום געוואָרן צייטיק און ער האָט געמאַכט דעם ערשטן שריט אויף דעם וועג צו דער מאַרטירער־קרוין.

דאָס איז פֿאָרגעקומען אין דעם אָפּגעלעגענעם טאָל, צופֿוסנס פֿון באַרג חרמון, נישט ווייט פֿון קסריה־פֿיליפּי, די הויפּטשטאָט פֿון דעם טעטראַרך פֿיליפּ, וואו דער ירדן שטראָמט אַרויס פֿון אַ מעכטיקן פֿעלדז. אין דעם דאָזיקן איינזאַמען ווינקל האָט ער געבראַכט עטלעכע פֿון זיינע פֿאַר־

טרויטסטע תלמידים, און דאָרט האָט ער זיי אַנטדעקט זיין געהיימסטן געדאַנק. ישו האָט זיי געפרעגט: פאַר וועמען האַלט איר מיך? אויף דעם האָט שמעון פעטרוס געענטפערט: דו ביסט משיח (קריסטוס). ישו האָט דאַן שטאַרק געליבט פעטרוסן און מודה געווען, אַז ער איז באמת משיח; דערביי האָט ער אָבער געבעטן די פאַרטרויטע, זיי זאָלן נאָך דערווייל דעם סוד נישט אנטדעקן און מיט קיינעם וועגן דעם נישט ריידן. דאָס איז געווען די געהיימע געבורט־שעה פון קריסנטום! ווען דער זעלביקער שמעון פעטרוס און נאָך צוויי פון די פאַרטרויטע תלמידים, יעקב און יוחנן, האָבן זיך דערלויבט צו מאַכן דעם רבין די באַמערקונג, אַז לויט דער מסורה האָט דאָך פאַר משיחן געדאַרפט קומען דער מבשר, אליהו הנביא, — האָט זיי ישו געענטפערט, אַז יוחנן המטבל איז זיין מבשר, נאָר קיינער האָט נישט דערקענט אין אים דעם געטלעכן נביא.

ישו האָט זיך אַליין קיין מאָל נישט אָנגערופן משיח; דערפאַר אָבער האָט ער אויסגעזוכט סאַך זיך פאַרשידענע באַצייכענונגען, גענומען פון באַקאַנטע שטעלן אין די הייליקע שריפטן, וואָס האָבן געקאַנט באַדייטן אי משיח, אי עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך אָנגערופן „מענטשן־זון" (בן האדם), געשטיצט אויף דער נבואה אין דניאל: זעה, מיט די וואָלקן פון הימל קומט אַ מענטשן־זון א"א; און אין געוויסע שטעלן רופט ער זיך „גאָטס זון" (בן אלהים) — ווי עס שטייט אין תהלים: „גאָט האָט געזאָגט צו מיר: דו ביסט מיין זון, איך האָב דיך היינט געבוירן".

ווען ישו האָט זיך געלאָזן אנערקענען פון זיינע תלמידים פאַר משיחן און זיי באַפוילן צו האלטן דאָס נאָך דערווייל בסוד, האָט ער זיי געטרייסט, אַז עס וועט קומען באַלד די צייט, ווען זיי „וועלן קענען אַלעמען איבערגעבן אין דער ליכטיקייט דאָס, וואָס ער האָט זיי פאַרטרויט אין דער פינצטער", ווען זיי „וועלן קענען פון די דעכער אַראָפּשרייען דאָס, וואָס, וואָס זיי האָבן קוים פאַרנומען מיט זייערע אויערן". די נבואה איז אָבער נישט מקוים געוואָרן; די תלמידים האָבן דעם סוד לאַנג נישט געהאלטן און ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ישו פון נצרת איז נישט בלויז דער צוגרייטער פון גאָטס קעניגרייך, נאָר אויך דער געשיקטער משיח אַליין, איז זיין פּרעסטיזש שטאַרק געפאַלן. דער עולם האָט געפאָדערט פון אים די אַלע דערוואַרטע נסים, וואָס זיינען פאַרבונדן געווען מיט דער דערשיינונג פון משיחן, און ער האָט זיי נישט געקענט באַווייזן; דאָס

האָט אַ סך פון זיינע אָנהענגער אין גאַנצן אָפּגעשטויסן פון אים, און די מער צוגעבונדענע האָבן אויך אָנגעהויבן שטאַרק צו פאָדערן, אַז ער זאָל עפּעס „אויפטון" און אַרויסטרעטן ווי אַ משיח אָפן, פאַר דער גאַנצער אומה.

דערווייל האָבן זיך דערטראָגן די קלאַנגען וועגן דעם געטלעכן משיח אויך אין הויף פון דעם גלילשן טעטראַרך, און ער האָט ווידער באַפוילן צו פאַנגען דעם „פאַרפירער". ישו האָט דאַן געמוזט אַנטלויפן מיט זיינע אָנהענגער פון הורדוסעס שפּיאָנען, און ווען איינער פון די סופרים איז אין יענער צייט צוגעקומען צו אים און געזאָגט: רבי, איך וועל דיר נאָכגיין, וואו דו וועסט גיין, — האָט אים ישו געענטפערט: „דער פוקס האָט זיין נאָרע, די פייגל פון הימל האָבן זייערע נעסטן, און דער מענטשן־זון האָט נישט קיין אָרט, וואו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן".

אַזוי צוגעדריקט פון אַלע זייטן, האָט ישו זיך געזען געצוואונגען זיך אַוועקצולאָזן אין דער הויפּטשטאָט פון יהודה.

ווען ער איז אָנגעקומען דורך יריחו קיין ירושלים, האָט ער זיך אויפגעהאַלטן נישט אין מיטן שטאָט, נאָר הינטן, נישט ווייט פון דער שטאָט־וואַנט, אין דאָרף בית־חנין, וואו עס האָבן זיך דעמאָלט אויפגע־האַלטן די מחוץ למחנהדיקע (קרעציקע און אַזוי טמאים, וואָס האָבן זיך נישט געטאָרט געפינען אין דער הייליקער הויפּטשטאָט). דאָ האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין הויז אַ געוויסער מחוץ למחנהדיקער מיטן נאָמען שמעון, און פון דאַנען האָבן אויך געשטאַמט די באַקאַנטע אָנהענגער לאַ־צאַרוס מיט זיינע צוויי שוועסטער מאַריאַ און מאַרטאַ.

ענדלעך איז ישו אָנגעקומען אין שטאָט. ווי ער איז דאָרט אויפגע־נומען געוואָרן פון דער באַפעלקערונג — לאָזט זיך געשיכטלעך נישט דערווייזן; ווי ס'איז אָבער צו גלויבן, האָבן זיינע אָנהענגער דערוואַרט צו זען פון אים דאָ, אין דער הייליקער הויפּטשטאָט, די גרעסטע מופתים און הימל־וואונדער, און זייער באַגייסטערונג איז אַזוי שטאַרק געווען, אַז זיי האָבן אים אַריינגעפירט אין שטאָט מיט אַן אומגעוויינלעכער פריילעכקייט און מיט הילכיקע אויסגעשרייען: „משיח", „גאָטס זון", „מלך פון יהודה!" די דאָזיקע פייערלעכע פאַרערונג האָט צוגעגעבן דעם פאַרערטן אַליין נאָך מער מוט און גלויבן אין זיך, און ער האָט זיך דערלויבט אַרויסצוטרעטן קעגן געוויסע איינפירונגען אין בית המקדש און קעגן די גייסטיקע פירער

פון דער אומה. די לעצטע האָבן זיך ביז אַהער בכלל באַצויגן מיט אַ געווּיסן ביטול צו דעם „היילקן" פון גליל, וואָס פירט זיך ארום מיט אַ כנופיא פון עמי הארצים, עבריינים, מוכסניקעס, פּראָסטיטוטקעס און גלאַט זינדיקע פּרויען; איצט אָבער, ווען עס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן אַזעלכע אויסרופן, ווי „משיח" און „בן אלהים", — האָבן זיי זיך אָנגעהויבן באַציִען צו דער זאַך ערנסטער. דאָ האָט קיינער נישט געקענט אָנערקענען דעם נישט געלערנטן גלילער פאַרן אמתן משיח שוין נאָר דערפאַר אַליין, וואָס לויט דער נבואה האָט דער דערוואַרטער אויסלייזער דורכאויס געמוזט שטאַמען פון די מלכי בית דוד, און אָנקומען גאָר פון בית־לחם; אויסער דעם האָט דער היילקער פון נצרת בכלל נישט באַפרידיקט די אַלע ליכטיקע, גייסטיקע און מאַטעריעלע האָפענונגען, וואָס האָבן געלעבט אין דער פאָרשטעלונג פון פאָלק צוזאַמען מיט דער פאָרשטעלונג פון דעם קומענדיקן גאָט־געזאַלבטן. אין די אָפיציעלע קרייזן פון יידנטום האָט מען דעריבער אָנגעהויבן צו קוקן אויף דעם גלילער, ווי אויף אַ פאַלשן משיח, וואָס גראָבט אונטער די יסודות פון דעם נאַציאָנאַלן יידישן גלויבן, און באַזונדער שטאַרק איז געווען די באַשולדיקונג קעגן אים דערפאַר, וואָס ער האָט געלעסטערט גאָט, זיך אָנגעבנדיק פאַר זיינעם אַ זון.

אָט די לעצטע באַשולדיקונג האָט נאָך געמוזט ווערן באַזונדער באַשטעטיקט, ווייל עס האָבן זיך געפונען אַ סך, וואָס האָבן געזאָגט, אַז ישו אַליין האלט זיך נישט פאַר אַ זון פון גאָט, און ער באַנוצט זיך סתם מיט דעם אויסדרוק „בן אלהים", ווי מיט אַ געוויסער מליצה פון תהלים. דאָ איז דעריבער זייער וויכטיק געווען די עדות פון איינעם פון ישוס נאָענטסטע תלמידים, יהודה איש־קריות (איסקאַריאָט), וועלכער האָט באַשטעטיקט דעם פאַקט, אַז דער נזיר פון גליל האלט זיך פאַר אַווירקלעכן „בן אלהים". ישו איז דאַן אַריינגעזעצט געוואָרן אין געפענגעניש, און אַלע זיינע אָנהענגער זיינען פון אים אַנטלאָפן; נאָר איין שמעון פעטרוס האָט זיך איצט אויך נישט געוואָלט אָפּשיידן פון זיין פאַרגעטערטן רבין. ווי לאַנג ער איז געזעסן אין געפענגעניש ביזן משפט — איז נישט באַוואוסט. עס איז באקאנט נאָר דאָס, אַז ערב פסח איז ישו פאָרגעפירט געוואָרן פאַרן געריכט פון סנהדרין, וואו דער פאָרזיצער איז געווען יוסף כיפא, דער כהן גדול. די חקירה ודרישה איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס די שופטים האָבן געוואָלט זיך איבערצייגן פון אים אַליין, צי ער האָט זיך טאַקע אָנ־

געגעבן פאַר אַ בן אלהים, ווי די עדות האָבן באַשטעטיקט. ווען איינער פון די שופטים האָט זיך געווענדעט צו אים מיט דער פראַגע, האָט ער געשוויגן און גאָרנישט געענטפערט; דאַן האָט אים דער פאָרזיצער נאָך אַמאָל געפרעגט, צי ער איז גאָטס זון, און אויף דעם זאָל אים ישו האָבן גע־ענטפערט: „דו זאָגסט עס", און גלייך דערנאָך צוגעגעבן: „באַלד וועט מען דעם מענטשן־זון זען זיצן ביי דער רעכטער זייט פון גאָטס טראָן און זיך טראָגן אויף די וואָלקנס פון הימל". פון די טענות האָבן די שופטים אַרויס־געדרונגען, אַז ישו האָט זיך באמת פאַר אַ גאָט־געשיקטן און שרייבט זיך צו אַ געטלעכע קראַפט. דער כהן גדול האָט דאַן געריסן קריעה, און דאָס געריכט האָט אים פאַראורטיילט ווי אַ גאָט־לעסטערער.

אויספירן די שטראָף אָן דער דערלויבעניש פון דער רוימישער מאַכט האָט אָבער נישט געהאט קיין רעכט דאָס סנהדרין, און אַזוי ווי דער פּראָקו־ראַטאָר, פּאָנטיוס פּילאַטוס האָט זיך גראָד געפונען דאַן (צוליבן יום־טוב) אין ירושלים, האָט דאָס סנהדרין געבעטן ביי אים די דאָזיקע דערלויבעניש. און פּילאַטוס האָט דעם אורטייל באַשטעטיקט, כאָטש נישט צוליב די מאָטיוון, וואָס דאָס סנהדרין האָט דערביי ארויסגעשטעלט. ווען ישו איז געבראַכט געוואָרן פאַר דעם רוימישן מאַכטהאָבער, האָט אים דער לעצטער קודם כל געפרעגט, צי ער האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ מלך פון די יידן, און ווען ישו האָט אים אויף דעם אויך געענטפערט: „דו זאָגסט עס", האָט ער באַשטעטיקט דעם אורטייל און געהייסן אויספירן איבער אים די געוויינ־לעכע רוימישע טויט־שטראָף — אויפהענגען אויף אַ קרייץ (צלם). די דאָ־זיקע אכזריותדיקע שטראָף האָט זיך פּראַקטיצירט אין יהודה זינט זי איז ארונטערגעפאַלן אונטער דער רוימישער הערשאַפט, און נאָך מיט אַ קור־צער צייט צוריק האָט וואַרוס געלאָזן אַזוי אויפהענגען אויף קרייצן ביז דריי טויזנט פּאַטריאָטישע יהודהער פאַר זייער באַטייליקן זיך אין די רעוואָלוציאָנערע ארויסטרעטונגען קעגן דער רוימישער אויבערהערשאַפט. פאַר די צייטן פון דעם זעלביקן פּראָקוראַטאָר, פּילאַטוס, זיינען אויך פיל פּאַטריאָטן באַשטראָפט געוואָרן מיט דעם טויט, אַזוי אַז די אויסגעפירטע אכזריותדיקע שטראָף איבער דעם הייליקן פון גליל האָט אין איר צייט נישט געמאַכט קיין באַזונדערן רושם, און אַזעלכע יהודהשע היסטאָריקער פון יענער עפּאָכע, ווי יוסטוס פון טבריה און יוסיפון (יאָזעפוס פלאַוויוס), וועלכע לאָזן נישט דורך די מינדסטע געשעעניש אין דעם דעמאָלטיקן

לעבן פון יהודה, — גייען פאַרביי אין גאַנצן שווייגנדיק די דערשיינונג פון ישוס באַשטראָפונג.

ווי די קריסטלעכע לעגענדע דערציילט, איז ישו געקרייציקט געוואָרן (צווישן דעם 30־טן און 35־טן יאָר) זעקס דעם זייגער אין דער פרי און ערשט ארום ניין פאַר האַלבן טאָג האָט ער ארויסגעלאָזן זיין לעצטן אָטעם־צוג מיט דעם פסוק פון תהלים (אין דער אַראַמעאישער שפּראַך): אלי, אלי, למה שבקתני (גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן!) די קרייציקונג איז פאָרגעקומען הינטערן שטאָט, אויף אַ פּלאַץ, מיטן נאָמען גלגתא (גאָלגאָטאַ), וואָס איז ספּעציעל באַשטימט געוואָרן צו דעם צוועק, און אָט דער פּלאַץ איז שפּעטער געוואָרן דער אויסגאַנג־פּונקט פון דער גאַנצער נייער עפּאָכע אין דער וועלט־געשיכטע.

ווען עס זיינען אַריבער די ערשטע פּחדים פון דער אויסגעפירטער שטראָף איבער דעם גרויסן רבין האָבן זיך זיינע נאָענטע תלמידים פאַרזאַמלט אין איין אָרט, כדי צו באַוויינען דעם אומגעקומענעם און צו באַשטימען דעם גאַנג פון דער ווייטערדיקער טעטיקייט. צוזאַמען מיט די הייסערע אָנהענגער פון גליל האָט די גאַנצע קאָלאָניע פון קריסטוס־גלויביקע געציילט אַרום פינף הונדערט מאַן. דאָס זיינען געווען טרוימערישע, באַגייסטערטע כאַראַקטערן, וואָס דער שווידערהאַפטער אכזריותדיקער טויט פונעם הייליקן משיח האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט אין זייערע הערצער דעם גלויבן אין זיין הייליקייט און געטלעכקייט. עס האָבן זיך, אמת, געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געפרעגט: ס'טייטש, ווי שיקט זיך עס, אַז דער גרויסער משיח, דער געטלעכער אויסלייזער פון יהודה און דער פאָרבערייטער פון דער מלכות השמים, — זאָל שטאַרבן מיט אַזאַ שרעקלעכן טויט? די הייסע פאַנטאַזיע פון דעם באַגייסטערטן גלויבן האָט אָבער אויף דעם אויך געפונען אַ תירוץ: עס איז געפונען געוואָרן אַ פסוק אין ישעיהו, אין וועלכן עס זאָגט זיך: ער וועט אַרויסגעריסן פונעם לאַנד פון די לעבעדיקע און פאַר די זינד פון זיין פאָלק טראָגט ער איבער וואונדן, — און דער פסוק איז אויסגעטייטשט געוואָרן אויף דעם נאָר־וואָס אומגעקומענעם משיח. די דאָזיקע נבואה פון דעם אַלטן נביא האָט אַלץ פאַרענטפערט און אַלץ געמאַכט רעכט: עס האָט געמוזט אַזוי זיין, ישו האָט געמוזט איבערטראָגן אַלערליי פּיינען און יסורים; און יעדער פון די תלמידים האָט זיך דערביי דערמאָנט, אַז ער האָט דאָס אַלץ אַליין געהערט פון דעם היי־

ליקן משיח — ישו האָט געזאָגט, אַז ער גייט אָקעגן אַלערליי פּאַרפאָלגונ־גען און אַפילו אויך דעם טויט. און קוים איז די פראַגע געלונגען ווי עס איז צו פאַרענטפערן, איז שוין נישט שווער אָנגעקומען, רעכט צו מאַכען אויך די צווייטע: „ווען זשע וועט איצט אָנקומען די אַזוי לאַנג דערוואַרטע מלכות השמים, נאָך דעם ווי דער געשיקטער פון גאָט זי אָראָפּצוברענגען האָט געפונען זיין טויט אויפן קרייץ? די פאַנטאַסטישע האָפענונג האָט אויף דעם געענטפערט, אַז דער הייליקער משיח וועט באַלד צוריקקומען אין זיין גאַנצער פראַכט און שיינקייט, באַגלייט פון גאַנצע שאַרן מלאכים, און דאַן וועט ער יעדן באַלוינען לויט זיינע מעשים. אין צוזאַמענהאַנג מיט די האָפענונגען, האָבן זיך באַלד פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ישו איז נאָך דריי טעג געלעגן אין קבר און דאַן איז ער אויפגעשטאַנען תחית המתים — זיין קבר איז געפונען געוואָרן ליידיק. און ער האָט זיך ווידער געפונען צווישן די לעבעדיקע — איין תלמיד האָט דערציילט, אַז ער האָט געזען משיחן; אַ צווייטער — אַז ער האָט מיט אים גערעדט; אַ דריטער — אַז ער האָט זוכה געווען אַפילו צו באַרירן די וואונדן פון דעם הייליקן גע־קרייציקטן און צו עסן מיט אים צוזאַמען. אַזוי איז דאָס בילד פון דעם געקרייציקטן משיח געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ליכטיקער און הימלשער אין דער פאָרשטעלונג פון די באַגייסטערטע משיח־טרוימער.

ביי דעם אַלעמען איז אָבער דערווייל דער גלויבן אינעם נוצרי נאָך אַלץ נישט איבערגעגאַנגען די גרענעצן פון דער מענטשלעכער ספערע; די משיח־גלויביקע זיינען נאָך נישט אַוועק דערווייל אין זייער באַגייסטערונג ביז אַזוי ווייט, צו באַטראַכטן דעם נוצרי פאַר אַ גאָט. לויט די באַגריפן, וואָס האָבן געהערשט דעמאָלט אין דעם אָרדן פון די משיח־אָנהענגער, איז ישו געווען אַ געטלעכער, הייליקער מענטש, וואָס איז אויסגעוויילט גע־וואָרן פונעם אַלמעכטיקן גאָט, צו אויספירן די שליחות פון זיינעם אַ גע־שיקטן, פון זיינעם אַ געזאַלבטן. און הייליק איז ער געווען דערפאַר, וואָס ער האָט אָפּגעהיט אַלע געבאָטן פון גאָטס תורה און אויסגעפירט גאָטס ווילן; זיי האָבן דעריבער אויך נישט אָפּגעטראָטן אויף דאָס מינדעסטע פון די יידישע דינים און מנהגים, און האָבן שטרענג געהיט די מצוות שבת, מילה, כשרות פון עסן, אאז״וו אין אַלע אַנדערע הינזיכטן און אין איר לעבנס־אנשויאונג בכלל האָט זיך די דאָזיקע גרופּע פון די משיח־גלויביקע גאַנץ ווייניק אונטערגעשיידט פון די איסיים. די נוצרים האָבן זיך אויס־

געצייכנט נאָר דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדער אָפּשיי צו אָרימע און דערשלאָגענע. אין זייער אָרדן האָב זיך אַלע מיטגלידער גלייך דערנערט פון דער איינציקער שותפותדיקער קאַסע, אוןביים אַריינ־טרעטן האָט יעדער נייער מיטגליד געמוזט פאַרקויפן זיין האָב און גוטס און דעם קאַפּיטאַל אַריינטראָגן אין דער קאַסע. ווי די איסיים, האָבן די ערשטע אָנהענגער פון דעם גרויסן גלילער זיך אויך אָפּגעהאלטן פון אַלע ערדישע מותרותן און פאַרגעניגנס; זיי האָבן נישט געגעסן קיין פלייש און נישט געטרונקען קיין ווייַן, נישט געלעבט מיט קיין פרויען, זיך נישט געזאַלבט מיט קיין אייל און נישט געטראָגן אויף זיך קיין טייערע מלבו־שים. יעדער מיטגליד האָט געהאט נאָר איין מלבוש פון לייוונט. דער פאָרשטייער פון דעם ערשטן יידיש־קריסטלעכן אָרדן איז געווען ישוס ברודער יעקב (יאַקאָבוס); פון אים ווערט דערציילט, אַז ער האָט נישט געטרונקען קיין פאַרשיכורנדיקע משקה, נישט געגעסן קיין שום פלייש; קיינמאָל נישט געהאט קיין שער אויפן קאָפּ און אין גאַנצן נישט געהאט מער, ווי איין איינציק קלייד פון לייוונט. נעבן אים זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דעם אביונים־אָרדן (די ערשטע נוצרים האָבן זיך גערופן אויך אביונים) שמעון כפת אָדער פּעטרוס און יוחנן (יאָהאַנעס) דער זון פון זברי. פון די דאָזיקע „זיילן פון קריסטנטום" איז שמעון פּעטרוס געווען דער מעטיקסטער ;ער האָט געזוכט צו דערווערבן וואָס מער אָנהענגער פאַר דעם אָרדן פון די משיח־גלויביקע; דערביי ווערט ער אָבער געשיל־דערט אין די קריסטלעכע קוועלן, ווי אַ מענטש מיט אַ שוואַנקנדיקן, שוואַכן כאַראַקטער. זיין אויפגאַבע, ווי די אויפגאַבע פון די אַנדערע נאָענטע „תלמידים", איז באַשטאַנען אין דעם, צו פאַרזעצן די אַרבעט פון ישו הנוצרי און יוחנן המטבל, ד"ה צו גיין „צו די פאַרלוירענע פונעם הויז ישראל" און זיי צוצוגרייטן צו דער נאָענטער „מלכות השמים". די מיטלען דערצו, ווי אַזוי צוצוקומען צו די ברייטערע מאַסן פון פאָלק און זיך צו דערווערבן זייער צוטרוי, — האָבן זיי אויך געירשנט פון זייערע רביים: אויך זיי האָבן געהיילט קראַנקע, אַרויסגעטריבן דבוקים און „לעבעדיק גע־מאַכט" טויטע. אַדאַנק די דאָזיקע תלמידים פון דעם גרויסן גלילער, האָט זיך אין יהודה פאַרשפּרייט די אמונה אין דער שטאַרקער מאַכט פון שטן און אַנדערע בייזע רוחות. אָט די אמונה האָט שוין עקזיסטירט אין יידנטום פריער אויך; זי האָט אָבער ביז איצט נישט געהאט קיין רעליגיעזן כאַ־

ראַקטער און ערשט איצט, אַ דאַנק דעם איינפלוס פון קריסטנטום, איז דאָס געוואָרן אַ באַדייטנדיקער עלעמענט אינעם מהות פון דער רעליגיע בכלל. ביים אָננעמען אַ נייעם מיטגליד, פלעגט געפּראַוועט ווערן אַ געוויסע צע־רעמאָניע פון באַשווערן די רוחות און פינצטערע כוחות, אַזוי ווי דער מיטגליד וואָלט זיך איצט דאַרפן באַפרייען פון דעם טייוול, וואָס האָט אים ביז אַהער באַהערשט. די יהודהער האָבן דעריבער טאַקע געקוקט אין אָנ־הויב אויף די נוצרים, ווי אויף שוואַרץ־קינסטלער און מכשפים.

אַזוי האָט אויסגעזען די קליינע גרופּע פון ישוס תלמידים און אָנ־הענגער אין דעם משך פון די ערשטע צען יאָר נאָך זיין טויט. אין די הע־כערע יהודהשע קרייזן איז די דאָזיקע גרופּע כמעט ווי גאָרנישט באַמערקט געוואָרן — די צאָל פון אירע מיטגלידער איז צו־קליין געווען, און צופיל איז זייער לעבן בכלל ענלעך געווען צום לעבן פון איסיים. זיי זיינען דעריבער צוגערעכנט געוואָרן צו די לעצטע און האָבן קיין באַזונדער אויפ־מערקזאַמקייט נישט צוגעצויגן. אין דער אמתן אָבער האָבן די תלמידים פון דעם געקרייציקטן משיח געטראָגן אין האַרצן עפּעס אַזוינס, וואָס די גע־וויינלעכע איסיים האָבן דערפון נישט געוואוסט: אַ פייערדיקער משיח־גייסט האָט געברענט אין די הערצער פון די דאָזיקע טרוימערישע גלילער און צוזאַמען דערמיט אויך אַ באהאלטענע, אומבאַוואוסטזיניגע שנאה צו די אומברענגער פון זייער הייליקן פירער. דאָס שרעקלעכע בילד פון דעם בלוט־טריפנדיקן נוצרי מיט דער דערנער־קרוין אויפן קאָפּ האָט זיי שטענ־דיק געשוועבט פאַר די אויגן, און ס'איז גענוג געווען די קראַפט פון איין איינציקן מענטשן, פונאַנדערצובלאָזן אָט דאָס פייער און צו מאַכן פון אים אַ קוואַל פון ליכט, לעבן און וואַרעמקייט פאַר דער גאַנצער געצנדי־נערישער וועלט, און אַ שאָטן פון טויט, פלאָגן און פינצטערניש פאַר דער יידישער אומה.

# קאַפּיטל זעקס

## אַגריפּוס דער ערשטער

אין זיבן און דרייסיקסטן יאָר נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכענונג איז דער רוימישער קייזער טיבעריוס געוואָרן דערשטיקט, און אין אַ קור־צער צייט אַרום האָט קאַיוס קאַליגולאַ גערמאַניקוס געטראָגן אויפן קאָפּ די קרוין פון רוים (37). מיט דער דאָזיקער ענדערונג אין דעם רוימישן מלוכה־לעבן האָט זיך באַדייטנדיק געענדערט אויך די לאַגע פון יהודה און אַדאַנק דער פּערזענלעכער צוגענייגטקייט פון דעם נייעם הערשער צו איי־נעם פון די יהודהשע פּרינצן, האָט יהודה זוכה געווען נאָך אַמאָל צו פילן דעם טעם פון פּאָליטישער פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט.

גערופן האָט מען דעם פּרינץ אַגריפּוס (אַגריפּאַ, געבוירן אין 10־טן יאָר און געשטאָרבן אין 44־טן יאָר נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכענונג). דאָס איז געווען אַ זון פון דעם פאַרמשפּטן אַריסטאָבול, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון הורדוס דעם ערשטן מיט דער חשמונאישער פּרינצעסן מרים, און איז שפּעטער פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אויפן פאָטערס באַפעל. ווען זיין פאָטער איז געטויט געוואָרן איז אַגריפּאַ נאָך געווען אַ קינד (דריי יאָר אַלט) און מיט דריי יאָר שפּעטער האָט אים הורדוס אַוועקגעשיקט קיין רוים, ער זאָל דאָרטן ווערן דערצויגן. דאָ איז אַגריפּוס אַריינגעפאַלן אין די העכסטע קרייזן פון דעם רוימישן אַדל און איז געוואָרן זייער נאָענט באַפריינדעט מיט טיבעריוסעס זון, מיט דרוזוסן; אין דער געזעלשאַפט האָט זיך דער יונגער און באַגאַבטער יהודהשער פּרינץ גלייך דערוואָרבן די אַלע זיטן און פאַרמעגן, וואָס האָבן דאָ געהערשט, און איז געוואָרן דער ליבלינג פון פיל הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן. אַגריפּוס האָט פאַר־שווענדט זיין גאַנץ פאַרמעגן און די גאַנצע ירושה, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין מוטער בערעניקאַ, די טאָכטער פון הורדוסעס שוועסטער שלומית, און צו דעם איז ער נאָך פאַרזונקען געווען אין חובות. ער איז דעריבער געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן רוים, און נאָך דעם טויט פון זיין פריינט דרוזוס (28) קערט ער זיך אום צוריק קיין פּאַלעסטינע, וואו ער לעבט

זייער אָרים אין אַ פאַרוואָרפןווינקל פון לאַנד. זיין לאַגע איז אויף אַזוי פיל אַ פאַרצווייפלטע, אַז ער טראַגט זיך ארום מיט אַ געדאַנק וועגן זעלבסט־מאָרד; דאַן טרעט אַרויס אים צו הילף זיין ווייב, קיפּראָס, און אַדאַנק איר השתדלות ביי זיין שוועסטער הורדיה, די פרוי פון דעם גלילשן טעטראַרך הורדוס־אַנטיפּאַ, באַקומט ער אַ געוויסע שטיצע פון דעם לעצטן. אַגריפּוס ווערט באַשטימט פאַר אַ פּאָליציי־הויפּטמאַן אין טבריה. דער פאַרשווענ־דערישער און שטאָלצער פּרינץ קען זיך אָבער נישט האלטן אויף דעם פּאָסטן און אין אַ קורצער צייט ארום צעקריגט ער זיך מיטן שוואָגער און פאַרלאָזט טבריה.

פון דאָרטן איז אַגריפּוס אָנגעקומען ווי אַ פריינט צום רוימישן שטאַטהאַלטער פון סיריע, פלאַקוז. דאָ האָט ער זיך אָבער אויך לאַנג נישט אויפגעהאלטן. אַ פאַרלאָזענער און אַ פאַרשטויסענער האָט אַגריפּוס באַ־שלאָסן נאָך אַמאָל צו פּרואווען זיין מזל אין רוים, און כדי נישט אריינ־צופאַלן אין די הענט פון זיינע דאָרטיקע בעלי חובות, האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט אין אַלעקסאַנדריע און געבעטן שטיצע ביים נשיא (אַראַבאַרך) פון דער דאָרטיקער יהודהשער קהלה, אַלעקסאַנדער ליזימאַכוס. דער לעצטער איז אים געקומען צו הילף מיט אַ באַדייטנדיקן קאַפּיטאַל און אַגריפּוס איז אַוועק קיין איטאַליע.

מיט זיין אָנקומען קיין רוים (אין פרילינג פון 36־טן יאָר) הויבט זיך אָן פאַר אַגריפּוסן אַ נייע ריי פון גליקן און גלייכצייטיק פינצטערע צייטן. ווען ער איז אַראָפּגעשטיגן אויף דעם אינדזל קאַפּרי, איז ער געוואָרן פריינטלעך אויפגענומען פון קייזער טיבעריוס, וועלכער האָט אין אים גע־זען אַ לעבעדיקן אָנדענק פון זיין געשטאָרבענעם זון. באַלד אָבער האָט זיך טיבעריוס דערוואוסט, אַז אַגריפּוס איז שולדיק דעם קייסערלעכן אוצר אומגעהייערע סומעס געלט, און ער האָט זיך אָפּגעקערט פון אים. דאַן האָט זיך פאַר דעם יהודהשן פּרינץ אָנגענומען די יונגערע אַנטאָניאַ, און אַדאַנק איר פאַרמיטלונג איז אַגריפּוס געוואָרן דער פאַרטרויטער פריינט פון דעם רוימישן טראָנפאָלגער קאַיוס קאַליגולאַ. דער איבערגעגעבענער אַגריפּוס איז אָבער צו־ווייט פאַרגאַנגען אין זיין פריינטשאַפט צו קאַליגו־לאַן און איז דערפאַר הארט באַשטראָפט געוואָרן; ער האָט זיך אַמאָל אויס־געדריקט אין אַן אינטימען געשפּרעך מיט דעם לעצטן: „ווי דערלעבט מען שוין די צייט, ווען טיבעריוס וועט פריי מאַכן דעם טראָן פאַר אַ מער וויר־

דיקן פון אים" און איינער פון זיינע שקלאַפן האָט דאָס דערטראָגן דעם קייסער. טיבעריוס האָט דאַן באַפוילן צו שמידן אגריפּוסן אין קייטן און אים אַריינזעצן אין תפיסה.. און ער איז דאָרט אָפּגעזעסן זעקס חדשים — ביז טיבעריוס איז געשטאָרבן און זיין פריינט קאַליגולאַ איז ארויף אויף דעם רוימישן טראָן.

פון דער צייט הייבט אָן פאַר אַגריפּוסן צו שיינען דער שטערן פון זיין גליק. דער נייער קייסער, קאַליגולאַ, האָט אים גלייך באַפרייט פון געפענגעניש, האָט אים געשענקט אַ גאָלדענע קייט צום אָנדענק פון די קייטן, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך אין תפיסה און האָט אים אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ קעניגלעכע דיאַדעם און געשענקט די טעטראַרכיע פונעם פאַרשטאָרבענעם פיליפּ, וואָס איז נישט לאַנג איבערגעגאַנגען אינעם רשות פון די רוימישע פּראָווינצן אין סיריע. צו דעם אַלעמען האָט דער רוימישער סענאַט אויך געשענקט אַגריפּוסן דעם טיטל פּרעטאָר (35), און דער נייער הערשער האָט זיך אַזוי ענג צוזאַמענגעלעבט מיט דעם יהודהשן פּרינץ, אַז ער האָט אים אַ גאַנצן יאָר נישט אָפּגעלאָזן פון זיך, און ערשט אין אַ יאָר אַרום, נאָכדעם ווי אַגריפּוס האָט באַקומען זיין קעניגלעכן טיטל, האָט ער געקענט אָפּפאָרן פון רוים.

אַגריפּוס, דער געוועזענער בעטלער־פּרינץ, איז געקומען קיין יהודה ווי אַ קעניג און פּערזענלעכער פריינט פון קייסער (38); דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע קנאה ביי זיין שוועסטער הורדיה, און זי האָט אָנגעהויבן איינרעדן איר מאַן, דעם טעטראַרך פון גליל, ער זאָל פאָרן קיין רוים און אויך אויספּועלן פאַר זיך דעם טיטל קעניג. הורדוס אַנ־טיפּאַ האָט זיך אין אָנהייב אָפּגעהאַלטן פון מאַכן אַזאַ שריט; ענדלעך האָט ער אָבער נאָכגעגעבן הורדיהן און האָט זיך מיט איר צוזאַמען אַוועקגעלאָזט קיין איטאַליע. דאָ האָט ער זיך פאַרגעשטעלט פאַרן נייעם הערשער און אָנגעהויבן פאַרצולייגן פאַר אים זיין השתדלות; קאַליגולאַ האָט אָבער שוין פריער געהאַט באַקומען אַ בריף פון אַגריפּוסן, אין וועלכן דער אַמאָליקער באַליידיקטער פּרינץ האָט זיך נוקם געווען אין זיין באַליידיקער און אים פאַרמסרט, אַז ער פירט געהיימע אונטערהאַנ־דלונגען מיט דעם פּאַרטאַנישן קעניג און באַוואָפנט זיך שטאַרק, כדי זיך אָפּצורייסן פון רוים. דער קייסער האָט דעריבער אינגאַנצן צוגענומען ביי הורדוס־אַנטיפּאַ זיין טעטראַרכיע און האָט אים פאַרשיקט קיין ליאָן

אין פראַנקרייך (39). אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט באַליידיקן אַגרי־פּאַס ברודער־ליבע, האָט קאַליגולאַ דערלויבט הורדיהן צו פאַרבלייבן אין לאַנד און האָט איר אומגעקערט איר פאַרמעגן; די שטאָלצע פרוי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעם חסד, און איז מיטגעגאַנגען מיטן מאַן אין גלות.

די טעטראַרכיע פונעם פאַרשיקטן הורדוס (־אַנטיפּאַ) האָט קאַליגולאַ אויך איבערגעגעבן אַגריפּוסן, אַזוי אַז ער האָט שוין געהאַט אין זיין מאַכט אַ באַדייטנדיקע טייל פון פּאַלעסטינע. און באַלד האָט אַגריפּוס באַקומען אויך דעם צענטער פון לאַנד, יהודה אַליין; דאָ זיינען אָבער דערווייל פאָרגעקומען באַדייטנדיקע געשעעענישן, וואָס האָבן שטאַרק פאַ־נאַנדערגעטרייסלט די געפּילפּולסטע נערוון פונעם יידישן פאָלקס־אָרגאַ־ניזם.

די חסדים, וואָס קאַליגולאַ האָט אַרויסגעוויזן דעם פאַראַרימטן יהו־דהשן פּרינץ, האָבן פאַרשטאַרקט די שנאה צו די יהודהער. אין קיין אַנדער אָרט אָבער האָט די פיינטשאַפט נישט אָנגענומען אַזאַ שאַרפן כאַראַקטער, ווי אין דער עגיפּטישער הויפּטשטאָט, אַלעקסאַנדריע. די גריכן, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר די בעלי בתים פון שטאָט, האָבן נישט געקענט מוחל זיין זייערע יהודהשע שכנים דעם חטא, וואָס זיי האָבן געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אינעם האַנדל פון לאַנד און אין דער קולטור, וואָס זיי האָבן געלעבט אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג און מיט אַ גאַנץ פרעמדער וועלט־ און לעבנס־אַנשויאונג, און — הויפּטזעכלעך — וואָס זיי האָבן אויסגעפּועלט פאַר זיך ביי דער רוימישער מאַכט באַזונדערע זכיות און פּריווילעגיעס; די דאָזיקע שנאה איז וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געוואָרן אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פון אַ גאַנצער ריי שריפטשטעלער־יודאָפאָבן (יידנפיינט), וואָס האָבן געזוכט אַלערליי מיטלען, צו פאַרקלענערן די באַדייטונג פון דעם יידישן פאָלק אין דער געשיכטע און אים צו מאַכן פאַרהאַסט ביי אַלע פעלקער פון דער געצנדינערישער וועלט.

די דאָזיקע יידנפיינטלעכע שרייבער האָבן זיך פאַר קיין ליגן און פאַר קיין נאַרישן פּשטל נישט אָפּגעשטעלט, אַבי נאָר צו באַליידיקן די יידישע אמונה און זי פאַרהאַסט צו מאַכן. פּאָזידאָניוס פון אַפּאַמעאַ אין דער צייט פון אַנטיוכס עפּיפאַנעס, אַפּאָלאָניוס מאָלאָ אין דער צייט פון

רוימישן יידנפיינט ציצעראָ, כערעמאָן אין דער צייט פון יוליוס צעזאַר און ענדלעך דער באַרימטער אומפאַרשעמטער ליגנער אַפּיאָן — אַלע האָבן זיי געהאַט נאָר איין ציל פאַר זיך און איין אמת געפלאַנצט אין די הערצער פון זייערע צוהערער: דאָס יידישע פאָלק איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון מצרים, ווייל עס איז געווען קרעציק און קראַנק; משה איז געווען אַ כשוף־מאַכער און אַ שוואַרץ־קינסטלער; דאָס יידנטום לערנט זיינע אָנהענגער צו האַסן די פרעמדע און זיי רודפן, און נאָך אַזעלכע „זיכערע פאַקטן”, וואָס האָבן זיך גאַנץ לייכט צוגעקלעפּט צום שכל פון ווילדן המון, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס צוזאַמען מיט די יידנ־פיינט זייגען אַרויסגעטראָטן אויך יידנפריינט און האָבן, פאַרקערט גאָר, אָוועקגעשטעלט די יידן בראש פון דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור.

אונטער דער הערשאַפט פון אויגוסט און טיבעריוס האָט די דאָ־זיקע פיינטלעכע שטימונג פון דער אַלעקסאַנדרינישער באַפעלקערונג קעגן די יידן געמוזט ווערן נאָך שטאַרקער, ווייל די פּראָקוראַטאָרן פון די מלכים האָבן זיך זייער שטרענג באַצויגן צו יעדן מין אויפשטאַנד און ווי' געהעריק אָפּגעשאַצט די לאָיאַליטעט פון דער יידישער באַפעלקע־רונג. דאַקעגן אָבער איז דער איצטיקער שטאַטהאַלטער פון עגיפּטן, פלאַ־קוז, געווען מער מחותן מיט די איינגעבוירענע אַלעקסאַנדרינער, ווייל ער איז געווען באַקאַנט פאַר אַן אָנהענגער פון דעם דערשטיקטן טיבעריוס און זיין אומגעבראַכטן אייניקל, און קאַליגולאַ האָט זיך באַצויגן צו אים מיט ווייניק צוטרוי. פלאַקוז האָט דעריבער שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַ מסירה אויף אים, און האָט געקוקט צווישן די פינגער אויף די מעשים פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה אין אַלעקסאַנדריע, אַז אַגריפּוס איז באַקרוינט געוואָרן פון קייסער מיט אַ קעניגלעכן דיאַדעם, האָבן די דאָרטיקע יהודהער אָפן אויסגעדריקט זייער שמחה איבער דעם פאַקט; דאָס האָט שטאַרק אויפגערייצט זייער געצנדינערישע מיטבירגער, און דאַן זייגען פאָרגעקומען די ערשטע יידנפיינטלעכע דעמאָנסטראַציעס אונטער דער אָנפירונג פון צוויי צוררי היהודים — אַ געוויסן היסטאָרי־קער מיטן נאָמען איזידאָרוס און איינעם לאַמפּאָ. צום אומגליק איז גראַד דעמאָלט אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדריע אַגריפּוס אַליין. ער איז געפאָרן פון רוים צוריק קיין יהודה —. דאָס האָט נאָך אַרויפגעגאָסן אייל אויפן

פלאָם. דער המון האָט קודם כל אויסגעלאָכט דעם נייעם הערשער צו־זאַמען מיט זיין פאָלק; צו דעם צוועק איז דער שטאָט־משוגענער קאַראַ־באַס געוואָרן אויסגעפּוצט אין אַ קרוין מיט אַ קעניגלעכן מאַנטל פון פאַרשידענע שמאַטעס, און נאָכדעם ווי מ׳האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכן פּיעדעסטאַל אינעם גרויסן זאַל פון גימנאַזיום, האָט זיך די מאַסע אַרומגעשטעלט פון אַלע זייטן און געשריגן צו אים איראָניש: מאַרין (אויף כאַלדעאיש: אונדזער הער, קעניג). פון דאַנען האָט זיך דער צעבושעוועטער המון אַוועקגעלאָזן אין די שולן, כדי אַוועקצושטעלן דאָרטן די קייסער־בילדער, כאָטש מ׳האָט געוואוסט אַז דאָס איז לויט דעם יידישן גלויבן שטרענג פאַרבאָטן. דאָס איז געווען אַ גוט באַ־טראַכטער טייוולשער פּלאַן, וואָס האָט פון איין זייט זיך אריינגעריסן אינעם סאַמע הארצן פון דעם יידישן גלויבן אָן אַ שום מורא, צו ווערן באַשטראָפט דערפאַר, און פון דער צווייטער זייט — פּראָוואָצירט אַ יידישן ווידערשטאַנד, וואָס וועט קענען אויסגעטייטשט ווערן אין דעם זין, אַז די יידן זיינען נישט קיין איבערגעגעבענע דינער פון קייסער און ווילן נישט אָפּגעבן קיין כבוד זיין בילד.

און דער פּלאַן האָט זיך ווירקלעך איינגעגעבן. פלאַקוז, וועלכער האָט זיך געוואָלט דערווערבן דעם צוטרוי פון זיין נייעם הערשער, האָט אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט און זיך אָפן אַוועקגעשטעלט אויף דער זייט פון דעם צעווילדעוועטן המון, וואָס האָט זיך כלומרשט אָנ־גענומען פאַרן קייסער־קולט. ער האָט מיט איין באַפעל מבטל געווען נישט בלויז די באַזונדערע זכיות און פּריווילעגיעס פון די רוימישע מלכים, וואָס די אַלעקסאַנדרינישע קהלה האָט זיך דערוואָרבן אין דעם משך פון הונדערטער יאָרן, — נאָר האָט זי אויך אינגאַנצן אַוועקגע־שטעלט אויסערן געזעץ. פלאַקוז האָט דערקלערט אַלע יהודהער פון אַלעקסאַנדריע פאַר פרעמדע, וואָס האָבן קיין רעכט נישט, זיך צו באַ־נוצן מיט די בירגערלעכע געזעצן פון לאַנד, און אויף אַזאַ אופן אָפן דערלויבט, אָנווענדן לגבי זיי די שרעקלעכסטע אכזריותן.

און מער האָט דער בלוט־דורשטיקער המון נישט געדאַרפט. די יהודהער פון אַלע איבעריקע פיר שטאָט־טיילן זיינען צונויפגעטריבן געוואָרן אין זייער אייגענעם קוואַרטאַל ביים ברעג פון ים, אין דער דעלטאַ. די פאַרלאָזענע הייזער פון די אַרויסגעטריבענע זיינען געוואָרן

צערויבט, צעשטערט און חרוב געמאַכט; דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון די רייכע אַלעקסאַנדריניִשע יהודהער, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין דעם משך פון צענדליקער דורות, איז אריינגעפאַלן אין די הענט פון זייערע גזלנישע שכנים. און דערמיט האָט זיך דער פּאָגראָם נאָך נישט געענדיקט: די גריכן האָבן זיך אַריינגעריסן אין די יידישע שולן און זיי טיילווייז געמאַכט חרוב און טיילווייז פאַרשוועכט מיט די סטאַטוען פון דעם פאַרגעטערטן קייסער. דאַן האָבן זיי באַלאַגערט די דעלטאַ און נישט אַרויסגעלאָזן קיין לעבעדיקן נפש פון דאָרטן, כדי אויף אַזאַ אופן אויסצוראָטן די גאַנצע אַלעקסאַנדריניִשע יידישע קהלה דורך היץ און הונגער. האָט איינער געפּרואווט זיך אַרויסרייסן פון דער באַלאַגערונג, איז ער פון המון פאַרברענט, דערהרגעט אָדער געוואָרן אויפגעהאנגען. און אָט דער אומדערטרעגלעכער צושטאַנד האָט זיך געצויגן איבער אַ חודש. דער פאַרטרעטער פון געזעץ האָט די שוצלאָזע יהודהער נאָך מער געשטיקט און דערשלאָגן: ער האָט געלאָזן שמידן אין קייטן אַכט און דרייסיק מיטגלידער פון דעם יידישן געמיינדע־ראַט ,און זיי ברענגען אין טעאַטער, וואו ס׳זיינען אויסגעפירט געוואָרן איבער זיי די שענדלעכסטע לייב־שטראָפן אין דער אָנוועזנהייט פון דעם גאַנצן גריכישן המון; פון די דאָזיקע באַשטראָפטע זיינען עטלעכע געשטאָרבן אונטער די ריטער פון דער עקזעקוציע און די איבעריקע זיינען געוואָרן שטערבלעך קראַנק. כדי זיך צו באַוואָרענען קעגן אַ ווידערשטאַנד, האָט פלאַקוז צעשיקט מחנות סאָלדאַטן אין די הייזער פון דעם יידישן קוואַרטאַל, אום צו זוכן דאָרט געווער, און דערביי זיינען געפּייניקט, געשענדעט און געטויט געוואָרן הונדערטער יידישע פרויען און טעכטער. די אוממענטשלעכע לאַגע פון די אַלעקסאַנדריניִשע יהודהער איז איבערגעגאנגען אַלע גרענעצן פון דער ווילדסטער אכזריות, און עס האָט זיך גאָר נישט געזען קיין סוף און קיין אָפּהאַלט צו די אַלע יסורים און פּיינען. דערווייל אָבער האָט זיך פלאַקוז מיט עפּעס פאַרשולדיקט קעגן זיין הערשער ,און פּלוצלינג האָבן די אומגליקלעכע יידן באַקומען די בשורה, אַז אַ שליח מיוחד פון קייסער איז געקומען קיין אַלעקסאַנדריע, צו אַרעסטירן פלאַקוזן און אים אַוועקצופירן קיין רוים. פון דאָרטן האָט אים קאַליגולאַ פאַרשיקט אויף איינער פון די עגעאישע אינדזלען, וואו ער איז געטויט געוואָרן.

דער נאָכפּאָלגער פון דעם מערדערישן פּלאַקוז האָט, ווי עס ווייזט אויס, צוריקגעשטעלט די אָרדענונג אין שטאָט און געשיצט אין אַ געוויסער מאָס די יהודהער פון נייע אָנפאַלן און פּאָגראָמען; די שווערד, וואָס איז געהאָנגען איבער די יידישע קעפּ, איז נאָך אָבער אַלץ נישט אַראָפּגענומען געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר זיי אַ נייע צרה.

קאַיוס קאַליגולאַ האָט זיך צו יענער צייט (40) אומגעקערט פון די מלחמות, וואָס ער האָט געפירט אין גאַליע און גערמאַניע, און זיין גרויסקייט האָט אים אַזוי פאַרשיכורט, אַז ער אליין האָט אָנגעהויבן קוקן אויף זיך, ווי אויף אַ גאָט, און האָט באַפוילן אויפצושטעלן אין אַלע לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע טעמפּלען מיט זיין בילד, וואָס זאָל נישט נאָר פאַרערט, נאָר ווערן פאַרגעטערט. דאָס האָבן די יידנפיינטלעכע גריכן ווידער אויסגענוצט און אָנגעהויבן צווינגען די אַלעקסאַנדרינישע יהודהער, איינצופירן אין זייערע שולן דעם קייסער־קולט. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צרה, און דער איצטיקער, שטאָטהאַלטער פון מצרים האָט זיך אויך אָנגענומען פאַרן כבוד פון דעם פאַרגעטערטן קייסער. די יידישע עקשנות האָט אים שטאַרק גערייצט און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז דער שבת איז איינער פון די וויכטיקסטע יסודות פון יידנטום, האָט ער קודם כל געצוואונגען די יהודהער צו טון אום שבת אַלערליי פאַרבאָטענע מלאכות. ער האָט זיך געווענדעט צו די אָנגעזעענסטע יהודהער און געזאָגט צו זיי : „ווי וואָלט זיין, ווען אַ פּלוצלונגדיקער איבערפאַל פון שונא, אַ פאַרפלייצונג, אַ שרפה, ווען הונגער, פּעסט, ערדציטערניש און אַלערליי אַנדערע אומגליקן וואָלטן אויף אייך געקומען, וואָלט איר אויך אַזוי געהיט אייער שבת, וואָלט איר אויך אַזוי געבליבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און גאָרנישט געטאָן כדי זיך צו ראַטעווען פון דער געפאַר ? וואָלט איר דעמאָלט אויך אַזוי געזעסן אין אייערע בתי־מדרשים און זיך געפּשטלט שעהן־לאַנג איבער אַן אומפאַרשטענדלעכן וואָרט פון וועלכן ס׳איז ספר ? וואָלט איר דען נישט דאַן אַלץ פון זיך אַראָפּגעוואָרפן און געלאָפן ראַטעווען אייערע עלטערן און קינדער, אייער האָב און גוטס, אייער לעבן ? טאָ זעט־זשע אַלזאָ : איך וועל דאָס אַלץ זיין פאַר אייך ! דער איבערפאַל פון שונא, די פאַרפלייצונג, די שרפה, דער הונגער, די מגפה און די ערדציטערניש. איך וועל זיין פאַר אייך די פאַרקערפּערטע געשטאַלט פון דעם גרויזאַמען שיקזאַל, אויב איר וועט מיין

באַפעל נישט היטן״. פאַר דער יידישער עקשנות עקזיסטירט אָבער נישט קיין גרויזאַמער שיקזאַל, און די גאַנצע קהלה איז גרייט געווען איבער־צוטראָגן אויף זיך דאָס שרעקלעכסטע, און נישט אָפּצוטרעטן פון איר גאָט און זיין תורה. נאָר געציילטע יידן זיינען דעם נסיון נישט בייגע־שטאַנען, און צווישן די דאָזיקע האָט זיך געפונען אויך דער זון פון דעם יידישע נשיא (אַראַבאַרך) מיטן נאָמען טיבעריוס אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין גלויבן און האָט זיך שפּעטער דערדינט צו זייער אַ הויכן טיטול אין דער רוימישער מלוכה.

דער רייכער יידישער קהלה אין אַלעקסאַנדריע איז אויף אַזאַ אופן פאַרגעשטאַנען די געפאַר, איינגאַנצן אונטערצוגיין, און דאָס איינציקע וואָס איר איז געבליבן צו טאָן, איז געווען: שיקן אַ דעפּוטאַציע צום הערשער אַליין, וואָס זאָל אים דערקלערן, אַז יידן קענען נאָר דינען דעם קייסער אָבער נישט אים פאַרגעטערן, ווייל דאָס איז קעגן דעם עצם־מהות פון דער יידישער אמונה, און אַז קיינער פון די רוימישע מלכים פאַר אים האָט דאָס פון יידן נישט געפאָדערט. בראש פון דער דעפּוטאַציע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער באַרימטער יידישער פילאָזאָף פילאָ (פילון האַלכסנדרוני), וואָס איז געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר דער ראָלע, אַ דאַנק זיין רייכן יחוס, זיין געזעלשאַפטלעכער לאַגע און זיין אַלזייטיקער טיפער בילדונג. די גריכן ווידער פון זייער זייט האָבן אויך אַוועקגעשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים, אונטער דער אָנפירונג פון דעם באַרימטן יודאָ־פאָב אַפּיאָן, כדי אויסצופועלן ביי דער מאַכט פאַרשידענע גזירות און פאַרפאָלגונגען קעגן דער יידישער קהלה. אַזוי זיינען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אַוועקגעשטעלט געוואָרן איינער קעגן אַנדערן די פאַר־קערפּערונגען פון יידנטום און היידנטום; דער שטאָלצער און ערנסט־טיפער פילאָזאָף פון יידנטום, וואָס האָט געשטרעבט צום אמת און צו די העכסטע מאָראַלישע אידעאַלן, איז געגאַנגען פירן אַ וואָרט־קאַמף מיט דעם גיפטיקן פאַמפלעטיסט, וואָס האָט זיין גאַנצן לעבן געפּרעדיקט פאַלש־קייט, שנאה צווישן איין פאָלק און דעם אַנדערן און אכזריותדיקע געוואַלד־טאַטן, — און ווי מ׳האָט געקענט פאָרויסזען, איז דער אויסגאַנג פון דעם קאַמף געווען מער גינסטיק פאַר דעם לעצטן, ווי פאַרן ערשטן.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין רוים האָבןביידע דעפּוטאַציעס זיך באַמיט אָנגענומען צו ווערן פון קייסער; און דאָ האָט זיך גלייך אַרויסגע־

וויזן, אַז די יידישע שלוחים האָבן נישט פון אים וואָס צו דערוואַרטן. קאַליגולאַ האָט אויפגענומען פריינטלעך אַפּיאָנען מיט זיין חבריא און אויסגעהערט זייערע אַלע אָנפאַלן און בלבולים אויף יידן, בשעת די יידישע שלוחים האָבן געמוזט אויסשטיין פאַרשידענע דערנידערונגען ביז ער האָט באַוויליקט זיי אויפצונעמען. און דאַן האָט ער זיי אויך נישט געלאָזט ארויסרעדן קיין וואָרט; די ערשטע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט באַגעגנט די יידישע שלוחים, זיינען געווען: איר זענט עס די אַפּי־קורסים, וועלכע ווילן מיך נישט אָנערקענען פאַר אַ גאָט ? ! די יידן־פיינדלעכע דעפּוטאַטן, וואָס זיינען דערביי געשטאַנען, האָבן באַשטעטיקט, אַז די יידן פאַראַכטן דעם קייסער, ווילן אים נישט דינען און ברענגען אפילו קיין קרבנות נישט פאַר זיין געזונט. און ווען די יידישע שלוחים האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער לעצטער באַשולדיקונג און דער־קלערט, אַז אין בית־המקדש ווערן אָפט געבראַכט קרבנות פאַרן קייסערס געזונט, האָט דער לעצטער אויסגעשריען: „גוט, אָבער מיר אַליין ווילט איר דאָך קיין קרבנות נישט ברענגען!". דאַן האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּ־געווענדעט פון זיי און זיי געלאָזן שטיין אַ לענגערע צייט; דערנאָך האָט ער זיי צוגעוואָרפן די פראַגע: „און פאַרוואָס ווילט איר נישט עסן קיין חזיר?" און דערביי האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט אויפגעהויבענע פויסטן קעגן הימל מיט אַזעלכע שענדלעכע ווערטער וועגן דעם יידישן גאָט, אַז דער היסטאָריקער האָט נישט געפונען פאַר מעגלעך, זיי איבערצוגעבן. ענדלעך האָט דער געקרוינטער אידיאָט אָפּגעלאָזן די יידישע שלוחים, מיט דער דערקלערונג (נישט צו זיי אַליין, נאָר צו זיינע באַגלייטער): „די דאָזיקע מענטשן זיינען נישט אַזוי פיל שולדיק, ווי אומגליקלעך, ווייל זיי גלויבן נישט אין מיין געטלעכקייט".

און די שלוחים זיינען שוין גרייט געווען, זיך אומצוקערן צוריק קיין אַלעקסאַנדריע מיט דער טרויעריקער תשובה; דאָ זיינען זיי אָבער פאַרשטיינערט געוואָרן פון אַ נייעם אומגליק: אַ יהודהער איז צו זיי צוגעלאָפן און דערציילט מיט אַ דערשטיקטער שטים פון טרערן: אונ־דזער בית המקדש אין ירושלים איז פאַרשוועכט — קאַליגולאַ האָט באַ־פוילן, מ'זאָל דאָרט אויך אַוועקשטעלן זיין בילד!

דער ליידנשאַפטלעך איינגעבילדעטער קאַליגולאַ האָט זיך נישט געקענט שענקען דעם פאַקט, וואָס גראָד די יהודהער, וועלכע ער האָט

געטון גוטס און זייער פּרינץ אַזוי הויך דערהויבן, — וואָס גראָד זיי האָבן זיך אַזוי „ווילד" פאַרעקשנט און ווילן אים בשום אופן נישט אַנערקענען פאַר אַ גאָט, אין דער צייט, ווען אַלע פעלקער פון דער רוימישער אימ־פּעריע האָבן דאָס שוין לאַנג געטאָן; ער האָט דעריבער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, איינצופירן אין יהודה דעם קייסער־קולט מיטס געוואַלט, זיך נישט אָפּשטעלנדיק פאַר קיין זאַך. מיט דעם באַפעל האָבן זיך באַלד באַנוצט די געצנדינערישע איינוואוינער פון דער שטאָט יבנה, ביי יפו, און האָבן אַוועקגעשטעלט אין איינער פון די הויפּט־גאַסן אַ מזבח מיט קאַליגולאַס סטאַטוע. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער כונה, צו פּראָ־וואָצירן די יידישע איינוואוינער פון שטאָט, און די לעצטע האָבן באמת נישט געהאט קיין אַנדערן אויסוועג: זיי זיינען אָפּן אַרויסגעטראָטן קעגן דער דאָזיקער פאַרשוועכונג פון דעם הייליקסטן יידישן געפיל און האָבן צעבראָכן דעם מזבח. דער צערייצטער דעספּאָט איז דאַן נאָך מער אויפּ־געקאָכט געוואָרן און האָט באַפוילן דעם רוימישן פאַרוואַלטער פון סיריע, פּ ע ט ר אָ נ י ו ס ן, ער זאָל גלייך אריין מיט צוויי לעגיאָנען סאָלדאַטן קיין ירושלים און אַוועקשטעלן אַזאַ מזבח אין בית המקדש. פּעטראָניוס האָט פאַרשטאַנען, ווי ווייט נאַריש און געפערלעך דאָס איז, אויף אַזאַ אופן זיך צו פאַרטשעפּען מיט דעם יידישן פאָלק; ער האָט אָבער געמוזט אויספילן דעם באַפעל פון זיין געביטער, און אַרום סוכות־צייט, אין פערציקסטן יאָר, האָט ער זיך אָנגעהויבן צורוקן מיט זיינע לעגיאָנען צו די גרענעצן פון יהודה.

דערווייל זיינען די קלאַנגען וועגן דער שרעקלעכער גזירה אָנגעּ־קומען אויך קיין ירושלים, און דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך געקליבן צו פייערן דעם פריילעכן יום־טוב (סוכות), איז אינגאַנצן געוואָרן צעטומלט און דערשלאָגן. טויזנטער יהודהער האָבן פאַרלאָזן זייער אַרבעט אין פעלד און ווייך־גאָרטן און זיינען געלאָפן קיין עכו, וואו פּעטראָניוס האָט זיך געפונען מיט זיינע סאָלדאַטן. דאָ האָבן זיי זיך אַלע פאַרזאַמלט אַרום דעם פאַרטרעטער פון דער מאַכט און אים דערקלערט, אַז זיי ווילן גי־כער אַריבערטראָגן אויף זיך אַלע יסורים און טויטן פון דער וועלט, איידער צולאָזן, אַז דער בית־המקדש זאָל פאַרשוועכט ווערן מיט אַ געצן־בילד. פּעטראָניוס, וועלכער האָט דאָס פאַראויסגעזען און אליין אויך געזוכט אַן אויסוועג פון דעם אידיאָטישן באַפעל, האָט אויסגעהערט די

טענות און איז אַוועק קיין טבריה, די הויפּט־שטאָט פון גליל, כדי זיך דאָרטן צו באַראַטן וועגן דער לאַגע מיט אַגריפּוסעס יועצים און מיט די אויסגעוויילטע אַריסטאָקראַטן, וועלכע זיינען דאָס מאָל אויך צוגעשטאַנען צום פאָלק. אין טבריה האָבן זיך ארום פּעטראָניוסן ווידער פאַרזאַמלט טויזנטער יידן, און אויך זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק, ווי איין מענטש, איז פעסט אַנטשלאָסן, דאָס לעבן אַוועקצוגעבן פאַר דער הייליקייט פון בית־המקדש.

די באַראַטונג צוזאַמען מיט די מאַסן־דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך געצויגן גאַנצע פערציק טאָג. דאָס פאָלק האָט נישט געאַקערט און נישט געזייט און האָט זיך געפונען אינגאַנצן אין דעם צושטאַנד פון אַ שטאַרקער אויפרעגונג, וואָס האָט יעדע מינוט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פאַרצווייפלטן, בלוטיקן אויפשטאַנד; כדי דאָס אויסצומיידן האָט פּעטראָניוס ענדלעך געפועלט ביי זיך, צו מאַכן אַ געפערלעכן שריט: ער האָט זיין לעגיאָנען אַרויסגעפירט פון עכו (פּטאָלאָמעאיד) צוריק קיין אַנטיוכיע און צו קאַליגולאַן האָט ער אַוועקגעשיקט אַן אויספירלעכן ראַפּאָרט, אין וועלכן ער האָט אים קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז עס איז אוממעגלעך איינצופירן דעם קייסער־קולט אין יהודה, אויב מ׳וויל נישט אויסראָטן דאָס גאַנצע פאָלק און מאַכן פון לאַנד — אַ מדבר.

אונטער דער צייט האָט אַגריפּוס אַליין אויך נישט גערוט. דער קעניג פון דיביידע פּאַלעסטינישע קאַנט־פּראָווינצן (גליל און טראַכאָניטיס), וועלכער האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם רוימישן טיראַן, האָט דאַן געוווילט אין רוים, און דאָרט האָט ער זיך אויך דערוואוסט פון דעם באַפעל, אַוועקצושטעלן דעם קייסערס סטאַטוע אין בית־המקדש. דער לעבנס־לוסטיקער און פאַרשווענדערישער אַגריפּוס האָט זיך כלומרשט געמאַכט גאָרנישט וויסנדיק און פאַרבראַכט ביי איין טיש מיט דעם געקרוינטן פייניקער פון זיין פאָלק, אַזוי ווי די אַלע בכיות און בקשות פון די פאַרצווייפלטע יהודהער וואָלטן אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען. טיף אין האַרצן האָט אים אָבער די זאַך שטאַרק געקרענקט, און ווען קאַליגולאַ האָט זיך אין אַ מינוט פון האַרציקער פריינדשאַפט אַרויסגערופן, צו אויספירן אַלץ, וואָס אַגריפּוס וועט פון אים פאַרלאַנגען, האָט דער אָרימער קעניג פון די צוויי קליינע פּראָווינצן קיין אַנדער זאַך נישט געבעטן אויסער דעם, — אַז די יהודהער זאָלן זיך ווייטער אויך קענען

באַנוצן מיט די זכיות בנוגע צו אמונה־ענינים, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די פריערדיקע רוימישע מלכים און עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן דער באַפעל וועגן איינפירן דעם קייסער־קולט אין יהודה. קאַליגולאַן האָט די דאָזיקע בקשה פון זיין לייבטזיניקן און אויסגעלאסענעם פריינד נישט ווייניק דערשטוינט; אָפּזאָגן אים האָט ער אָבער נישט געקענט, און גלייך נאָך דעם איז פּעטראָניוסן אַוועקגעשיקט געוואָרן אַ באַפעל אין קייסערס נאָמען, נישט צו באַאומרואיקן מער די יהודהער און זיי צו לאָזן לעבן, ווי זיי ווילן — מיט זיינע סטאַטועס אָדער אָן זיי.

דאָס איז געשען אין די חדשים חשון־כסלו, און אין דער זעלביקער צייט איז אָנגעקומען קיין רוים פּעטראָניוסעס ראַפּאָרט, אין וועלכן ער האָט געשריבן ,אַז מ׳קען נישט איינפירן דעם קייסער־קולט אין יהודה און מ׳מוז זיך דערפון אָפּזאָגן. דאָס האָט קאַליגולאַן ווידער אויפגעקאָכט, און ער האָט גלייך אַוועקגעשיקט פּעטראָניוסן אַ טויט־אורטייל 1). דער דאָזיקער לעצטער באַפעל איז אָבער פאַרהאַלטן געוואָרן אין וועג, און נאָך איידער די קייסערלעכע שלוחים האָבן אים געבראַכט קיין אַנטיוכיע, האָט מען שוין דאָרט געוואוסט, אַז דער ווילדער דעספּאָט איז געוואָרן געטויט פון אַ פאַרשוואוירענעם פּרעטאָריאַנער (24־טן יאַנואַר 41).

די בשורה וועגן קאַליגולאַס טויט איז באַטראַכט געוואָרן פון פאָלק, ווי אַ ישועה פון הימל, און דער טאָג (22 שבט 41), ווען ס׳איז אָנגעקומען אין ירושלים די ידיעה: „קאַיוס קאַליגולאַ איז טויט און זיינע באַפעלן זיינען אָפּגעשאַפט״, — איז פון דעמאָלט אָן געפייערט געוואָרן ,ווי אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב.

קאַליגולאַס נאָכפאָלגער אויף דעם רוימישן טראָן איז געווען זיין פעטער קלוידיוס. דער נייער הערשער האָט זיך אויך געפילט פאַרפליכטעט אַקעגן אַגריפּוסן, ווייל דער לעצטער האָט אַ סך מיט־געווירקט דערצו, אַז דער רעפּובליקאַניש־געשטימטער סענאַט זאָל מרוצה ווערן, צו אַנערקענען אים, קלוידיוסן, פאַר אַ קייסער. זיין ערשטער שריט, ווען ער האָט באַקומען די מאַכט, איז דעריבער געווען, אָפּצודאַנקען דעם יידישן פירשט פאַר דער טובה. ער האָט געלויבט אַגריפּוסן אין אַ עפנט־לעכער סענאַט־זיצונג, האָט אים געשענקט דעם טיטול קאָנסול און גע־

1) לויט די דאַמאָלטיקע געזעצן האָט עס געהייסן: אַ באַפעל, זיך אליין צו נעמען דאָס לעבן.

מאַכט פאַר אַ קעניג איבער גאַנץ פּאַלעסטינע, — איבערגעבן אין זיין רשות אויסער די פריערדיקע צוויי טעטראַרכיעס אויך יהודה מיט שומרון. אַגריפּוסעס זכות איז בייגעשטאַנען אויך זיין ברודער, הורדוס דעם צווייטן, און קלוידיוס האָט אים געשענקט דעם טיטל פּרעטאָר און דאָס קליינע פירשטנטום חלקית, צווישן די לבנון־בערג.

קלוידיוס האָט אַרויסגעוויזן באַזונדערע חסדים נישט נאָר אַגרי־פּוסן. ער איז געווען גוט באפריינדעט מיט דעם יידישן נשיא (אַראַ־באַרך) פון מצרים, אַלעקסאַנדער (פילאָנס ברודער). דער לעצטער איז אויך קאַליגולאַס באַפעל געהאַט ארייגעוואָרפן געוואָרן אין אַ געפענגע־ניש, צוליב די מסירות פון דער אַלעקסאַנדרינישער באַפעלקערונג, און איצט האָט אים קלוידיוס באַפרייט און ווייטער באַשטימט אויף זיין פּאָסטן ווי אַן אַראַבאַרך אין אַלעקסאַנדריע. די יידן אין מצרים האָט קלוידיוס צוריק גלייך געשטעלט אין אַלע זייערע רעכטן מיט דער איבע־ריקער באַפעלקערונג, און דערביי האָט ער באַפוילן, אַז אַלע יידן פון דער רוימישער אימפּעריע דאַרפן האָבן פולע רעליגיע־פרייהייט, און קיינער פון זייערע שכנים טאָר זיי נישט שטערן, אָפּצוהיטן זייערע דינים און מנהגים און צו לעבן לויט זייער תורה. ער האָט אויך געלאָזן באַשטראָפן די הויפּט־שולדיקע אין דער אַגיטאַציע קעגן יידן און אויף אַזאַ אופן זיי באַוואָרנט, זיי זאָלן נישט ליידן מער פון קיין אָנפאַלן און פּאָגראָמען. אַזוי האָט זיך מיט קאַליגולאַס טויט אויסגעלייטערט דער הימל איבער די יידישע קעפּ און די דערשלאָגענע אומה האָט פריי אָפּגעאָטעמט.

באַזונדער געהויבן איז איצט געוואָרן די לאַגע פון יהודה. דאָס לאַנד ,וואָס האָט אין די לעצטע צענדליקער יאָרן אַזוי פיל איבערגע־טראָגן פון פאַרשידענע פרעמדע מושלים און איז געווען צעטיילט און צעברעקלט, איז איצט אויפגעריכט און ניי באַלעבט געוואָרן. איין גרויסע כמעט זעלבסטשטענדיקע מלכות יהודה, איין גאַנץ און פאַראייניקט פאָלק ישראל, באַהערשט פון אַ יידישן, נאַציאָנאַלן קעניג — אַזוי האָט אויס־געזען יהודה אין דער קורצער צייט פון אַגריפּוסעס הערשן. דאָס פאָלק האָט מוחל געווען אַגריפּוסן זיין האַלב־אדומישע אָפּשטאַמונג צוזאַמען מיט זיינע לייכטזיניקייטן און אויסגעלאַסנקייטן, און האָט זיך באַצויגן צו אים מיט האַרציקער ליבע; דאָס איז געשען ערשטנס דערפאַר, וואָס אַגריפּוס האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקן חלק אין דעם בטל־ווערן פון קאַלי־

גולאָס שרעקלעכער גזירה; און צווייטנס, האָט אַגריפּוס אַליין זיך אויך שטאַרק געענדערט צום גוטן, אונטער דעם איינדרוק פון די גרויסע געשעענישן אין רוים. דער לייכטזיניקער און אויסגעלאַסענער פּרינץ האָט מיט אַמאָל דערשפּירט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס די מאַכט לייגט אויף אים אַרויף, און אים האָט דערוואַכט אי דער פּראָטעסט, אי דער געוויסנהאַפטער הערשער. אַגריפּוס האָט זיך דערנענטערט צום פאָלק און צו זיינע טראַדיציעס, און איז געוואָרן אַן אמת־איבערגעגעבענער פריינד און באַשיצער פון דער אומה. דער חשמונאַי אין אים האָט באַזיגט דעם העראָדיאַנער, און ער האָט געשטרעבט מיטן גאַנצן האַרצן, אויפצוהויבן אין אַלע הינזיכטן דעם וואוילשטאַנד פון יהודה און צו לאָזן דאָס פאָלק זיך פריי אַנטוויקלען אין זיין אייגענעם גייסט.

די דאָזיקע פּלוצלינגדיקע גליקלעכע ענדערונג האָט שטאַרק אויפגעהויבן די שטימונג פון פאָלק. די געשעענישן אין און אויסערן לאַנד האָבן ווידער געוויזן, אַז גאָט פאַרלאָזט נישט זיין אויסדערוויילטע אומה און טוט נישט אָפּ זיין אויג פון איר: מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, ווען דער בית־המקדש איז פאַרשוועכט געוואָרן דורך אנטיוכס עפּיפאַנעס, האָט ער געשיקט זיינע שלוחים, די חשמונאים, און זיי האָבן באַזיגט די מעכטיקע סיריער; איצט האָט ער געשיקט זיין געטלעכע ישועה גאָר אָן מלחמות, און דער בית־המקדש איז געבליבן נישט פאַרשוועכט, און אַלע האָפענונגען פון די יידישע שונאים זיינען געוואָרן צו שאַנד, און אַ גוטער אייניקל פון די חשמונאים טראָגט אויפן קאָפּ די קרוין פון גאַנץ יהודה! דאָס לאַנד איז דעריבער באַהערשט געוואָרן פון אַ טיפער פרייד און די יום־טובים אין יענעם יאָר זיינען געפייערט געוואָרן מיט אַן אומגעוויינלעכער האַרציקייט. דעם גאַנצן זומער האָט זיך געצויגן דער יום־טוב פון ברענגען די בכורים (ערשט־צייטיקע פרוכט) אין בית־המקדש; פון די קלענערע שטעט און דערפער האָבן זיך צוזאַמענגענומען מחנות באַזיצער פון פרוכט־גערטנער, און טראָגנדיק זייערע „בכורים" אין שיין־פאַרפּוצטע קערב, — די רייכע אין קערב פון זילבער און גאָלד — האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין דער גרעסטער שטאָט פון געגנט. פון דאָרט האָבן זיך די פאַראייניקטע מחנות, אונטערן געזאַנג און פלייטן־שפּיל, געלאָזן זיך גיין קיין ירושלים און דאָ האָט דער נייער קעניג אויך אַרויסגעוויזן זיין עניוות און זיין ליבע צו די טראַדיציעס פון דער אומה: ער האָט

גלייך מיט אַלע אַליין געטראָגן אויפן אַקסל דעם קאָרב מיט די בכורים, און ביים איבערגעבן דאָס דעם כהן־גדול אין בית־המקדש, האָט ער צו־זאַמען מיטן גאַנצן פאָלק געזאָגט די תפילה, וואָס איז דערצו באַשטימט געווען. אגריפּוס האָט זיך בכלל באַמיט צופרידן צושטעלן נישט בלויז די פּאַטריאָטישע, נאָר אויך די רעליגיעזע געפילן פון פאָלק, און דאָס האָט אים שטאַרק באַליבט געמאַכט אַפילו ביי די שטרענג־פרומע פרושים. ער האָט געלאָזן אויפהענגען איבערן אַריינגאַנג פון איינעם פון די בית־המקדש־צימערן די מאַסיווע גאָלדענע קייט, וואָס קאַליגולאַ האָט אים געשענקט נאָך דעם, ווי ער איז באַפרייט געוואָרן פון דער רוימישער גע־פענגעניש ,און ביי זיין אָנקומען קיין ירושלים האָט ער געבראַכט באַזונ־דערע קרבנות אין בית־המקדש.

לויט דעם אַלטן מנהג האָט דער קעניג געדאַרפט סוכות פאָרלייענען אין בית־המקדש פאַרן פאָלק דעם ספר „דברים" 1). דער דאָזיקער מנהג האָט זיך געהאַט אויפגעהערט צו פּראַקטיצירן, זינט עס איז אונטער־געגאַנגען די מלוכה פון די חשמונאים, און איצט האָט אים אגריפּוס ווידער איינגעפירט. ער האָט געלאָזן פאַרזאַמלען דאָס פאָלק אין בית־המקדש, און איז אַרויפגעגאנגען אויף דער טריבונע, וואָס איז באַשטימט געווען צו דעם צוועק; דאָ האָט אים דער כהן־גדול אונטערגעטראָגן אַ ספר־תורה, און דער קעניג האָט זיך גענומען לייענען פון איר די באַ־שטימטע טיילן. ווען ער איז צוגעקומען צו דעם פּסוק: מקרב אחיך תשים עליך מלך; לא תוכל לתת עליך איש נכרי ,אשר לא אחיך הוא (פון צווישן דיינע ברידער זאָלסטו באַשטימען איבער זיך אַ מלך; דו קענסט נישט אַוועקשטעלן איבער זיך אַ פרעמדן מענטשן, וואָס איז נישט דיין ברודער), — האָט ער זיך פונאַנדערגעוויינט, וויסנדיק, אַז ער אליין איז אַ האַלבער אדומי (אַן אייניקל פון הורדוסן מיט דער חשמונאישער פרינצעסין מרים) און איז נישט ראוי צו זיצן אויף דעם טראָן פון יהודה. פון דער ערלעכ־קייט איז דאָס פאָלק שטאַרק גערירט געוואָרן און האָט מיט באַגייסטע־רונג אויסגעשריען: „טרויער נישט, אַגריפּוס! דו ביזט אונדזער ברו־דער, דו ביזט אונדזער ברודער!".

1) דער פינפטער ספר פון דער תורה, וואו עס ווערט אין קורצן איבערגעחזרט דער אינהאַלט פון די פריערדיקע פיר ספרים.

די גייסטיקע פירונג פון פאָלק האָט אַגריפּוס איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע פּרושים, און פאַר זיין צייט האָבן זיי ווידער באַקומען דעם שטאַרקסטן איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דער מלוכה־פירונג. די העכסטע געזעצגעבערישע אינסטיטוציע פון לאַנד, דאָס סנהדרין, האָט אונטער זיין ממשלה אויך צוריק באַקומען איר אַמאָליקע וויכטיקע באַדייטונג, און איר נשיא פלעגט דורך זיין ספּע־ציעלן סעקרעטאַר איבערגעבן אין די וויטסטע יידישע קאָלאָניעס די החלטות פון סנהדרין בנוגע צו די פאַרשידענע אַנגעלעגנהייטן פון דעם נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן לעבן. פאַר זיך אַליין, ווי אַ באַזונדערע פּריי־ווילעגיע, האָט אַגריפּוס איבערגעלאָזן נאָר דאָס רעכט, צו באַשטימען אַ כהן־גדול, און פאַר די פיר יאָר, וואָס ער האָט געהערשט, האָבן זיך גע־ביטן דריי כהנים גדולים.

אַגריפּוסעס צוגעבונדנקייט צו דער יידישער אומה האָט זיך אַרויס־געוויזן אויך אין עטלעכע פאַקטן פון זיין פאַמיליען־לעבן. אַזוי ווי ער איז געווען נאָענט באַפריינדעט מיט די רייכסטע פירשטן פון די אַרו־מיקע לענדער, האָט ער זיינע קינדער דאָך חתונה געמאַכט נאָר פאַר יידישע מענער און נישט פאַר קיין פרעמדע געצנדינער. זיין עלטסטע טאָכטער, ב ע ר ע נ י ק ע, וועלכע איז דערנאָך אַזוי באַרימט גע־וואָרן צוליב איר שטראַלנדיקער שיינקייט, איז פריער פאַרקנסט געווען פאַר אַ זון פון אַלעקסאַנדער ליזימאַכוס, דעם יידישן נשיא (אַראַבאַרך) פון אַלעקסאַנדריע; דער דאָזיקער חתן איז אָבער געשטאָרבן פאַר דער חתונה, און בערעניקא האָט חתונה געהאַט מיט אַגריפּוסעס ברודער, הורדוס דעם צווייטן, דעם קעניג פון חלקית. די צווייטע טאָכטער, מ ר י ם האָט באַקומען פאַר אַ מאַן אַ געוויסן יהודהער מיט דעם נאָמען יוליוס אַרכעלאַוס, און ווען די דריטע טאָכטער, די באַרימטע שיינהייט ד ר ו ס י ל אַ, איז פאַרקנסט געוואָרן פאַר עפּיפאַנעסן, דעם זון פון אַגריפּוסעס נאָענטן פריינד, קעניג אַנטיוכס פון קאָמאַגענע, האָט דער חתן געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט זיך מגייר זיין.

אין דער קורצער צייט פון אַגריפּוסעס הערשן איז אים עטלעכע מאָל אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די וויטערע יידישע קאָלאָניעס, און ער האָט דאָס שטענדיק געטאָן מיט מוט און איבערגע־געבנקייט. אַזוי איז פאַרגעקומען אַ פאַל אין דער פיניקישער שטאָט דור,

אַז גריכישע שקצים האָבן אַוועקגעשטעלט דעם קייסערס סטאַטוע אין אין איינער פון די דאָרטיקע יידישע שולן. די יידן האָבן זיך באַקלאָגט פאַר אַגריפּוסן און ער האָט זיך גלייך געווענדעט וועגן דעם צו זיין פריינד דעם רוימישן פאָרטרעטער פון סיריע; דער לעצטער האָט דאַן באַפוילן, צו באַשטראָפן די שולדיקע, און באַוואָרנט דערביי, אַז בכלל זאָלן מער אַזוינע זאַכן נישט פאָרקומען און די יידן זאָלן לעבן אומגעשטערט לויט זייערע דינים און מנהגים.

אַגריפּוס האָט זיך באַצויגן מילד און ווייטהאַרציק אַפילו צו זיינע קעגנער. עס איז פאָרגעקומען, אַז אַ געוויסער פאַנאַטיקער פון שמאיס שול, מיטן נאָמען שמעון, האָט עפנטלעך געזידלט דעם קעניג דערפאַר, וואָס ער באַזוכט די געצנדינערישע טעאַטערן, ווען ער פאָרט אַרויס פון ירושלים. די דאָזיקע באַשולדיקונג איז דערטראָגן געוואָרן צו אַגריפּוסן און ער האָט דעם שטרענגן פרוש באַזיגט: ער האָט אים מיטגענומען מיט זיך קיין קסריה, האָט אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך אין טעאַטער, און ווייך געפרעגט: „נו, וואָס איז דאָ פאַראַן פאַרבאָטענעס?" שמעון האָט דאַן געבעטן ביים קעניג מחילה, און דער לעצטער האָט אים נאָך געגעבן אַ סך רייכע מתנות.

ביי זיין גאַנצער פרומקייט האָט זיך אָבער אַגריפּוס דאָך נישט דערוווייטערט פון דער אַרומיקער נישט־יידישער וועלט, און אין דער געזעלשאַפט פון גריכן אָדער רוימער האָט ער זיך, ווי פריער, אַרויסגעוויזן פאַר אַן איבערגעגעבענעם פריינד פון דער העלענישער קולטור. ווי זיין זיידע, הורדוס דער ערשטער, האָט אויך אַגריפּוס געשטיצט מיט גרויסע נדבות אַ גאַנצע ריי גריכישע, רוימישע און סירישע שטעט. אין ביירוט האָט ער געלאָזן אויפשטעלן פאַר דער באַפעלקערונג אַ טעאַטער און געגעבן מיטלען, אויסצוהאַלטן אַ טרופּע גלאַדיאָטאָרן. די באַפעלקערונג פון דער האַפן־שטאָט קסריה האָט, צום צייכן פון דאַנקבאַרקייט פאַר זיינע גרויסע נדבות, אויפגעשטעלט אין איינער פון די הויפּט־גאַסן די סטאַטועןן פון זיינע דריי טעכטער; די זעלביקע באַפעלקערונג האָט אויך געלאָזן אויסגיסן מטבעות מיט אַגריפּוסעס בילד און מיט דעם אויפשריפט: „דער גרויסער קעניג אַגריפּאַ, דער געטרייער פריינד פון קייסער און פון די רוימער". אַחוץ מטבעות האָבן געלאָזן אויסגיסן אויך די שטעט אַנטעדאָן און עזה, און אין די אַלע כבודים און אויפשריפטן איז באַטאָנט

געוואָרן די ליבע פון דעם גרויסן יהודהשן קעניג צו דער העלענישער וועלט בכלל און צו רוים בפרט.

געצווייפלט אין אַגריפּוסעס אמתער ליבע צו דער רוימישער מאַכט האָט מען נאָר אין איין אָרט — אין רוים גופא. אָט די ענדערונג אין דער שטימונג פון די רוימישע מאַכטהאָבער בנוגע צו דעם אַזוי געשעצטן יהודהשן קעניג איז פאָרגעקומען אויף דעם ווייטערדיקן אופן. דער ווייטזיכטיקער און נאַציאָנאַל־געשטימטער אַגריפּוס האָט זיך סוף כל סוף ארומגעזען, אַז דער גורל פון יהודה ליגט אין די הענט פון דעם בלויזן צופאַל, און דאָס ערשטע פּאָליטישע ווינטל, וואָס וועט אַ בלאָז טאָן אין רוים, קען חרוב מאַכט די גאַנצע יהודהשע זעלבסטשטענדיקייט און די גאַנצע פרייהייט פון דעם יידישן פאָלק. אַזוי ווי ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט די געהיימע זייטן פון דעם רוימישן הויף־לעבן, האָט אַגריפּוסן געמוזט אַרויפשווימען אויפן זינען די פראַגע: וואָס וועט ווערן פון יהודהס אומאָפּהענגיקייט נאָך דעם ווי אויף דעם רוימישן טראָן וועט זיצן נישט קלוידיוס, נאָר אַן אַנדערער — אַ נייער מין קאַליגולאַ? און דער האַלבער חשמונאַי, וועלכער האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער צוגעבונדן צו זיין פאָלק, האָט באַשלאָסן, צו פאַרזיכערן דאָס לאַנד פאַרן פאַל פון אַ קאַטאַסטראָפע. אַגריפּוס האָט געלאָזן אריינפירן אין ירושלים מאַסן בוי־מאַטעריאַל און האָט זיך גענומען אויפשטעלן הויכע און שטאַרקע מויער־ווענט אַרום דעם צפון־טייל פון שטאָט, וואו די פריערדיקע באַפעסטיקונגען זיינען געווען צו שוואַך. אויף דער דאָזיקער אונטערנעמונג האָט אַגריפּוס, אונטער פאַרשידענע תרוצים, אויסגעפּועלט אַ דערלויבעניש פון דער רוימישער מאַכט, און די הויכע שוצווענט, וואָס האָבן געזאָלט פאַרוואַנדלען די גאַנצע הויפּט־שטאָט אין אַן אומבאַצווינגבאַרער פעסטונג, האָבן שוין געהאַלטן ביים ווערן געענדיקט. דאָ האָט אָבער דער גאַנצער ענין אַרויפגעצויגן אויף זיך מיט אַמאָל דעם חשד פון פּיביוס מאַרס, דעם נייעם רוימישן פאַרוואַלטער פון סיריע, און אין דעם ספּעציעלן באַריכט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט וועגן דעם אין רוים, האָט ער די זאַך געשילדערט, ווי אַ געפאַר פאַר דער רוימישער אויבער־הערשאַפט איבער יהודה. קלוידיוס האָט דאַן גלייך באַפוילן אַגריפּוסן אָפּצושטעלן די באַפעסטיקונגס־אַרבעט, און דער לעצטער איז געצוואונגען געווען צו פאָלגן.

אָט דער קלאַפּ האָט אין אַגריפּוסן נאָך מער לעבעדיק געמאכט דעם געפיל פון יהודהס אָפּהענגיקייט, און ער האָט באַטראַכט אַ פּלאַן פון אַ ברייטער פּאָליטישער קאָמבינאַציע, וואָס האָט געזאָלט אָוועקשטעלן אַקעגן דער רוימישער מאַכט אַ גאַנצע רייע קלענערע, אָבער פעסט פאַראייניקטע קרעפטן. צו דעם צוועק האָט ער פאַרבעטן צו זיך קיין טבריה, כלומרשט אויף אַן אונטערהאַלטונגס־אָוונט, זיין מחותן אַ נ ט י ו כ ס, דעם קעניג פון קאָמאַגענע; זיין ברודערס שווער ס אַ מ ס י ג ר אַ ם, דעם קעניג פון עמעס; דעם קעניג פון קליין־אַרמעניע, ק אָ ט ו ס ע ן; דעם פירשט פון ציליציע, פּ אָ ל ע מ אָ נ ע ן און ענדלעך זיין ברודער, הורדוס דעם צווייטן פון חלקית. דער פאַרטרעטער פון דער רוימישער מאַכט, מאַרס, האָט אָבער דעם צוזאַמענפאָר אויך געשטערט: ער איז אומדערוואַרטעט געקומען קיין טבריה, און ווען ער איז אריינגעטראָטן אין זאַל, וואו די געסט זיינען געווען פאַרזאַמלט, האָט ער זיי געהייסן זיך גלייך פאַנאַנדערפאָרן.

דער קאָנפליקט צווישן אגריפּוסן און דער רוימישער מאַכט וואָלט זיך איצט נאָך שטאַרקער אַנטוויקלט, ווען דער טויט וואָלט זיך דאָ נישט אריינגעמישט און צעשטערט אַלע פּלענער — דער געליבטער קעניג אגרי־פּוס איז פּלוצלונג געשטאָרבן אויפן פיר און פופציקסטן יאָר פון זיין לעבן (44). וועגן דעם פּלוצלינגדיקן טויט האָט זיך אין פאָלק דערציילט פאַר־שידענע מעשיות, און לויט איינער פון זיי, איז די זאַך אַזוי פאָרגעקומען: אַגריפּוס איז געווען אין קסריה און האָט זיך דאָרט באַטייליקט אין אַ גע־ויסן יום־טוב לכבוד דעם קייסער. ווען ער איז אריינגעקומען אין טעאַטער, אין זיין פּרעכטיקער, מיט זילבער באַפּוצטער קליידונג, האָט דער המון, וואָס איז געווען דערצויגן אויף די באַגריפן פון קייסער־קולט, אָנגעהויבן רופן: גאָט, האַר און נאָך אַזעלכעס. אַגריפּוס האָט זיך דאַן אָוועקגע־זעצט אויף זיין פּלאַץ, און גלייך האָט ער דערשפּירט אַ שטאַרקן ווייטיק אין ״די געדערים״, ווענן וואָס ער האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ שמייכל צו זיינע באַגלייטער: באַלד וועט שטאַרבן דער, וואָס איז נאַר־וואָס גע־ווען אַן אומשטערבלעכער. ווען ער איז אהיימגעקומען פון טעאַטער האָט זיך אַגריפּוס אָפּגעפּייניקט פינף טאָג אין שרעקלעכע יסורים און איז גע־שטאָרבן — אַ פערטל יאָרהונדערט פאַר דעם אונטערגאנג פון דער יידי־שער מלוכה.

דער אומגעווייגלעכער און פריצייטיקער טויט פון דעם באַליבטן קעניג האָט אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער אין גאַנץ יהודה, און דער טרויער האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט צוליב דער שענדלעכער באַציאונג פון די ארומיקע געצנדינערישע באַפעלקערונגען צו דעם טויט פון זייער שטיצער און וואוילטעטער. די סיריער און גריכן און קסריה — די זעלביקע, וואָס האָבן ערשט געליבט אַגריפּוסן אין הימל אריין און אים געמאַכט פאַר אַ גאָט! — האָבן עפנטלעך אויסגעדריקט זייער שמחה איבער דעם טויט פונעם יהודהשן קעניג, און באַליידיקט זיין אָנדענק מיט שמוץ און שענדלעכע רכילות. די רוימישע סאָלדאַטן האָבן נישט בלויז נישט גע־שטערט דעם פאַרשיכורטן המון — נאָר זיך אַליין אויך אַקטיוו באַטייליקט אין דער דאָזיקער ווילדער שמחה; זיי האָבן אַוועקגעשלעפּט די סטאַטועס פון אגריפּוסעס טעכטער אין אַ שאַנד־הויז און דאָרט אויסגעפּירט איבער זיי די שענדלעכסטע מעשים; דערנאָך האָבן זיי געשכורט און געהוליעט אין די הויפּט־גאַסן פון שטאָט, געבראַכט קרבנות צום גאָט כאַראָן, איינ־געאָרדנט דעמאָנסטראַציעס און באַשמוצט דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם מיט אַלערליי זלזולים און זידלערייען.

ווען די ידיעות וועגן די אַלע מעשים זיינען אָנגעקומען קיין רוים, האָט דער קייסער, קלוידיוס, באַפוילן צו באַשטראָפן די שולדיקע און האָט געזאָלט באַשטימען גלייך אגריפּוסעס זיבעצניעריקן זון ,אַגריפּוס דעם צווייטן, וועלכער האָט זיך געפונען אין רוים, ווי קעניג פון יהודה. עס האָבן זיך אָבער געפונען יועצים, וואָס האָבן דעם קייסער אָפּגערעדט פון דעם פּלאַן. זיי האָבן אים אויפגעוויזן, אַז אַגריפּוס דער זון איז נאָך צו־יונג און וועט נישט אימשטאַנד זיין, צו האַלטן אין אָרדענונג אַזאַ אומרואיקע מלוכה, ווי יהודה. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן, ווידער צו דערקלערן יהודה פאַר אַ רוימישער פּראָווינץ און זי צוריק איבערצו־געבן אין די הענט פון אַ רוימישן פּראָקוראַטאָר. אַזוי האָט זיך געענדיקט די קורצע צייט פון יהודהס אויפבלי, און דאָס פאָלק האָט ווידער דער־פילט אויף זיך די אייזערנע האַנט פון דער רוימישער מאַכט.

דער ערשטער פּראָקוראַטאָר נאָך אַגריפּוסעס טויט איז געווען קוס־פּיוס פאַדוס (44־66). אים האָט קלוידיוס איבערגעגעבן אויך די שליחות, צו באַשטראָפן די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן באַליידיקט אַגריפּוסעס אָנדענק; אָט די שליחות איז אָבער געבליבן נישט אויסגעפירט, ווייל די באַשול־

דיקטע האָבן אויסגעפּועלט פאַר זיך אַ פולשטענדיקע אַמנעסטיע. די אומ־באַשטראָפטע פאַרברעכער צוזאַמען מיט די יידנפיינטלעכע סאָלדאַטן זיי־נען אַלזאָ פאַרבליבן אין לאַנד און די אָפטע צוזאַמענשטויסן צווישן זיי און דער יידישער באַפעלקערונג האָבן געצוואונגען דער דאָזיקער, זיך אַליין צו שיצן מיט אירע אייגענע כוחות. עס האָבן זיך ווידער אויסגע־בילדעט מחנות פון פרייוויליקע יידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן באַ־אומרואיקט די שכנישע געצנדינער, זיי גערודפט און אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט, זיך אָן זיי נוקם צו זיין. די סיריער און גריכן האָבן זיך דאַן געווענדעט צו דעם נייעם פּראָקוראַטאָר, צו פאַדוסן, און ער האָט גע־לאָזן כאַפּן די רעוואָלוציאָנערן און האָט אַ טייל פון זיי פאַרמשפּט צום טויט און אַ טייל — פאַרטריבן פון לאַנד.

און דערמיט האָ טזיך די טעטיקייט פון דעם פּראָקוראַטאָר נאָך נישט געענדיקט. אים האָט גערייצט יעדער אויסדרוק פון זעלבסטשטענ־דיקייט אינעם לעבן פון פאָלק, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אין זיינע הענט די גאַנצע פּאָליטישע פאַרוואַלטונג פון לאַנד, האָט זיך אים נאָך דורכאויס געוואָלט אַ דעה זאָגן אויך איבער אַלע גייסטיקע אַנגעלעגנ־הייטן פון דעם יידישן פאָלקס־לעבן. צו דעם צוועק האָט ער געוואָלט צוריק איינפירן, אַז די קליידער פון כהן־גדול און די איבעריקע מכשירים פון דער עבודה אין בית־המקדש ,זאָלן אַ גאַנץ יאָר זיין איינגעשלאָסן אין דער פעסטונג אַנטאָניום און נאָר אויף יום טוב זאָל זיי אַרויסגעבן דער קאָמענדאַנט. די דאָזיקע פאָדערונג, וואָס האָט אָנגעגריפן אי דאָס נאַ־ציאָנאַלע, אי דאָס רעליגיעזע געפיל פון פאָלק, האָט אַרויסגערופן אַ גאַנצן שטורעם אין ירושלים, און די רוימישע מאַכט הט זיך געזען גע־צוואונגען צו קאָנצענטרירן דאָ אַ גרויסע מיליטערישע קראַפט. עס איז אָבער דאָך צו קיין צוזאַמענשטויס נישט געקומען; די פאָרשטייער פון פאָלק האָבן נאָר געבעטן דעם פּראָקוראַטאָר, אָפּצולייגן די אויספירונג פון דער גזירה ביז אַ געוויסער צייט ,ווייל זיי ווילן שיקן וועגן דעם אַ דעפּוטאַציע קיין רוים, און די בקשה איז דערפילט געוואָרן. אין רוים, ווידער, זיינען די יידישע שלוחים שטאַרק געשטיצט געוואָרן פון דעם יונגן פּרינץ אַגריפּוס, און אַ דאַנק זיין השתדלות האָט קלוידיוס מבטל געווען די גזירה און באַפוילן, צו לאָזן די יידן לעבן רואיק לויט זייערע אייגענע זיטן און געזעצן. דאָס רעכט צו באַשטימען אַ כהן־גדול איז,

לויט דעם באַפעל, איבערגעגעבן געוואָרן דעם ברודער און איידים פון דעם פאַרשטאָרבענעם קעניג, הורדוס דעם צווייטן ,פון חלקית.

אונטער דער צייט איז אין יהודה פאָרגעקומען אַ באַדייטנדע גע־שעעניש. אַ געוויסער טעאודע איז אַרויסגעטרעטן ווי אַ נביא אָדער משיח און האָט צוזאַמענגענומען ארום זיך עטלעכע הונדערט גלויביקע; אָט די מחנה האָט אַרומגעוואַנדערט איבערן לאַנד פון אָרט צו אָרט, און ענדלעך האָט זיך דער נביא אונטערגענומען צו שפּאַלטן דעם ירדן און אַריבער־צופירן דורך אים זיינע אָנהענגער. די לעצטע האָבן זיך דאָן פאַרזאַמלט אַרום זייער אויסלייזער מיט זייערע ווייבער און קינדער, גרייט צו דער גרויסער געטלעכער ישועה, נאָך וועלכער עס דאַרף זיך אָנהויבן די נאַ־ציאָנאַלע גאולה. דאָס האָט שטאַרק באַאומרואיקט דעם פאַרטרעטער פון דער רוימישער מאַכט און ער האָט געלאָזן אַרומרינגלען די משיח־טרוימער־מיט אַ מחנה רייטער־סאָלדאַטן ,וועלכע האָבן פיל פון זיי געטויט און די איבעריקע — געפאַנגען. צווישן די לעצטע האָט זיך געפונען אויך טעאודע אליין, וועלכן פאַדוס האָט געלאָזן אָפּהאַקן דעם קאָפּ און אים ברענגען מיט פאַראַד קיין ירושלים (45־46).

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז פאַדוס אָפּגערופן געוואָרן פון יהודה און דעם פּאָסטן האָט פאַרנומען טיבעריוס יוליוס אַלעקסאַנדער, דער זון פון דעם יידישן אַראַבאַרך אין אַלעקסאַנדריע, וועלכער איז איבער־געגאַנגען צום היידנטום און האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דעם רוימישן מלוכה־לעבן. דער פאַקט, וואָס אַ משומד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, האָט אַרויסגערופן אין יהודה אַ טיפן פאַרדרוס, און די זין פון דעם אַמאָליקן פייערדיקן קנאי יהודה הגלילי, יעקב און שמעון ,האָבן ווידער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן געהיימע רעוואָלוציאָנערע מחנות. טיבעריוסן האָט זיך אָבער איינגעגעבן, צו דער־שטיקן די באַוועגונג באַלד פון איר אָנהויב, און ער האָט זיך אַכזריותדיק נוקם געווען אָן דיביידע ברידער: ער האָט זיי ביידן געלאָזן קרייציקן, — וואָס ס'האָט זיך גערעכנט פאַר דער האַרטסטער שטראָף, לויט די רוימישע געזעצן.

# קאַפּיטל זיבן

## אַגריפּוס דער צווייטער און די רוימישע פּראָקוראַטאָרן

(49—65)

אַגריפּוס דער צווייטער, דער זון פון דעם לעצטן יהודהשן קעניג, האָט אונטער דער גאַנצער צייט געלעבט אין רוים, וואו ער האָט פאַרקערט אין די העכסטע קרייזן פון דער דאָרטיקער געזעלשאַפט, און אייבגעזויגן אין זיך די אַלע באַגריפן און אויסגעלאסנקייטן, וואָס האָבן דאָרטן געהערשט. ווען זיין פעטער, הורדוס דער צווייטער, איז געשטאָרבן, איז דאָס קליינע קעניגרייך חלקית איבערגעגאנגען צו אים, אַגריפּוסן, און צוזאַמען דערמיט האָט ער געירשנט  פון דעם פאַרשטאָרבענעם אויך די השגחה איבערן בית־המקדש און דאָס רעכט צו באַשטימען אַ כהן־גדול. ער איז אָבער נאָכדעם אויך פאַרבליבן אין רוים, און מיט אים צוזאַמען האָט זיך אויך געפונען זיין שיינע שוועסטער בערעניקאַ, וועלכע איז געווען מיט איין יאָר יונגער פון אים און איז געבליבן אַ יונגע אלמנה נאָך איר מאַן, דעם דערמאָרדעטן הורדוס. דער דאָזיקער פאַקט האָט אַרויסגערופן רכילותן אין דער רוימישער געזעלשאַפט, און כדי זיך צו שיצן קעגן זיי האָט אגריפּוס חתונה געמאַכט בערעניקאַן מיטן קעניג פון ציליציע, פּאָלעמאַן, וועלכער איז מרוצה געוואָרן זיך מגייר צו זיין צוליב איר. די אויסגעלאסענע און לעבנסלוסטיקע שיינהייט האָט זיך אָבער ביי דעם צווייטן מאַן אויך נישט לאַנג דערהאַלטן: זי איז אַוועק פון אים און האָט זיך ווידער פריי איבערגעגעבן אירע לייכטזיניקייטן. ביי דעם אַלעמען האָט זיך בערעניקאַ דאָך נישט אָפּגעזאָגט פון איר גלויבן, בשעת איר אַנדערע שוועסטער, דרוסילאַ, האָט דאָס יאָ געטאָן. דרוסילאַ איז, ווי אַ קינד נאָך, פאַרקנסט געוואָרן פאַר דעם קאָמאַגענישן פּרינץ עפּיפאַנעס, וועלכער האָט זיך פאַרפליכטעט, אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן און האָט זיין וואָרט נישט געהאַלטן. דרוסילאַ האָט דאַן חתונה געהאט מיטן קעניג פון עמאוס, חזיז, וועלכער האָט זיך גלייך מגייר געווען; פאַר

דער לייכטזיניקער און שיינער פרינצעסין האָט דאָס אָבער געהאַט אַ גאַנץ קליינע באַדייטונג, און ווען עס האָט זיך, גלייך נאָכדעם, פאַרליבט אין איר דער רוימישער פראָקוראַטאָר פעליקס, האָט זי צוליב אים פאַרלאָזן דעם מאַן צוזאַמען מיטן גלויבן, און האָט זיך פאַרבונדן מיט דעם געצנ־דינערישן פייניקער פון איר פאָלק.

דאָס פאָלק האָט דער פרינצעסן דעם חטא נאָטירלעך, נישט מוחל געווען; דאַקעגן אָבער האָט דאָס איר ברודער, אַגריפּוסן, נישט שטאַרק געאַרט, ווייל זיין אייגענע אָנגעהעריקייט צום יידישן גלויבן איז אויך געווען נאָר אַן אָפיציעלע, אַ קאַלטע. אַגריפּוס האָט זיך גערעכנט אָפיציעל פאַר דעם קעניג פון יהודה, כאָטש ער האָט געהאַט אין זיין רשות נישט מער, ווי די קליינע פראָווינץ חלקית, און די גאַנצע פאַקטישע מאַכט איבערן לאַנד האָט זיך געפונען אין די הענט פונעם רוימישן פראָקוראַטאָר. אַגרי־פּוס האָט אפילו געלאָזט אויסגיסן מטבעות מיט דער אויפשריפט: „דער גרויסער קעניג, פריינט פון קייסער און פון די רוימער"; דאָס איז אָבער געווען נישט מער, ווי אַן ערן־טיטל, וועלכן די רוימישע מאַכט האָט אים איבערגעלאָזט און וועלכער האָט אין דער ווירקלעכקייט נישט גע־האַט קיין באַדייטונג. דער איינציקער פונקט אין יהודה, איבער וועלכן אַגריפּוס האָט געהאַט צו זאָגן אַ דעה, איז געווען דער בית המקדש. דאָ איז ער געווען דער פאַקטישער בעל הבית און ער האָט נישט ווייניק אויפגעטון פאַר דער אויסערלעכער פאַרשענערונג פונעם טעמפּל גופא און פון דער עבודה אינעווייניק. אַגריפּוס האָט געלאָזט אויספלאַסטערן די גאַסן אַרום בית המקדש מיט מאַרמאָר־שטיינער; פאַר דעם לוויים־כאָר האָט ער איינגעפירט אַ שענערע קליידונג, און ווען מ'האָט געזאָלט רעמאָנטירן דעם בית המקדש, האָט ער געלאָזט אויסהאַקן זייער טייערע ביימער פון די רייכע לבנון־וועלדער.

אַגריפּוסעס קאַלטע באַציאונג צו די הייליקטימער פון פאָלק האָט אָבער אָפט געבראַכט צו סכסוכים צווישן אים און די גייסטיקע פירער פון דער אומה. אַזאַ מין סכסוך איז פאָרגעקומען אַמאָל צווישן זיי איבער אַ קלייניקייט. אַגריפּוס האָט אויפגעשטעלט אַ הויכן טורעם אין הויף פונעם חשמונאים־פּאַלאַץ, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון בית המקדש, און פון דעם טורעם פלעגט ער ליב האָבן אָראָפּצוקוקן אויף דער שיינער פּאַנאָראַמע פון שטאָט, פון וועלכער ס'האָבן זיך באַזונדער

בולט אַרויסגעזען די אינעווייניקסטע עזרות פון בית המקדש און אַלץ, וואָס ס'טוט זיך אין זיי. דאָס איז באַטראַכט געוואָרן פון די פרומע זקנים, ווי אַ פּראָפּאַנאַציע און אַ פאַרברעכן קעגן געזעץ, און זיי האָבן באַפוילן, אַוועקצושטעלן אַ הויכע וואַנט צווישן טורעם און בית המקדש. אַגריפּוס איז געוואָרן אין כעס און האָט געוואָלט צווינגען די כהנים, זיי זאָלן די וואַנט צונעמען. די כהנים האָבן זיך אָבער נישט געוואָלט אונטערגעבן, און די דעפּוטאַציע, וואָס זיי האָבן אַוועקגעשיקט וועגן דעם קיין רוים, מיטן כהן גדול ישמעאל בן פאַבי בראש, האָט באַקומען אויף איר זייט די הסכמה פון דער מאַכט. אַגריפּוס האָט זיך דערפאַר נוקם געווען אין דעם דערמאָנטן כהן גדול און אים אַראָפּגעזעצט פונעם פּאָסטן, און באַשטימט אויף זיין פּלאַץ אַ געוויסן יוסף קאַבי.

בנוגע צו דער כהונה גדולה האָט זיך אַגריפּוס בכלל גאַנץ ווייניק אויסגעצייכנט פון די ערשטע אדומער. אין זיין צייט איז דער דאָזיקער הויכער פּאָסטן געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט און האָט פאַרלוירן זיין גאַנצע אויטאָריטעט. עס איז איינגעפירט געוואָרן דער שענדלעכער סיס־טעם פון קויפן דעם הויכן טיטל און יעדער באַשטימטער כהן גדול האָט געזוכט אָנצוזאַמלען וואָס מער געלט אין דער צייט פון זיין „הערשן", ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט קען קומען אַן אַנדערער און אויסקויפן דעם פּאָסטן פאַר אַ גרעסער סומע. גאַנץ אָפט איז עס געקומען צו פּשוטע עפנטלעכע געשלעגן צווישן פאַרשידענע „קאַנדידאַטן" און דאָס האָט געמוזט ברענגען דערצו, עס זאָל פאַלן דער גאַנצער כבוד פון בית המקדש. פון יענער צייט אָן — האָט זיך דערציילט אין פאָלק — האָבן זיך אויפגעהערט צו ווייזן די באַשטימטע צייכנס אין קדשי קדשים; די כהנים האָבן אויפגעהערט אַרויסצורעדן דעם שם (יהוה) אין זייערע ברכות און דער כהן גדול אַפילו אין דער יום כפּורדיקער עבודה האָט אים אויך אַרויסגערעדט אַזוי שטיל, אַז קיינער האָט אים נישט געהערט — נישט זיי און נישט די צייט זיינען ראוי געווען דערצו.

אין די צוויי צענדליק יאָר פון אַגריפּוסעס בעל הביתעווען אין בית המקדש האָבן זיך כסדר געביטן די כהנים־משפּחות באָעטוס (ביתוס), קנתר, פאַבי, קמית, חנן, און דער בעל אגדה פון תלמוד קלאָגט: „ביטער איז מיר פון זיינע שטעקנס! ביטער איז מיר פון דער משפּחה חנן,

ביטער איז מיר פון זיין שלאַנגגיפט! ביטער איז מיר פון דער משפּחה קנתר און פון זיין פעדער! ביטער איז מיר פונעם הויז פון ישמעאל בן פאַבי און פון זיינע פויסטן! זיי אַליין זיינען די כהנים גדולים, זייערע זין — די שאַצאויפזעער (פון בית המקדש), זייערע איידעמס — די משגיחים, און זייערע קנעכט שלאָגן דאָס פאָלק מיט שטעקנס".

אַזוי נידעריק איז געפאַלן די הייליקסטע אינסטיטוציע פון לאַנד, אין דער צייט, ווען דאָס פאָלק האָט זיך געראַנגלט מיט די שרעקלעכסטע גסיסה־יסורים, האָט זיך געבויגן אין דרייען אונטער דעם יאָך פון דער פרעמדער הערשאַפט און געפּרואווט מיט די לעצטע כחות אַראָפּרייסן פון זיך די שווערע אייזערנע קייטן פון די אכזריותדיקע פּראָקוראַטאָרן.

נאָך טיבעריוס אַלעקסאַנדערן איז קיין יהודה אָנגעקומען ווי פּראָ־קוראַטאָר אַ געוויסער קומאַנוס (48—52). דאָס איז געווען אַ רויער רוימישער אַדמיניסטראַטאָר, וואָס האָט כסדר געזוכט אַ געלעגנהייט צו „באַרואיקן" און האָט אומעטום געזען נאָר אויפשטאַנדן און מאַיעסטעטס־באַליידיקונגען. און אַזאַ מין געלעגנהייט האָט זיך אים גלייך געמאַכט: דאָס איז געווען יום טוב פּסח; קומאַנוס האָט געזען, ווי פון אַלע זייטן ציען זיך אומגעהויערע מאַסן מענטשן קיין ירושלים, האָט ער זיך דער־שראָקן און געלאָזט אַוועקשטעלן אַ גרויסע מחנה באַוואָפנטע סאָלדאַטן אין דער זיילן־גאַלעריע פון בית־המקדש. דער דאָזיקער אָנבליק פון געצנ־דינערישע סאָלדאַטן אויף דער שוועל פון פאַרהייליקטן נאַציאָנאַלן טעמפּל האָט שוין אַליין אויך שטאַרק אויפגערעגט די פאַרזאַמלטע; דאָ איז נאָך אָבער צוגעקומען אויך דער פאַקט, וואָס איין סאָלדאַט האָט געמאַכט אַ שענדלעכע באַוועגונג קעגן דעם פאַרזאַמלטן פאָלק, בעת דער עבודה. אויף דער פאָדערונג, צוצונעמען דעם סאָלדאַט פון בית המקדש האָט קו־מאַנוס געענטפערט מיט דראָענדיקע התראות. דער צערייצטער עולם האָט זיין צאָרן נישט געקענט שטילן און אָנגעהויבן צו וואַרפן שטיינער אויף די סאָלדאַטן און צו זידלען די פּראָקוראַטאָרן. דעמאָלט האָט קומאַנוס צוזאַמענגעצויגן אויפן פּלאַץ פון די אומרוען גרויסע מחנות סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די נישט באַוואָפנטע יידן און מאַסן פון זיי געטייט און געפּייניקט. די אומגליקלעכע האָבן זיך געפּרואווט אַרויסרייסן פון דער סאָלדאַטן־קייט און אַנטלויפן; איז אָבער דאָס שטו־

פּעניש ביי די טויערן געווען אַזוי שטאַרק, אַז טויזנטער יידן זיינען דער־נאָך געפונען געוואָרן דערשטיקטע און צוקוועטשטע.

אָט די אַלע מעשים האָבן געמוזט אַרויסרופן אין פאָלק אַ שטאַרקן דאָרשט, זיך נוקם צו זיין אין די באַדריקער פון פאָטערלאַנד, און דאָס האָט זיך דערוויל אויסגעדריקט אין אַ ריי איינצלנע טעראָריסטישן אַקטן. אַזוי איז פאָרגעקומען, אַז אַ גרופּע יהודהער האָט באַגעגנט אויפן וועג דעם דורכפאָרנדיקן קייזערלעכן באַאַמטן סטעפאַנוס און איז אים באַפאַלן. דאָס האָט שטאַרק אויפגעקאָכט קומאַנוסן און ער האָט אַרויסגעשיקט אַ שטראָף־עקספּעדיציע מיטן באַפעל — חרוב צו מאַכן אַלע דערפער און ישובים, וואָס ליגן אַרום דעם אָרט, וואו דאָס פאַרברעכן איז פאָרגעקומען. די סאָלדאַטן האָבן דורכגעפירט דעם באַפעל מיט דער שרעקלעכסטער אכזריות, און ווען זיי האָבן געפונען אין איינעם פון די ישובים אַ ספר תורה ,האָבן זיי זי צעריסן און געשענדעט. אָט דעם פאַרברעכערישן חלול הקודש האָבן די יידן נישט געקענט מוחל זיין, און מאַסן פון זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזן צו קומאַנוסן קיין קסריה, וואו זיי האָבן געפאָדערט אַ באַ־פרידיקונג. קומאַנוס האָט אין אָנהויב גאָרנישט געוואָלט אויסהערן די טענות פון די יידן וואָס האָבן פּראָטעסטירט. ענדלעך אָבער האָט ער גע־פונען פאַר נייטיק זיי נאָכצוגעבן, און די שולדיקע סאָלדאַטן זיינען גע־טייט געוואָרן.

צווישן קומאַנוסן און דער יידישער באַפעלקערונג איז פאָרגעקומען נאָך אַ דריטער צוזאַמענשטויס, — אַ קאָנפליקט, וואָס האָט אָנגענומען אַ מער ערנסטן כאַראַקטער און האָט זיך געענדיקט פיל בלוטיקער פון די ערשטע צוויי. אַ גרופּע יידן פון גליל איז געגאַנגען קיין ירושלים אויף אַ געוויסן יום־טוב דורך שומרון, און די שומרונער זייענען באַפאַלן די יידישע עולי־רגל און האָבן עטלעכע פון זיי געהרגעט. אַ דעפּוטאַציע פון די גלילער יידן האָט זיך דאַן געווענדעט צו קומאַנוסן מיט דער פאָדערונג, צו באַ־שטראָפן די שומרונער, וואָס האָבן שוין אָבער געהאט אונטערגעקויפט קו־מאַנוסן, און ער האָט זיך באַצויגן צו דער גאַנצער זאַך גלייכגילטיק. דאָס האָט געצוואונגען די יידישע באַפעלקערונג אָנצונעמען אייגענע מיטלען און זיך אַליין אָפּצורעכענען מיט די שולדיקע.

אין יענער צייט האָבן די פאַרבליבענע אָנהענגער פון די אַמאָליקע זעלאָטן (קנאים) צוריק אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן באַוואָפנטע קאַמפּס־

גרופּעס, כּדי צו קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון פאַטערלאַנד. און אַט האָט איינע פון די דאָזיגע גרופּעס, אונטער דער אָנפירונג פון דעם העל־דישן אלעזר בן דינאַי, איבערגענומען דעם גאַנצן ענין אין אירע הענט. די מחנה זעלאָטן האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין דער געגנט אַקראַבאַטאַנע, וואָס איז געווען אײנגאַנצן באַזעצט מיט שומרונער, און האָט באַרויבט און חרוב געמאַכט אָן רחמנות אַ גאַנצע ריי שטעט און דערפער. צעטומלט פון דעם שרעקלעכן קלאַפּ, זיינען די שומרונער געלאָפן בעטן הילף ביי זייער באַשיצער, און ער האָט זיי באמת געהאָלפן. קומאַנוס האָט זיי דערלויבט זיך צו באַוואָפענען און האָט זיי נאָך צוגעשיקט אַ גרויסע מחנה סאָלדאַטן, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזן אַנטקעגן די זעלאָטן און פיל פון זיי געפאַנ־גען און געטייט.

די דאָזיקע אָפענע פּאַרטייאישקייט פון דעם רוימישן פאַרטרעטער האָט נאָך מער אויפגערעגט די ברייטערע שיכטן פון פאָלק, און עס האָט געהאלטן דערביי, אַז די גאַנצע באַפעלקערונג זאָל אָפן אַרויסטרעטן קעגן קומאַנוסן מיט זיינע סאָלדאַטן, — וואָס עס וואָלט געוויס געבראַכט צו אַ שרעקלעכן חורבן. דאָ האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט אין דער זאַך די אָנגעזעענע פאָרשטייער פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע, און אַזוי ווי זיי האָבן געשטרעבט מיט אַלע מיטלען אויסצומיידן די קאַטאַסטראָפע, האָבן זיי אָפּגעהאלטן דאָס פאָלק פון באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען און גע־ראטען, צו קעמפן קעגן דער אומגערעכטיקייט מיט די מיטלען פון געזעץ. עס זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן צוויי דעפּוטאַציעס צום רוימישן פאַר־וואַלטער פון גאַנץ סיריע אומידיוס קוואַדראַטוס: איינע אַ יידישע, וואָס האָט זיך באַקלאָגט אויף די שומרונער מיט זייער באַשיצער קומאַנוס, און אַ צווייטע אַ שומרונישע, מיט אַ פּראָטעסט קעגן די אומגעזעצלעכע אכזריותן פון אלעזרס גרופּע. קוואַדראַטוס איז צוליב דעם סכסוך אַליין געקומען קיין שומרון, און זיין ערשטע עובדה איז געווען זיך נוקם צו זיין פאַר דעם באַליידיקטן רוימישן כבוד און באַשטראָפן (קרייציקן) די זעלאָטן־רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיינען געפאַנגען געוואָרן דורך קומאַנוסעס סאָל־דאַטן. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צום עצם ענין און באַשטימט וועגן דעם אַ ספּעציעלן געריכט אין דער שטאָט לוד, וואו עס זיינען זיך צונויפ־געקומען די פאָרשטייער פון ביידע צדדים. דאָ האָט זיך אָבער די פראַגע אַרויסגעוויזן פאַר זייער פאַרפּלאָנטערט, און קוואַדראַטוס האָט נישט גע־

פּועלט ביי זיך אַרויסצוגעבן אַ קאַטעגאָרישע אנטשיידונג; ער האָט דערי־בער באַפוילן, פאַרצושטעלן דעם גאַנצן ענין פאַרן קייסער אַליין, און ביידע פּאַרטייען האָבן אַוועקגעשיקט אויסגעוויילטע דעפּוטאַציעס קיין רוים. אין דער יידישער דעפּוטאַציע האָבן זיך דאָס מאָל געפונען די פאָרשטייער פון דער אַריסטאָקראַטיע מיטן כהן גדול יונתן בראש, און אויף דער זייט פון די שומרונישע פאַרטרעטער איז געווען קומאַנוס, וועלכער איז אַליין אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם משפּט ווי אַ באַשולדיקטער, און האָט גע־מוזט פאַרן זיך פאַרטיידיקן פאַר זיין הערשער.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין רוים, האָבן זיך ביידע דעפּוטאַציעס פאָרגעשטעלט פאַר קלוידיוסן. קומאַנוס און מיט אים אויך די שומרונים, האָבן געהאט אויף זייער זייט דעם גאַנצן הויף און די הויכע מקורבים פון קייסער; די יידישע שלוחים האָבן אָבער אויך געהאט אַ גרויסן צד: פאַר זיי האָט זיך שטאַרק איינגעשטעלט דעם קייזערס ליבלינג אַגריפּוס דער צווייטער, וועלכער האָט זיך בכלל אויפגעהאלטן אין רוים מער, ווי אין פּאַלעסטינע. אַגריפּוסן איז באַזונדער נאָך געלונגען צו געווינען פאַר זיך די קייסערין אַגריפּינאַ, און אַדאַנק איר ענערגישן אנטייל אין דעם פּראָצעס איז דעם קייסערס פּסק געווען צום גונסטן פון יהודהער. לויט דעם אור־טייל זיינען די שולדיקע שומרונים געטייט געוואָרן און קומאַנוס איז פאַר־שיקט געוואָרן אין גלות.

אין דער זעלביקער צייט און אַדאַנק דער זעלביקער אַגריפּינען איז אַגריפּוס אַליין אויך נתעלה געוואָרן: ער האָט באַקומען אין זיין מאַכט די גאַנצע צפון־מזרח געגנט פון יהודה, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו פיליפּס טעטראַרכיע. דעם צענטער פון יהודה האָט אָבער רוים איצט אויך נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון אירע אייזערנע הענט, און דער כלומרשטער נצחון פון די יידן איבער די שומרונים האָט די אייגנטלעכע פּאָליטישע לאַגע פון יהודה גאָרנישט פאַרבעסערט.

נאָך דעם ווי קומאַנוס איז פאַרמשפּט געוואָרן, איז אויף דעם פּאָסטן פון פּראָקוראַטאָר איבער יהודה באַשטימט געוואָרן פעליקס (60—52), אַ באַפרייטער שקלאַף פון קייסערלעכן הויף און אַ ברודער פון אַגריפּינאַס אַלמעכטיקן ליבלינג פּאַלאַס. אויף דער באַשטימונג האָבן די פּריינט פון יהודה געלייגט גרויסע האָפענונגען, און אויסער אַגריפּוסן האָט דער כהן גדול אַליין אויך געבעטן דעם קייסער, ער זאָל באַשטימען פעליקסן אויף

דעם פּאָסטן. אָט די אַלע האָפענונגען האָבן זיך אָבער געענדיקט מיט אַ ביטערער אנטוישונג — פעליקס איז נאָך איבערגעשטיגן קומאַנוסן אין רשעות און חוצפּה. די אכזריותדיקע און געלט־גיריקע שקלאַפן־נאַטור האָט געזוכט פאַר זיך נאָר איין ציל: באַפרידיקן אַלע תאוות און אַרויספּרעסן פון דער באַפעלקערונג וואָס מער געלט. און דערביי זיינען אַלע מיטלען געווען כשר פאַר דעם אויפגעקומענעם קנעכט. ער האָט גוט געוואוסט, אַז דער איינפלוס פון זיין ברודער אין הויף איז גענוג שטאַרק, כדי צו פאַר־דעקן אַפילו די גרעסטע חטאים. די פעסטע לאַגע פון דעם נייעם פּראָקו־ראַטאָר איז נישט געוואָרן שוואַכער אַפילו אויך נאָך דעם, ווי קלוידיוס איז געשטאָרבן (54) און אויפן טראָן איז אַרויף דער יונגער נעראָ. דער לעצטער איז צו אַגריפּוסן געווען נישט שלעכט געניגט, און האָט אים צוגעגעבן פיר באדייטנדיקע שטעט מיט זייערע סביבות, צווישן זיי אויך טבריה און טאַריכעאַ. צו די זעלבסטשטענדיקע נייגונגען פון די יהודהער בכלל האָט ער זיך אָבער באַצויגן נישט פריינטלעך, אַזוי אַז פעליקס האָט געקענט טון אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט, מיט דער אויסרייד פון „באַרואיקן".

אַ קורצע צייט נאָך זיין אָנקומען אין יהודה האָט זיך פעליקס פאַר־בונדן מיט דער באַרימטער יידישער פּרינצעסן דרוסילאַ, די טאָכטער פון דעם פאַרשטאָרבענעם אַגריפּוס דעם ערשטן, וועלכע האָט צוליב אים פאַר־לאָזן איר מאַן און איר פאָלק. דאָס האָט אָבער קיין ווירקונג נישט געהאַט אויף זיין טעטיקייט ווי אַ פּראָקוראַטאָר און אויף זיין באַציאונג צו דער יידישער באַפעלקערונג. אַזוי ווי ער האָט געשטרעבט אויסצורייניקן דאָס לאַנד פון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, האָט ער זיך קודם כל גענומען צו די זעלאָטן; די דאָזיקע פאַנאַטישע פרייהייט־קעמפער האָבן זיך אָבער נישט אַזוי לייכט אונטערגעגעבן, און גאַנץ אָפט איז ער געווען געצוואונ־גען, זיך צו באַנוצן דערביי מיט פשוטער רמאות. אַזוי האָט פעליקס פאַר־נאַרט צו זיך דעם באַרימטען אָנפירער פון די זעלאָטן אלעזר בן דינאי, אים צוגעזאָגט פולשטענדיקע אומבאַרירלעכקייט, און דערנאָך אים גע־שמידט אין קייטן און אָוועקגעשיקט קיין רוים. מיט די איבעריקע געפאַנ־גענע זעלאָטן איז ער זיך אויך באַגאַנגען נישט בעסער פון זיינע פאָרגייער: מאַסן פון זיי האָט ער געלאָזן קרייציקן און די בלויזע פאַרדעכטיקע אין פּאָליטישער נישט כשרקייט זיינען אויך געוואָרן אכזריותדיק באַשטראָפט.

אין דער דאָזיקער אַטמאָספער פון בלוט־ און טויט־שטראָפן האָט זיך געמוזט אַנטוויקלען אַ גינסטיקער באָדן פאַר אַלערליי טעראָריסטישע שטימונגען און ליידנשאַפטן, און באַלד איז ווירקלעך אויסגעוואַקסן אַ גע־פערלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַנגעוואָרפן אַ שרעק אויפן גאַנצן לאַנד און געשטערט דעם נאָרמאַלן גאַנג פונעם פאָלקס־לעבן. די דאָזיקע געהיימע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויסגעבילדעט פון די איינצלנע עקס־פאַנאַטישע זעלאָטן, וואָס האָבן אין זייער ביטערער פאַרצווייפלונג אין גאַנצן פאַר־לוירן יעדן שפור פון אויסגערעכנטקייט און פון אַכטונג צום מענטשלעכן לעבן. מ׳האָט זיי גערופן סיקאַריער (סיקריקון) צוליב דעם קורצן מעסער (סיקאַ), מיט וועלכן זיי זיינען געווען באַוואָפנט; אַט דאָס מעסער פלעגן זיי טראָגן באהאלטן אונטער די קליידער, זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיטן גרויסן עולם (מיינסטנס יום־טוב־צייט) און פלעגן אומבאַמערקט דער־שטעכן די פּערזאָן, אויף וועלכער זיי האָבן געטראָגן אַ געוויסן כעס. די סיקאַריער פלעגן דורכפירן זייערע רציחות אַזוי שנעל און געשיקט, אַז אַ לאַנגע צייט האָט מען קיינעם פון זיי נישט געכאַפּט, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די מורא פאַר זיי. די קרבנות פון די סיקאַריער זיינען דאָס רוב געווען יידן, און זייערע רציחות זיינען געוואָרן אַזוי אָפט און אַלטעגלעך, אַז די געזעץ־לערער האָבן געפונען פאַר נייטיק אָפּצושאַפן אין גאַנצן דעם קרבן, וואָס פלעגט געבראַכט ווערן פאַרן אומשולדיק פאַרגאָ־סענעם בלוט, ווייל עס וואָלט אויסגעקומען צו ברענגען אַזעלכע קרבנות אָן אַן אויפהער.

מיט די פאַרטרעטער פון דער רוימישער מאַכט זיינען די סיקאַריער דערווייל געשטאַנען אין נאָענטע באַציאונגען, און ווען פעליקס האָט גע־וואָלט פּטור ווערן פון דעם אַלטן כהן גדול, יונתן (דער זעלביקער, וואָס האָט אים „אויסגעפּועלט" פאַר יהודה פונעם רוימישן קייסער), וועלכער האָט אים עפנטלעך געמוסרט פאַר זיינע אומגעזעצלעכע מעשים, — האָט ער אונטערגעשיקט איינעם פון די סיקאַריער, און יענער האָט דורכגע־שטאָכן דעם כהן גדולס ברוסט מיט זיין בלוטיקן מעסער.

פונקט דער היפּוך פון די סיקאַריער, אָבער דאָך „באַאומרואיקנדיק" און „געפערלעך" איז געווען אַן אַנדער גרופּע, וואָס האָט זיך אויך אָנגע־הויבן שטאַרק צו פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד — די גרופּע פון די באַגייס־טערטע משיח־טרוימער. דער האָפענונגסלאָזער צושטאַנד האָט אַלץ מער

און מער אויפגערייצט די צעהיצטע פאַנטאַזיע פון פאָלק, און וואָס ווייטער איז אַלץ שטאַרקער און אומגעדולדיקער געוואָרן זיין בענקשאַפט נאָך דעם דערוואַרטן אויסלייזער און באַפרייער. אַט די אָנגעגליטן שטימונג האָט געמוזט אַרויסרופן לעבעדיקע פאַרקערפּערונגען פון דער האָפענונג און אירע אָנזאָגער; און עס האָבן זיך דעריבער פון צייט צו צייט באַוויזן עק־זאַלטירטע „נביאים" און „משיחים", וואָס האָבן פאַרזיכערט, אַז אָט־אָט קומט אָן די ישועה און דאָס לאַנד ווערט אויסגעלייזט פון שונא׳ס הענט. צו דעם סאָרט משיחים האָט געהערט דער אויבנדערמאַנטער טעאודע, וועלכער האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיטן ערשטן פּראָקוראַטאָר וואַדוס, און איצט האָט זיך זייער צאָל נאָך פאַרגרעסערט. איינער פון זיי, אַ גע־וויסער „משיח", וואָס איז געקומען פון מצרים, האָט צוזאַמענגענומען אַרום זיך אין אַ מדבר טויזנטער יידן, און האָט זיי איינגערעדט צו גיין מיט אים קיין ירושלים, איינגעמען דעם רוימישן גאַרניזאָן. די באַגייסטערטע גלויביקע האָבן זיך טאַקע געלאָזט גיין קיין ירושלים, ווייל דער משיח האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ווי נאָר זיי וועלן צוקומען צו דער באַפעסטיקטער שטאָט, וועט גאָט טון אַ נס און די מויערן וועלן איינפאַלן. זיי איז אָבער נישט באַשערט געווען זיך צו איבערצייגן אין דעם אמת פון דער נבואה: פעליקס האָט זיך דערוואוסט פון דער אייגנאַרטיקער אונטערנעמונג און זיינע סאָלדאַטן האָבן פון דער גאַנצער מחנה „געטלעכע קעמפער" קיינעם נישט איבערגעלאָזט.

אַזוי האָט פעליקס נישט אויסגעמיטן קיין איין געלעגנהייט צו דער־נידעריקן דאָס פאָלק און צו פאַרגיסן זיין בלוט, און דאָס האָט זיך, נאַ־טירלעך, אָפּגערופן אויך אויף דער באַציאונג פון די אַרומיקע פרעמדע באַפעלקערונגען בנוגע צו זייערע יידישע מיטבירגער. די סיריער, גריכן און רוימער, וועלכע האָבן געוואוינט מאַסנווייז אין די יידישע שטעט, האָבן אָנגעהויבן אָפן אַרויסצוטרעטן קעגן יידן, און אין קסריה, דעם פּראָ־קוראַטאָרס רעזידענץ, איז עס אַפילו געקומען צו אַ שטאַרקן קאָנפליקט צווישן די דאָרטיקע סיריער און יידן. די יידן, וועלכע האָבן זיך דאָ אויס־געצייכנט מיט זייער עשירות, מיט זייער רייכן מסחר האָבן געפאָדערט פאַר זיך פולע גלייכבאַרעכטיקונג מיט אַלע איבעריקע בירגער פון לאַנד, ווייל די שטאָט איז אויפגעבויט געוואָרן דורך זייער קעניג הורדוס דעם ערשטן. די סיריער האָבן דאָס אָבער נישט געוואָלט אַנערקענען, און דער־

קלערט, אַז אַמאָל זײַנען דאָ גאָר נישט געווען קיין יידן. דער סכסוך האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צײַט, און איז ענדלעך איבערגעגאַנגען אין אַן אָפענעם גאַסן־געשלעג, פון וועלכן די יידישע יוגנט איז אַרויס ווי אַ זיגערן. דעמאָלט האָט זיך אַרײַנגעמישט פעליקס אין דעם גאַנצן ענין און געפאָדערט פון דעם פאַרזאַמלטן יידישן עולם, ער זאָל זיך גלײַך פונאַנדערגיין, און ווען די יידן האָבן אַזוי גיך נישט געהערט זײַן באַפעל, האָט ער אַרויסגעלאָזט איבערן שטאָט אַ באַוואָפנטע מחנה סאָלדאַטן, וואָס האָט אויסגעהרגעט מאַסן יידן, מאַסן געפאַנגען און באַרויבט אַן אַ שיעור יידישע הײַזער און געשעפטן. דער עצם סכסוך איז אָבער דערמיט נאָך אַלץ נישט געוואָרן אויסגעגליכט און די פראַגע איז איבערגעגאַנגען צום קייסער אַליין. צו דעם צוועק האָבן ביידע באַפעלקערונגען אַוועקגעשיקט שלוחים קיין רוים, וואו די סיריער האָבן באַלד באַקומען אויף זייער זײַט דעם גאַנצן הויף מיט דעם אַלמעכטיקן פּאַלאַס (דער ברודער פון דעם באַשולדיקטן פעליקס) בראש. די סיריער איז, אויסער דעם, נאָך געלונגען אונטערצוקויפן דעם קייסערס סעקרעטאַר בורוס, און אַ דאַנק דעם אַלעמען האָט זיך דער סכסוך געענדיקט מיט זייער נצחון: נעראָ (נירון קיסר) האָט אַרויסגעטראָגן זײַן באַשלוס, אַז די „העלענען" דאַרפן זיך רעכענען פאַר די בעלי בתים פון קסריה און די יידישע בירגער זײַנען דאָרטן נישט מער, ווי שכנים. די דאָזיקע אָפענע אומגערעכטיקייט, וואָס האָט די פּאָקטישע אײַנגעבוירענע בעלי בתים פון שטאָט אַוועקגעשטעלט אין אַן ערגערער לאַגע פון די אָנגעקומענע פרעמדע, האָט נאָך מער אויפגערייצט דאָס פאָלק קעגן דער רוימישער געוואַלט־הערשאַפט און איז געווען דערנאָך דער פונק פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן פייער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד.

אונטער דער צײַט איז פעליקס געוואָרן אָפּגערופן פון יהודה און זײַן פּלאַץ האָט פאַרנומען פּאָרציוס פעסטוס (60—62). אָט די פּערזאָנען־ענדערונג האָט אָבער גאַנץ ווייניק געווירקט אויף דער לאַגע פון יהודה, כאָטש דער נייער מושל האָט נישט באַהאַנדלט זײַנע אונטערטאַנען מיט דער חוצפּהדיקער אכזריות, מיט וועלכער עס האָבן זיי באַהאַנדלט די פריערדיקע פּראָקוראַטאָרן. פעסטוס האָט אויך אָנגעוווענדעט אַלערליי רעפּרעסיווע מיטלען, כדי צו דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט פון די פאַרשידענע מחנות און אָרגאַניזאַציעס — אים האָט זיך דאָס אָבער נישט

איינגעגעבן. די שאָטנס פון דעם קומענדיקן אויפשטאַנד האָבן זיך שוין געטראָגן אין דער לופטן, און קיין כוח איז נישט געווען אומשטאַנד אָפּצו־שטעלן דעם ברויזנדיקן שטראָם פון די צערייצטע אינסטינקטן און צע־פלאַמטע פאַנטאַזיעס. די עקסטלינקע זעלאָטן האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער דערנענטערט צו די טעראָריסטן־סיקאַריער, און אָט די ביידע אַקטיווע עלעמענטן האָבן קעגנזייטיק געווירקט איינער אויפן צווייטן: אונטער דעם איינפלוס פון די פּאַטריאָטישע זעלאָטן זיינען די אַרויסטרעטונגען פון די סיקאַריער אויך געוואָרן פּאַטריאָטיש און צילמעסיק, און דאַקעגן זיינען די רעוואָלוציאָנערע זעלאָטן געוואָרן ווילד־בלוטיק און טעראָריסטיש. זיי האָבן געטייט, גערויבט, געפּייניקט און אָן אַ שום רחמנות גערודפט די „פריד־לעכע" און רואיקע בירגער פון די רייכערע קלאַסן, וואָס האָבן זיך געהאלטן פון דער ווייטנס און נישט געשטיצט די רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונ־גען. דאָס גאַנצע פאָלק: אַלט און יונג, אָרים און רייך, קליין און גרויס — אַלע מוזן קעמפן קעגן דעם מעכטיקן שונא, אַלע מוזן העלפן פאַרטיידיקן די פרייהייט פון פאָטערלאַנד ! — דאָס איז איצט געוואָרן דער אַלגעמיי־נער דעוויז פון די רעוואָלוציאָנערן און זיי פלעגן אָנפאַלן אויף גאַנצע דערפער און זיי חרוב מאַכן דערפאַר, וואָס די איינוואוינער האָבן זיך נישט געוואָלט אָנשליסן צו די באַוואָפנטע גרופּעס.

פון דער צווייטער זייט ווידער האָבן נאָך אַלץ געאַרבעט אַלערליי נביאים און משיחים. זיי האָבן כסדר געוועקט די שיינע האָפענונגען פון דער אומה און אַלע מאָל איז אָן אַנדערער פון זיי אַרויסגעטראָטן ווי אַ באַפרייער און אויסלייזער. און דאָס פאָלק האָט געהאָפט און געגלויבט — עס האָט נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך דעם שרעקלעכן געדאַנק וועגן יהודהס אונטערגאַנג, עס האָט נישט געוואָלט זען דעם שאָטן פון דעם שרעקלעכן חורבן, וואָס איז שוין געשטאַנען הינטער זיינע פּלייצעס. נאָר איינצלנע, געציילטע פאָלקס־קינדער האָבן זיך געפונען, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזן פאַרשיכורן פון די אַלע האָפענונגען און חלומות. אָט די אומגליקלעכע ניכטערע זין פון דער אומה האָבן געפילט און געזען די שרעקלעכע פינצטערע וואָלקנס, וואָס רוקן זיך אָן אויף יהודהס הימל און זיי זיינען נישט בכוח געווען צו דערשטיקן אין זיך דעם טרויער. וועגן איינעם פון די דאָזיקע אָנזאָגער פונעם פאָלקס־אומגליק, מיטן נאָמען יהושע בן חנן, ווערט דערציילט, אַז ער איז ארומגעגאַנגען אין יענער צייט

איבער די גאַסן פון ירושלים, און געשריען: „אַ קול פון אויפגאַנג, אַ קול פון אונטערגאַנג, אַ קול פון די פיר ווינטן, אַ קול וועגן ירושלים און בית־המקדש, אַ קול וועגן דעם חתן מיט דער כלה, אַ קול וועגן דעם גאַנצן גאַנצן יידישן פאָלק!״ דער המון האָט געקוקט אויף דעם טרויעריקן נביא, ווי אויף אַ משוגענעם, און האָט אים געשלאָגן און געטריבן; דאָס צוווייטיקטע האַרץ האָט זיך אָבער פאַר דעם נישט אָפּגעשטעלט. טאָג און נאַכט האָט דער טרויעריקער שאָטן געוואַנדערט איבער די גאַסן פון דער יידישער הויפּטשטאָט, און נישט אויפגעהערט צו שרייען וועגן דעם נאָענטן אומגליק און כסדר אויסגערופן: „וויי, וויי צו דיר, ירושלים!״

אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אין יהודה אַ קליינע באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט וויכטיקע קאָנסעקווענצן פאַר דער ווייטערדיקער פאַרצווייגונג פון יידנטום. ביי דער אָרדענונג פון קויפן די כהונה גדולה, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין דער צייט פון אַגריפּוסעס באַלעבאַטעווען איבערן בית־המקדש, איז גאַנץ אָפט פאָרגעקומען, אַז דער העכסטער פּאָסטן פון דעם יידישן רעליגיעזן לעבן, דער פּאָסטן פון אַ כהן גדול, איז פאַרטרעטן געוואָרן פון אַ פּערזאָן, וואָס איז אַליין גאָר ווייט געווען פון אַלע יידישע רעליגיעזע מסורות (טראַדיציעס) און מנהגים. אַזאַ כהן גדול איז געווען איינער מיטן נאָמען חנן, וועלכער האָט געהערט, לויט זיינע איבערצייגונגען, צו די אַמאָליקע צדוקים, און האָט געשטרעבט צו באַנייען די דאָזיקע האַלב אָפּגעשטאָרבענע סעקטע. ווי אַ פּאַרטיי זיינען די צדוקים אונטערגעגאַנגען כמעט אין איין צייט מיט דער חשמונאישער דינאַסטיע, און ווייל זיי האָבן אין פאָלק געהאַט גאַנץ ווייניק אָנהענגער, האָבן זיי זיך אַליין אויך אונטערגעגעבן און געהיט אָפיציעל אַלע מנהגים און דינים לויט די געזעץ־אויסטייטשונגען פון די פּרושים. דער איצטיקער כהן גדול האָט אָבער ארויסגעוויזן אין דער הינזיכט אַ באַזונדער מוט, און מיט זיינע שאַרפע ארויסטרעטונגען קעגן די פּרושים האָט ער געבראַכט דערצו, עס זאָל זיך ווידער פונאַנדערקאָכן דער אַלטער קאַמף וועגן די אויסטייטשונגען פון דער תורה. דאָס מאָל איז דער קאַמף געווען אַן אַקאַדעמישער: חנן מיט געוויסער צאָל צדוקים האָבן געזוכט צו דערווייזן, אַז די געזעצן פון דער תורה מוזן ווערן בוכשטעבלעך פאַרשטאַנען און אָפּגעהיט, און אַנטקעגן זיי זיינען אַרויסגעטראָטן די פּרושים מיט ר׳ יוחנן בן זכאי בראש, וועלכע האָבן אויפגעוויזן, אַז די געזעצן מוזן זיין צוגעפּאַסט צום לעבן

און דאַרפן אָפּגעהיטן ווערן נאָר אין דעם זין, ווי די מסורה האָט זיי איבערגעגעבן. עס איז אָבער פאָרגעקומען אַ פאַל, אַז חנן האָט געלאָזן צוזאַמענרופן דעם סנהדרין און האָט פאַרמשפּט אַזעלכן, וואָס לויט דער יורידישער אויסטייטשונג פון די פּרושים, איז ער געווען אין גאַנצן אומ־שולדיק. דאָ האָבן די פּרושים שוין געמוזט שטאַרקער אַרויסטרעטן קעגן אים, און זיי האָבן געפאָדערט פון אַגריפּוסן, ער זאָל אַראָפּזעצן חננען פון זיין פּאָסטן ווי כהן גדול. מיט דער זעלביקער באַשולדיקונג קעגן דעם חוצפּהדיקן כהן גדול האָבן זיי זיך געווענדעט אויך צו דעם פּראָקוראַטאָר אַלבינוסן, וואָס איז נאָר־וואָס געהאַט אָנגעקומען אין לאַנד, און סוף כל סוף האָבן זיי זייערס אויסגעפירט: חנן איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון דעם הויכן שטול, וועלכן ער האָט פאַרנומען סך הכל דריי חדשים. חננס נאָכ־פאָלגער איז געווען אַ געוויסער ישוע בן דמנאי (פון 61 ביז 63), וועלכער האָט באַלד ווידער געמוזט פריי מאַכן דעם פּלאַץ פאַר יהושע בן גמלא. די דאָזיקע כהנים גדולים האָבן יום־כפּור, איידער זיי זיינען צוגעטראָטן צו דער עבודה, געמוזט שווערן, אַז זיי וועלן נישט אָפּטרעטן פון דין און וועלן טון אַלץ אַזוי ווי די פּרושים לערנען, נישט ווי די צדוקים. בן גמלא איז געקומען צו דעם הויכן פּאָסטן אַדאַנק דער גרויסער סומע געלט, וואָס זיין ווייב, מרתה, האָט געגעבן אגריפּוסן; ער איז אָבער געווען נאָך נישט פון די ערגסטע כהנים גדולים אין יענער צייט. יהושע בן גמלא האָט זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט דער יידישער קינדער־דערציאונג, און אַדאַנק זיין איינפירונג איז אין יעדער שטאָט געגרינדעט געוואָרן אַ שול פאַר ייִנגלעך פון פינף יאָר אָן. בן־גמלא איז אויך נישט לאַנג געזעסן אויף זיין כהן־גדול שטול: ער האָט איבערגעגעבן זיין פּלאַץ אַ געוויסן מתתיהו — דער לעצטער פון די אַכט און צוואַנציק כהנים גדולים, וועלכע זיינען געוואָרן באַשטימט אין משך פון דער גאַנצער צייט, זינט די אדומער האָבן פאַר־נומען דעם טראָן פון יהודה.

אַלבינוס האָט געוועלטיקט איבער יהודה אַ קורצע צייט (פון 62 ביז 64), און בנוגע צו דער אונטערגעוואָרפענער באַפעלקערונג, האָט ער געוואוסט נאָר דאָס איינציקע: וואָס מער געלט פון איר אַרויסצופּרעסן. ער האָט צערויבט אַלע געזעלשאַפטלעכע געלטער, האָט אַוועקגענומען גאַנצע קאַפּיטאַלן ביי פּריוואַט פּערזאָנען און געשטיקט דאָס פאָלק מיט אומגע־ווייִנלעכע שטייערן. פאַר געלט פלעגט ער באַפרייען פון געפענגעניש

אַפילו די געפערלעכסטע פאַרברעכער, און אַזוי ווי ער איז זיך זייער שטרענג באַגאַנגען מיט די סיקאַריער, זייַנען זיי געפאַלן אויף אַ פּשוטן מיטל, ווי אַזוי זיך צו באַפרייַען פון זייַנע הענט. די געבליבענע חברים־סיקאַריער אויף דער פרייהייט פלעגן פאַנגען וועלכן ס'איז מיטגליד פון אַ רייַך־אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע און דערנאָך מודיע זייַן די עלטערן, אַז דער געפאַנגענער וועט צוריקגעקערט ווערן, אויב אַלבינוס וועט אַרויסלאָזן פון געפענגעניש אַזוי פיל און אַזוי פיל סיקאַריער. די רייַכע אַריסטאָקראַטן זייַנען אויף אַזאַ אופן געצוואונגען געווען צו באַצאָלן אַלבינוסן די געפאָדערטע סומע געלט פאַר דער באַשטימטער צאָל סיקאַריער, און דער געפאַנגענער פלעגט זיך צוריק אומקערן אין דער היים.

אַלבינוסעס נאָכפאָלגער איז געווען געניוס פלאָרוס (64—66). דאָס איז געווען דער לעצטער פּראָקוראַטאָר פון יהודה און אויך דער ערגסטער. אַן אויפגעקומענער גריך און אַ פאַרביסענער יידן־פייַנט, איז פלאָרוס געקומען גלייַך קיין יהודה, ווי אַ תלין, וואָס קומט באַשטראָפן די באַשולדיקטע. פאַר אים איז קיין זאַך נישט געווען הייליק, און דאָס אַלץ וואָס די פריערדיקע מושלים האָבן געזוכט צו פאַרדעקן אונטער אַ מאַסקע פון געזעץ, האָט ער געטון אָפן אָן שום בושה און אָפשיי פאַר דער וועלט. פון דער נאַטור אַ געבוירענער מערדער, איז פלאָרוס געשטאַנען אין די בעסטע באַציאונגען מיט אַלערליי גנבים און רוצחים פון לאַנד, און האָט זיי דערלויבט פראַנק און פרייַ צו גנבענען און צו גזלענען, אַבי נאָר זיי זאָלן אים ברענגען זייַן חלק פון דעם באַרויבטן פאַרמעגן. ביי אַזאַ צושטאַנד, זייַנען, נאַטירלעך, גאַנצע שטעט געוואָרן אויסגערויבט, און קיינער איז פּשוט נישט זיכער געווען מיט זייַן לעבן און פאַרמעגן. טויזנטער יהודהער האָבן דעריבער איינגאַנצן פאַרלאָזן דאָס לאַנד און זיך אַוועקגעלאָזן אין די אַרומיקע געגנטן, וואו ס'איז ווייניקסטנס מעגלעך געווען צו לעבן במנוחה, און די איבערגעבליבענע איינוואוינער האָבן זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ מער צוגעשלאָסן צו די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן; פלאָרוס האָט זיך אָבער מיט דעם אַלעמען גאָרנישט גערעכנט. אים האָט אַפילו נישט איבערגעשראָקן אויך דאָס, וואָס די יידן האָבן זיך געקלאָגט אויף אים פאַר דעם רוימישן פאַרוואַלטער פון גאַנץ סיריע, צעסטיוס גאַלוס. דער לעצטער איז ספּעציעל צוליב דעם געקומען קיין ירושלים, און די באַפעלקערונג איז געווען אַזוי פאַרביטערט און פאַרצווייפלט, אַז זי האָט זיך נישט אָפּגע־

שטעלט אַפילו פּאָר פלאָרוסן אַליין, און אין זיין אייגענער קעגנוואָרט האָבן די יידן געבעטן דעם סירישן פאַרוואַלטער, ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיי און זיי באַפרייען פון דעם שרעקלעכן תליון. ביי פלאָרוסן האָבן אָט די אַלע השתדלותן און בקשות אַרויסגערופן נאָר אַ גיפטיקן שמייכל אויף די ליפן. ער האָט גוט געוואוסט, אַז גאַלוס איז צו שוואַך צו קעמפן קעגן אים און נעראָ אַליין איז צופיל פאַרנומען מיט זיינע אָרגיעס און ריציחות, כדי צו טראַכטן וועגן דער קליינער יהודה, מיט אירע עסקים. די שאַרפע אַרויסטרעטונגען קעגן אים האָט ער אָבער נישט געקענט מוחל זיין דער יידישער באַפעלקערונג און כדי צו מעגן פריי אויספירן איבער זיי זיין אכזריותדיקע נקמה אין ברייטסטן מאסשטאַב, האָט ער געזוכט ארויסגערופן ביי די יידן כאָטש די מינדעסטע באַוועגונג, וואָס זאָל קענען אויסגעטייטשט ווערן ווי אַן אויפשטאַנד.

און עס האָט זיךווירקלעך אַזוי געמאַכט. ביי דער פאַרביטערטער אויפגערייצטקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג קעגן די אכזריותדיקע פרעמדע פייניקער, איז געווען דער מינדעסטער פונק, כדי אַרויסצו־רופן אַ בלוטיקע קאַטאַסטראָפע, און אַזאַ פונק האָט זיך באַלד באַוויזן, אין דער געשטאַלט פון אַ שענדלעכער נאַציאָנאַלער באַליידיקונג. דאָס איז פאָרגעקומען אין קסריה; נאָך דעם אויבנדערמאָנטן קייזערלעכן באַפעל, לויט וועלכן די יידן פון דער שטאָט זיינען געוואָרן באַגרענעצט אין זייערע רעכט, האָבן זיך די סירער אָנגעהויבן באַציען צו זיי מיט נאָך מער עזות און חוצפה. די יידן האָבן אָנגעהויבן אויסצושטיין פון זייערע נייע „בעלי בתים" אַלערליי נגישות און באַליידיקונגען, און האָבן פונדעסטוועגן גע־שוויגן. די געצנדינערישע יידנפיינט האָבן זיך אָבער ענדלעך דערלויבט אָנצוגרייפן אויך דאָס רעליגיעזע געפיל פון זייערע יידישע שכנים, און דאָס האָבן שוין די יידן זיי נישט געקענט שענקען.

דער לעצטער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אויף דעם ווייטער־דיקן אופן: די יידישע שוהל אין קסריה איז געשטאַנען אויף אַ פלאַץ, וואָס האָט געהערט צו אַ גריכישן איינוואוינער. אויף דעם פאָרשלאַג פון דער יידישער באַפעלקערונג, אָפּצוקויפן ביי אים דאָס פלאַץ פאַר אַ טייערן מקח האָט דער יידנפיינטלעכער בעל הבית געענטפערט מיט פאַרשידענע זלזולים און כדי די יידן נאָך מער צו דריקן, האָט ער גענומען אויפשטעלן אויף דעם זעלביקן פלאַץ אַ גאַנצע ריי קראָמען, אַזוי צו דער שוהל איז געבליבן

פּריי נישט מער ווי אַ גאַנץ שמאָלער צוגאַנג. די יידישע יוגנט האָט זיך דאַן נישט איינגעהאלטן און געפּרואווט מיט געוואַלט שטערן די אַרבעט, און נאָך דעם ווי פלאָרוס איז געוואָרן אונטערגעקויפט מיט אַ געוויסער סומע געלט, האָט ער זיך געהאלטן אינגאַנצן אין אַ זייט און נישט געשטערט די יידן אין זייער זעלבסט־געריכט. דאָס האָט די נישט־יידישע באַפעלקערונג נאָך מער אויפגערייצט, און זי האָט געמאַכט אַ גיפטיקן אָנפאַל אויף דעם יידישן נאַציאָנאַלן כבוד: אין אַ געוויסן שבת, ווען די יידן זיינען געווען פאַרזאַמלט אין שוהל און האָבן געדאַוונט, האָט אַ געוויסער אונטערגעשיקטער גריך זיך אַוועקגעשטעלט האַרט נעבן שוועל פון שול און האָט דאָרט מקריב געווען עטלעכע פייגל. דאָס איז געווען אַן איראָנישער וואונק אויף דער לעגענדע, וואָס די העלענישע יידנפיינט האָבן פאַרשפּרייט, אַז די יידישע אומה שטאַמט אָפּ פון די מצורעים, וועלכע מ׳האָט געהאט אַמאָל אַרויסגעטריבן פון מצרים, ווייל לויט דעם יידישן דין האָט אַ מצורע געדאַרפט מקריב זיין פון פייגל־קרבנות. טיף אויפגעקאָכט פון דער דאָזיקער שענדלעכער באַליידיקונג, האָבן זיך די יידן אַרויפגעוואָרפן אויף זייערע פיינ־יקער און באַלד איז דאָס געשלעג איבערגעגאַנגען אין אַ בלוטיקן גאַסן־קאַמף, וואָס האָט זיך געצויגן אַזוי לאַנג ביז די יידן — וועלכע זיינען געווען פיל קלענער אין צאָל — זיינען געוואָרן באַזיגט און האָבן געמוזט אין גאַנצן אַנטלויפן פון שטאָט. ווען זיי זיינען אַנטלאָפן, האָבן די יידן באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך בלויז די הייליקע ספרים, און דער ערשטער פּונקט, וואו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז געווען דאָס דערבייאיקע שטעטל נאַרבאַטאַ. פון דאַנען האָבן זיי אַוועקגעשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין סעבאַסטע צו פלאָרוסן, וואָס האָט אים דערמאָנט זיין הבטחה, צו שיצן די יידן אין פאַל פון אַן אָנפאַל אויף זיי. דער אכזריותדיקער רוימישער אַדמיניסטראַטאָר איז אָבער פון דער בלוטיקער „רייסעניש” געווען שטאַרק צופרידן און לא די, וואָס ער האָט די יידן נישט געהאָלפן, האָט ער נאָך די דעפּוטאַטן אַליין געלאָזט אריינוואַרפן אין אַ געפענגעניש.

ווען מ׳האָט זיך דערוואוסט אין ירושלים פון די אַלע שרעקלעכע מעשים, איז די באַפעלקערונג געוואָרן שטאַרק אויפגעקאָכט. נאָך פריער אָבער, איידער זי איז בכוח געווען אָנצונעמען וועלכן ס׳איז באַשלוס וועגן דער זאַך, איז זי שוין דערשלאָגן געוואָרן פון אַ נייעם קלאַפּ. דעם געלטגייציקן אכזר איז איינגעפאַלן, אַרויסצופּרעסן פון זיינע שוצלאָזע אונטער־

טאָנען דאָס לעצטע, וואָס ער האָט נאָך נישט באַוויזן ביז איצט אָוועקצו־ רויבן ביי זיי, און ער האָט אַריינגעשיקט אַ באַפעל קיין ירושלים, מען זאָל אים גלייך צושיקן זיבעצן טאַלאַנטן פון דער בית המקדש קאָסע — כלומרשט פאַר דעם רוימישן אוצר־המלוכה. אָט דער חוצפּהדיקער באַ־ פעל, וואָס די איינוואוינער פון ירושלים האָבן גוט פאַרשטאַנען די כוונה זיינע, האָט צונויפגעבראַכט כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטאָט אויפן פּלאַץ פון בית־המקדש. דאָ האָבן אַ סך געוויינט איבער דעם ביטערן גורל פון דער פאַרשקלאַפטער אומה. דער גרעסטער טייל אָבער פון די פאַרזאַמלטע האָט נישט געקענט דערשטיקן אין זיך דעם פאַרביטערטן צאָרן און האָט געזידלט און פאַרשאָלטן דעם בלוטיקן טיראַן. צווישן עולם האָבן זיך געפונען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן גיפטיק אויסגעלאַכט דעם פּראָקוראַטאָרס געלט־גייציקייט, זיי זיינען ארומגעגאַנגען מיט צדקה־פּוש־ קעס זאַמלען נדבות פאַר דעם „אָרימען, אומגליקלעכן פלאָרוס".

ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון דעם אַלעמען, איז פלאָרוס געקומען צולויפן קיין ירושלים מיט אַ מחנה סאָלדאַטן. דאָ האָט ער גלייך ארויס־ גערופן צו זיך, אינעם העראָדיאַנישן פּאַלאַץ, דעם כהן גדול מיט די אָנגע־ זעענסטע זקנים און געפאָדערט, זיי זאָלן אים צושטעלן די אָנפירער פון דער פיינטלעכער דעמאָנסטראַציע. די פאָרשטייער פון פאָלק האָבן געזוכט ווייכער צו מאַכן דעם צערייצטן פּראָקוראַטאָר און האָבן געגעבן צו פאַר־ שטיין, אַז איצט איז נישט די צייט צו קלערן וועגן פּערזענלעכער נקמה און אַז ער וועט בעסער טון, אויב ער וועט באַרואיקן די פאַרביטערטע פאָלקס־מאַסן. דאַן האָט דער באַליידיקטער דיקטאַטאָר גענומען „באַרואיקן" די באַפעלקערונג אויף דעם רוימישן שטייגער: ער האָט באַפוילן זיינע סאָלדאַטן צו פאַרנעמען דעם רייכן קוואַרטאַל פון שטאָט, דעם „אויבער־ מאַרק", און אים צו באַרויבן. און די סאָלדאַטן האָבן מער נישט געדאַרפט: זיי האָבן זיך, ווי ווילדע טייוואָלים, אַרויפגעוואָרפן אויף דעם קוואַרטאַל און אויך אויף די אַרומיקע גאַסן, און האָבן געהרגעט, געפייניקט און באַ־ רויבט, וועמען און וואָס זיי האָבן נאָר באַגעגנט. מער ווי דריי טויזנט יידן זיינען יענעם טאָג (16 אייר 66) אומגעקומען, און הונדערטער הייזער זיינען געוואָרן וויסט און צעשטערט. איבער די געפאַנגענע האָט פלאָרוס געלאָזן אויספירן פריער די שענדלעכסטע לייב־שטראָפן, און דערנאָך — געהייסן זיי קרייציקן. די אכזריות פון דעם בלוטיקן פּראָקוראַטאָר האָט

פאַר זיך נישט געהאט גאָר קיין גרענעץ און ער האָט נישט געוואָלט אָפּשטעלן די ווילדע מעשים אַפילו אויך נאָך דעם, ווי די פּרינצעסן בערעניקאַ, וועלכע האָט זיך גראָד געפונען דעמאָלט אין ירושלים, איז געקומען צו אים אין פּאַלאַץ און האָט זיך אים געוואָרפן פאַר די פיס און געבעטן רחמנות.

אויף צומאָרגנס נאָך דער שרעקלעכער שחיטה האָט זיך דאָס פאָלק פאַרזאַמלט אױף דעם האַלב פאַרוויסטן אויבערשטן שטאָט־קוואַרטאַל (ציון) און דאָ האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט די זעלביקע סצענעס פון וויינען און שילטן. די אָנגעזעענע זקנים האָבן זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען אייַנצוהאלטן דעם צאָרן פון פאָלק, כדי עס זאָל נישט קומען צו קיין נייע שחיטות. פלאָרוס האָט זיך אָבער מיט די אלע אכזריותן נאָך נישט געזעטיקט, און ער איז געפאַלן אויף אַ חוצפּהדיק־בלוטיקער פּראָוואָקאַציע: ער האָט ווידער גערופן צו זיך די זקנים און געפאָדערט פון זיי, אַז דאָס פאָלק זאָל אַרויסווייזן זיין פולשטענדיקע הכנעה פאַר דער מאַכט דערמיט, וואָס עס וועט פרייַנטלעך באַגריסן די צוויי מחנות רוימישע סאָלדאַטן, וואָס דאַרפן באַלד אָנקומען פון קסריה קיין ירושלים. אַזוי ווי זיי האָבן מורא געהאט פאַר די שרעקלעכע קאָנסעקווענצן פון אַ ווידערשטאַנד, האָבן די זקנים גענומען אויף זיך דורכצופירן דעם דאָזיקן שענדלעכן פאַרלאַנג; צו דעם צוועק איז אייַנגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכע פּראָצעסיע פון אַלע כהנים, אין זייערע בית המקדש קליידער, וועלכע האָבן זיך געבעטן ביים פאָלק, עס זאָל נאָכגעבן אויף דעם קאַפּריז פון דעם רוימישן מאַכט־האָבער. און דאָס פאָלק האָט נאָכגעגעבן: גרויסע מאַסן זייַנען אַרויס אַנטקעגן די רוימישע סאָלדאַטן, און ווען די לעצטע זייַנען אָנגעקומען, האָבן די יידן דערשטיקט אין זיך אַלע מענטשלעכע געפילן און זיי באַגריסט פרייַנטלעך. די סאָלדאַטן האָבן שוין אָבער פון פריער געהאט אַ געהיימען באַפעל, נישט צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער באַגריסונג, און ביי דעם ערשטן מינדעסטן אויסדרוק פון פאַרביטערטן פאַרדראָס, וואָס די שענדלעך־אָפּגענאַרטע יהודהער האָבן אָנגעהויבן צו אַרויסווייזן, — האָבן זיי זיך אַרייַנגעריסן מיט זייערע פערד אין דער אַנטלויפנדיקער מאַסע און פאַרשפּרייט אַרום זיך טויט, גסיסה־יסורים און גיהנום־פּיין. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע שטופּעניש, און דער

גאַנצער וועג פון דער פאַרשטאָט ביזעטא ביז ירושלים איז פאַרזייט גע־וואָרן מיט דערשטיקטע, צעקוועטשטע און דערשלאָגענע.

אָט די מערדערישע פּראָוואָקאַציע האָט ענדלעך אין גאַנצן געבראָכן די געדולד פון דעם באַליידיקטן פאָלק. ווען זיי האָבן געזען, אַז די סאָל־דאַטן לאָזן זיך גיין אין דער זייט פון דער פעסטונג אַנטאָניוס, האָבן די פּאַטריאָטן פאַרשטאַנען, אַז פלאָרוס וויל דאָ איצט באַרויבן דעם אוצר פון בית המקדש, אויף וועלכן ער האָט שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויג. זיי האָבן דעריבער פאַרנומען די דעכער פון די הייזער און פאַרשאָטן פון דאָרטן די דורכגייענדיקע סאָלדאַטן מיט פיילן און שטיינער. די סאָלדאַטן האָבן דאַן אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן צוריק אין זייערע קאַזאַרמעס און האָבן זיך באַפעסטיקט אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. דאַן האָבן זיך עטלעכע העלדן אַרויפגעקראָגן אויפן בית־המקדש באַרג (הר הבית), און צעשטערט די גאַנצע זיילן־גאַלעריי, וואָס האָט פאַרבונדן די פעסטונג אַנטאָניוס מיטן בית המקדש. מיט דעם אַרויסטריט איז דער בית המקדש באַפרייט גע־וואָרן פון דער רוימישער השגחה, און דאָס איז אויך געווען דער ערשטער שריט פון דעם גרויסן פאָלקס־אויפשטאַנד.

די פאַרביטערטע אַנטשלאָסנקייט פון פאָלק האָט דערווייל אָנגע־וואָרפן אַ שרעק אויף פלאָרוסן, און ער האָט דערקלערט די פאָרשטייער פון שטאָט, אַז כדי נישט צו רייצן די באַפעלקערונג איז ער גרייט אַרויס־צופירן פון ירושלים דעם גרעסטן טייל פון די פאַרהאַסטע סאָלדאַטן, און איבערלאָזן נאָר אַ קליינע מיליטער־אָפּטיילונג, אַזעלכע, וואָס האָט זיך אין די לעצטע הריגות גאָר נישט באַטייליקט. און איצט ערשט, נאָך דעם ווי פלאָרוס מיט דעם גרעסטן טייל פון זיינע סאָלדאַטן זיינען אַוועק פון דער שטאָט, האָט זיך געשאַפן אַ באַשטימטע איינטיילונג פון די פאַרשידענע פאָלקס־שיכטן בנוגע צו דער פראַגע: שלום אָדער מלחמה, טראָגן ווייטער אויף זיך דעם אומדערטרעגלעכן פרעמדן יאָך און געדולדיק וואַרטן אויף בעסערע צייטן אָדער אַוועקשטעלן זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיט גע־ווער אין האַנט און קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון יהודה — אויף לעבן און טויט ? די יונגע און קרעפטיקע פאָלקס־קינדער זיינען דאָס רוב גע־שטאַנען אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערן־זעלאָטן, און צו זיי איז צוגעשטאַנען אויך אַ געוויסער אלעזר בן חנניה, איינער פון די שטרענגע פּרושים פון שמאיס שול, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן די נשמה פון

דער גאַנצער פּאַרטיי. דאַקעגן אָבער זיינען אויף דער זייט פון שלום גע־שטאַנען אַלע מעסיקע, מיושבדיקע עלעמענטן פון די מער אַריסטאָקראַטי־שע קלאַסן, וועלכע האָבן זיך בכלל געשראָקן פאַר יעדן מין אויפשטאַנד, און באַזונדער נאָך פאַר אַן אויפשטאַנד קעגן רוים. אַט די אָנהענגער פון אונטערטעניקייט זיינען אויך געווען שרעקלעך אויפגעבראַכט אויף דעם איצטיקן פּראָקוראַטאָר פאַר זיינע אכזריותדיקע מעשים; זיי האָבן אָבער געגלויבט, אַז דאָ איז שולדיק בלויז די פּערזענלעכקייט פון דעם רוימישן פאַרטרעטער און קוים וועט רוים צונעמען פון יהודה דעם איצטיקן טיראַ־נישן מושל און שיקן אַן אַנדערן, וועט אַלץ גוט זיין, און דאָס פּאָלק וועט זיך נישט פילן געשטערט אין קיין זאַך.

די פרידנס־פּאַרטיי האָט דעריבער קודם כל גענומען אָנווענדן אַלע געזעצלעכע מיטלען, כדי צו באַפרייען דאָס לאַנד פון דעם שלעכטן פּראָקו־ראַטאָר. צו דעם צוועק האָט זי אַוועקגעשיקט שלוחים צו דעם רוימישן פאַרוואַלטער פון גאַנץ סיריע, צעסטיוס גאַלוס, מיט דער בקשה, ער זאָל אַליין קומען קיין ירושלים און זיך איבערצייגן אין די אומגעזעצלעכקייטן פון דעם מערדערישן פלאָרוס. גאַלוס האָט דעם פאָרשלאָג אָנגענומען און אַזוי ווי ער האָט נישט געקענט אַליין אָפּפאָרן פון אַנטיוכיע, האָט ער געשיקט קיין ירושלים זיינעם אַ באַאַמטן, דעם טריבון נעאָפּאָליטאַנוס. דער לעצטער האָט זיך אָבער אין וועג געטראָפן מיט אַגריפּוסן, וועלכער איז גראָד געפאָרן קיין אַלעקסאַנדריע, און אַזוי ווי אַגריפּוס איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז די צענטראַלע רוימישע רעגירונג זאָל זיך נישט האָבן וואָס צו טשעפּען צו יהודה, האָט ער געווירקט אויף נעאַ־פּאָליטאַנוסן אין דער ריכטונג, אַז יענער זאָל קיין גרויסן ווען נישט מאַכן מיט די אַלע סכסוכים און באַטראַכטן די גאַנצע זאַך ווי אַ קלייניקייט; דער רוימישער באַאַמטער האָט דעריבער פאַרבראַכט אין יהודה נאָר אַ קורצער צייט, און איז צוריקגעפאָרן קיין סיריע מיט אַ באַרואיקנדיקער תשובה.

אונטער דער צייט האָבן די רעוואָלוציאָנערן אויך נישט גערוט. אַט די הייסע פאָלקס־ליבהאָבער זיינען געקומען צו דעם פעסטן באַשלוס, אַז שולדיק אין די אַלע צרות פון יהודה איז נישט דער אָדער יענער פּראָקו־ראַטאָר, נאָר דאָס גאַנצע סיסטעם פון יהודהס אונטערגעוואָרפנקייט; אַז אַזוי לאַנג ווי יהודה וועט טראָגן אויף זיך דעם יאָך פון דער געצנדינע־

רישער מאַכט, וועט זי מוזן אויסשטיין אַלערליי גזירות און נגישות, און וועט זיך פאַר קיין פאַל נישט קענען פריי אַנטוויקלען אין איר אייגענעם גייסט. זיי האָבן דעריבער כסדר פּראָפּאַגאַנדירט די נייטיקייט פון אַ באַוואָפנטן פאָלקס־אויפשטאַנד און אָרגאַניזירט נייע קאַמפס־מחנות; און ענדלעך איז זייער אַגיטאַציע קעגן דער רוימישער אויבערמאַכט דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט, אַז דאָס פאָלק האָט אויפגעהערט איינצוטראָגן די באַשטימטע שטייערן פאַר דעם רוימישן אוצר־המלוכה.

אָט דער פאַקט האָט שטאַרק באַאומרואיקט דעם נאָמינעלן „קעניג" פון לאַנד, אַגריפּוסן. אַליין אַ ווירקלעכער און איבערגעגעבענער פריינד פון די רוימער און פון דעם רוימישן הויף, האָט דער דאָזיקער דערוויי־טערטער זון פון זיין פאָלק זיך באַצויגן גאַנץ ניכטער און קאַלט צו די צרות, וואָס יהודה האָט איבערגעטראָגן אין דער לעצטער צייט; ער, דער פּריווילעגירטער און באַליבטער יהודהשער פּרינץ, דער פּערזענלעכער פריינד פון דעם אַלמעכטיקן קייזער, האָט געזען, אַז „זיין" פאָלק, דאָרט אין דער „באַרבאַרישער" יהודה, ליידט און שטייט אויס אַלערליי גזי־רות און באַליידיקונגען. דאָס האָט אָבער אין בעסטן פאַל אַרויסגערופן ביי אים נישט מער, ווי מיטלייד, אָבער נישט קיין געפיל פון פּערזענלע־כער באַליידיקונג און נישט קיין פּאַטריאָטישע התלהבות. אין די איצ־טיקע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון פאָלק האָט אַגריפּוס דערריי־בער געמוזט זען, נאָר די געפערלעכע זייט, און דאָס איינציקע וואָס ער האָט געפונען צו זאָגן זיינע דערשלאָגענע ברידער אין דעם קריטישן מאָ־מענט, איז געווען דאָס: זיי זאָלן אַראָפּבויגן דעם קאָפּ, הכנעהדיק איבער־טראָגן אַלע קלעפּ פון דער פרעמדער מאַכט און געדולדיק זיך באַנוגע־נען מיט דעם קליין ביסל זעלבסשטענדיקייט, וואָס דער גרויסער הער־שער האָט מיט חסד באַוויליקט זיי איבערצולאָזן. כדי איבערצו־געבן אָט די עצה דעם פאָלק און אים אויפקלערן איבער דער גאַנצער גע־פאַר, וואָס אים שטייט דאָ פאַר, האָט אַגריפּוס געלאָזן צונויפרופן אַן אומ־געוויינלעכע מאַסן־פאַרזאַמלונג אויף איינעם פון די פרייע פּלעצער נעבן בית־המקדש, און ער האָט זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמלטע מיט אַ לאַנ־גער און אויספירלעכער רעדע. אין דער רעדע האָט זיך אַגריפּוס באַמיט מיט אַלערליי לאָגישע און סאָפיסטישע ראיות צו איבערצייגן דאָס פאָלק ווי ווייט נאַריש און געפערלעך עס איז פון זיין זייט אַרויסצוטרעטן אַק־

טיוו קעגן דער אויבערהערשאַפט פון די אומבאַזיגבאַרע רוימער. אַזוי ווי ער האָט געוואָלט באַרואיקן די באַליידיקטע נאַציאָנאַלע אייגנליבע פון די יהודהער, האָט אַגריפּוס זיי אויסגערעכנט דעם גאַנצן צעטל פון די פעלקער און לענדער, וואָס זענען אונטערגעוואָרפן דעם שטאָלצן רוי־מישן אָדלער. די אַריסטאָקראַטישע העלענען, די קריגערישע לאַקעדעמאָ־נען, פינף הונדערט שטעט אין אַזיע, די צענדליקער מיליאָנען מענטשן אויף די ברעגן פון פאַרשידענע וואַסערן און ימים, די העלדישע טראַקיער, איבעריער, גאַליער, גערמאַנער בריטאַנער — אַלע בויגן דעם קאָפּ פאַר דער מעכטיקער רוים. „און נאָר איר אײנציקע — האָט אַגריפּוס אויס־געשריען — האַלט עס פאַר אַ חרפּה, זיך אונטערצוואַרפן דעם, ביי די פיס פון וועלכן עס ליגט די גאַנצע וועלט. וואו איז אָבער אייער מילי־טער, וואו איז דאָס געווער, וואָס גיט אייך אַזאַ פעסטע זיכערקייט אין די אייגענע כחות? וואו איז אייער פלאָט, וואָס דאַרף איינגעמען די רוי־מישע וואַסערן? קוקט אויף די ווענט פון די בריטאַנער — איר, וועל־כע לייגט אַזוי פיל האָפענונגען אויף די מויערן אַרום ירושלים! די ברי־טאַנער האָבן אַרום זיך דעם אָקעאַן, און אַן אינדזל באַוואוינען זיי, וואָס איז נישט קלענער פון אונדזער לאַנד, און פון דעסטוועגן האָבן די רוי־מער זיי איינגענומען און איצט היטן פיל לעגיאָנען דאָס גאַנצע אומ־געהויערע אינדזל". אַזוי ווי ס'איז אים געווען באַוואוסט, אַז יידן שטיצן זיך אין זייערע מלחמות נישט אַזוי פיל אויף זייערע אייגענע כחות, ווי אויף די ישועות פון דער געטלעכער השגחה, האָט אַגריפּוס זיך באַמיט, צו־נישט צו מאַכן אויך די אילוזיע פון זיינע צוהערער. די רעוואָלוציאָ־נערן האָפן אויף גאָטס הילף; ווער אָבער האָט געגעבן די רוימער די מאַכט אין די הענט, אויב נישט — גאָט? — הייגט וואו זיינען די האַר־בע געזעצן פון דער תורה, וואָס מוזן פאַרנאַכלעסיקט ווערן אין קאַמף! „אויב־זשע איר האָט נישט צו דערוואַרטן קיין הילף נישט פון גאָט און נישט פון מענטשן, הייסט דאָך עס, אַז איר גייט אויף אַ זיכערן טויט. פאַרוואָס־זשע, אויב אַזוי, זאָלט איר נישט נעמען מיט די אייגענע הענט און אויסהרגענען אייערע ווייבער און קינדער און אונטערצינדן אייער הויפּטשטאָט? דאָס וואָלט, נאַטירלעך, זיין אַ משוגעת; דערפאַר אָבער וואָלט איר, ווייניקסטנס, אויסגעמיטן דעם בזיון פון ווערן באַזיגט... ווען זיי וועלן אייך באַזיגן, וועלן דאָך די רוימער אין אַש פאַרוואַנדלען אייע־

רע הייליקע שטעט און אָפּמעקן פון דער ערד דעם גאַנצן שטאַם אייערן! און נישט נאָר די היגע — אויך די פרעמדע יידן וועלן אומקומען, דען ס׳איז נישטאָ קיין איין לאַנד אויף דער ערד, וואו עס זאָל נישט לעבן אַ טייל פון אייער פאָלק, און זיי אַלע וועט דער זיגער אויסראָטן איבער אייער אויפשטאַנד״.

די שילדערונג פון דעם קומענדיקן אומגליק האָט ביסלעכווייז געווירקט אויך אויף אַגריפּסן אַליין, און ער האָט געענדיקט זיין רעדע מיט די ווייטערדיקע רירנדיקע אויסרופן: „האָט־זשע רחמנות, אויב נישט אויף אייערע ווייבער און קינדער, איז כאָטש אויף דער מוטער־ירושלים און איר באַפעלקערונג! שוינט אָט דעם בית־המקדש מיט זיינע היי־ליקייטן! וואָרום די רוימישע זיגער וועלן אויך ז יי נישט שוינען נאָך דעם, ווי איר וועט באַצאָלן מיט אומדאַנקבאַרקייט פאַר זייער פריער־דיקער גנעדיקער באַציאונג צו אייך. איך רוף אייערע הייליקייטן, די הייליקע געטלעכע מלאכים און אונדזער אַלגעמיינעם פאָטערלאַנד פאַר עדות אויף דעם, אַז איך האָב נישט דורכגעלאָזט קיין זאַך, וואָס איז מעגלעך געווען צו טאָן פאַר אייער רעטונג. וועט איר זיך פירן איצט, ווי ס׳דאַרף צו זיין, וועט איר צוזאַמען מיט מיר געניסן די גוטסקייטן פון דער וועלט; וועט איר אָבער נאָכגעבן די געפילן פון אייער צאָרן, וועט איר אַרויפציען אויף זיך אַ געפאַר — שוין אָן מיין באַטייליקונג!״

ווען ער האָט געענדיקט זיין רעדע האָט זיך אגריפּוס פונאַנדערגעוויינט און מיט אים צוזאַמען האָט געוויינט אויך זיין שוועסטער בערעניקאַ, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען נעבן אים. אָט דער עפעקט האָט נאָכמער פאַרשטאַרקט דעם איינדרוק פון דער שטאַרקער רעדע, און די פאַרזאַמלטע האָבן געפּרואווט דערשטיקן אין זיך אויף אַ ווײַלע די געפילן פון פאַרביטערטן צאָרן און פאַרצווייפלטן קאַמפס־מוט. עס האָבן זיך געהערט אויסרופן, אַז דאָס פאָלק מיינט נישט צו קעמפן קעגן די רוימער, נאָר קעגן דעם אַכזריותדיקן פּראָקוראַטאָר. אויף דעם האָט זיך אַגריפּוס אָפּגערופן: „איר זייט דאָך אָבער ש ו י ן אַרויסגעטראָטן קעגן די רוימער, דערמיט, וואָס איר האָט צעשטערט די גאַלעריע פון זיילן פון דעם פּאַלאַץ אַנטאָניוס און האָט אויפגעהערט אַריינצוטראָגן די מלוכה־שטייערן. קוים מיינט איר טאַקע נישט צו קעמפן קעגן דער מאַכט, מוזט איר די ביידע פעלערן גלייך פאַרבע־

סערן". די פאַרזאַמלטע האָבן אויסגעהערט די באַשולדיקונג מיט אַ געוויסן געפיל פון חרטה, און עס האָט אויסגעזען אין דעם מאָמענט, אַז אַלץ וועט ווידער בלייבן ווי געווען; אַ גרויסער טייל פון עולם האָט גלייך גענומען אַפילו צוריקשטעלן די גאַלעריע און די זקנים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער סביבה, כדי צונויפצוזאַמלען די שטייערן. אָט די שטימונג האָט אָבער נישט לאַנג געהאַלטן, און שולדיק אין דעם איז געווען דער זעלביקער אַגריפּוס אַליין; ווען ער האָט געזען, אַז זיי־נע רייד האָבן געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם, האָט ער געמאַכט נאָך איין טריט ווייטער, און האָט אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק, זיך אונטערצו־וואַרפן דערווייל דער הערשאַפט פון דעם איצטיקן קייסערלעכן פאַר־טרעטער, פלאָרוס, אַזוי לאַנג, ווי עס איז נישט באַשטימט געוואָרן קיין אַנדערער אויף דעם פּאָסטן. דאָס האָט קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן פרי־ערדיקן איינדרוק; דער נאָמען פלאָרוס האָט פונאַנדערגעריסן אַלע אָנ־געווייטיקטע, בלוטיקע וואונדן פון דער פאָלקס־נשמה, און ווען זיי האָבן דעם נאָמען געהערט פון אַגריפּוסעס מויל, איז אויך ער, אַגריפּוס, גע־וואָרן אַ פאַררעטער, אַ פאָלקספיינד. די רעוואָלוציאָנערן האָבן גלייך באַקומען די עפנטלעכע מיינונג פון פאָלק אויף זייער זייט, און די אויפ־רעגונג קעגן אַגריפּוסן איז דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט, אַז מ'האָט אים אָנגעהויבן צו פאַרוואַרפן מיט שטיינער, און ער איז געצוואונגען גע־וואָרן צו אַנטלויפן פון ירושלים.

וועגן אויפמאָנען די שטייערן האָט שוין איצט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין; יעדערער איז געווען צופרידן, וואָס ער איז באַפרייט גע־וואָרן פון אַ שווערער לאַסט און אַפילו די פּראָפּעסיאָנעלע מוכסניקעס האָבן אויך נישט געפּועלט ביי זיך, צוצושטיין איצט צום פאָלק מיט זייערע שטייער־פאָדערונגען. די גאַנצע טאָן־געבער פון דעם געזעל־שאַפטלעכן לעבן זיינען געוואָרן די זעלאָטן, און אַ דאַנק דער ענערגי־שער טעטיקייט פון זייער אָנפירער, אלעזר, איז די קריגערישע שטימונג פון פאָלק אַלץ מער געוואַקסן. ווי הויפּטמאַן פון דער בית־המקדש־וואַך האָט אלעזר געהאַט אונטער זיך דעם גאַנצן שטאַט פון די נידעריקע כהנים, און דאָס האָט ער אויך אויסגענוצט צו דעם צוועק פון אַ שאַרפער דעמאָנסטראַציע קעגן דער איבערהערשאַפט פון די געצנדינער: ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, נישט צו ברענגען מער אין בית־המקדש

דעם טעגלעכן קרבן פאַרן קייסערס געזונד, און בכלל נישט צוצונעמען מער קיין שום קרבן פון אַ געצנדינער. די מעסיגע און פרידלעכע פּרושים האָבן געזען די גאַנצע געפאַר פון דעם שריט, און האָבן אָנגעווענדעט אַלע מעגלעכע מיטלען, כדי אָפּצושאַפן דעם באַפעל; אלעזר האָט זיך אָבער פעסט געהאַלטן ביי זיינס, און די נידעריקע כהנים זיינען אויך געשטאַנען אויף זיין זייט.

אַט דער דערפאָלג פון די רעוואָלוציאָנערן האָט אַרויפגעוואָרפן אַ שרעק אויף די פרידלעך־געשטימטע אַריסטאָקראַטן. זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן מיטלען, ווי איינצוהאַלטן די קריגערישע בייגונגען פון דער באַפעלקערונג, און ווען זיי האָבן געזען, אַז מיט גוטן וועלן זיי גאָרנישט פועלן, האָבן זיי באַשלאָסן צו באַנוצן זיך מיט געוואַלט. זיי האָבן אַוועקגעשיקט שלוחים צו אַגריפּוסן מיט דעם פאָרשלאַג, צוצושיקן קיין ירושלים אַ באַדייטנדיקע מיליטערישע קראַפט. אַגריפּוס האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג און האָט גלייך אַריינגעשיקט דריי טויזנט רייטער־סאָלדאַטן, אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן בבלישן יידן מיטן נאָמען פיליפּ און אַ צווייטן דאַריאָ. ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין ירושלים, האָבן זיי אָבער געפונען דעם בית־המקדש־באַרג און דעם גאַנצן אונטערשטן טייל פון שטאָט באַזעצט פון זעלאָטן; זיי איז דעריבער געבליבן צו פאַרנעמען נאָר דעם באַפעסטיקטן פּאַלאַץ אַנטאָניום און דעם אויבערשטן שטאָט - טייל, וואו עס האָבן געוואוינט די געלט־ און יחוס־אַריסטאָקראַטן.

און עס האָט זיך פונאַנדערגעקאָכט אַ בלוטיקע בירגער־מלחמה. די מיליטעריש־געלערנטע סאָלדאַטן האָבן זיך באַנוצט מיט אַלע קריגס־מכשירים און האָבן אין די ערשטע טעג געהאַט די אויבערהאַנט איבערן „שונא“. אויפן זיבעטן טאָג האָט זיך אָבער די לאַגע געענדערט צום גונסטן פון די רעוואָלוציאָנערן. דאָס איז געשען אין ביימער־יום־טוב חמשה עשר באב, ווען מאַסן פּילגרימען (עולי רגל) פון אַלע עקן לאַנד זיינען אָנגעקומען קיין ירושלים, און די זעלאָטן האָבן באַקומען אָט די קראַפט אויף זייער זייט. די אומבאַוואָפנטע מחנה אַליין וואָלט נאָך פון דעסטוועגן דעם נצחון פון די זעלאָטן נישט געזיכערט, ווען צו זיי זאָלטן נישט צוגעקומען אויך די באַרימטע ס י ק אַ ר י ע ר . אָט די באַנדיטן־רעוואָלוציאָנערן אונטער דער אָנפירונג פון יהודה הגלילים

לעצטן זון מנחם, זענען מיט אַ קורצער צייט פריער באַפאַלן די פעס־טונג מ ס ד ה , האָבן אויסגעהרגעט דעם רוימישן גאַרניזאָן, און באַרויבט דעם גאַנצן וואָפנאַרסענאַל. דערנאָך האָבן זיי זיך צוזאַמען מיט די פּילגרימען צוריק אַריינגעגנבעט קיין ירושלים און האָבן זיך גע־שטעלט אונטער דער פאָן פון די די קעמפנדיקע זעלאָטן. די זעלאָטן האָבן דאַן, פאַרשטאַרקט פון די צוגעקומענע כוחות, פאַרשטויסן זייערע קעגנער און זיי זענען געוואָרן די בעלי־בתים אויך פון דער אויבער־שטאָט. דאָ האָבן זיי זיך נוקם געווען אָן די רוימער־פריינד און אונטער־געצונדן די פּאַלאַצן פון „קעניג" אַגריפּוס מיט זיין שוועסטער בערע־ניקאַ, דאָס הויז פון דעם געוועזענעם כהן גדול חנניה, און ענדלעך אויך דעם אַרכיוו, וואו ס'זיינען געלעגן די דאָקומענטן וועגן פאַרשידענע חובות, כדי די אומפאַרמעגלעכע בעלי־חובות זאָלן נישט קענען ווערן געצוואונגען צו באַצאָלן. פון דאַנען האָט זיך די פאַראייניקטע מחנה אַוועקגעלאָזט צום פּאַלאַץ אַנטאָניוס, אים איינגענומען מיט שטורעם, אויסגעהרגעט די רוימישע וואַך, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען.

דער קליינער רוימישער גאַרניזאָן, צוזאַמען מיט אַגריפּוסעס סאָל־דאַטן האָבן זיך דאַן באַפעסטיקט אין דעם הורדוס־פּאַלאַץ, וואָס האָט זיך געפונען אין מערבֿ־זייט פון שטאָט, און אָט צו דעם פּאַלאַץ זיינען איצט צוגעטראָטן די יידישע רעוואָלוציאָנערן. אַכצן טעג אָן אַן אויפהער האָט זיך געצויגן דער פאַרביטערטער קאַמף צווישן די באַלאַגערטע סאָלדאַטן און די באַלאַגערער־זעלאָטן, און אויך דאָס מאָל האָט זיך די שלאַכט געענדיקט מיטן פולשטענדיקן נצחון פון די זעלאָטן. די ערשטע האָבן קאַפּיטולירט אַגריפּוסעס סאָלדאַטן, און זיי איז דערלויבט געוואָרן פריי אַרויסצוגיין פון שטאָט; די רוימישע אָפּטיילונג, דאָקעגן, אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ געוויסן מעטיליוס, האָט נישט אַזוי לייכט געפוילט ביי זיך, אַוועקצולייגן דאָס געווער פאַר די יידישע זיגער, און זי האָט נאָך געפּרוּווט אַוועקשטויסן די באַלאַגערער פון פּאַלאַץ; ענדלעך אָבער האָט זי זיך אויך געמוזט אונטערגעבן, און נאָך דעם ווי די סאָלדאַטן האָבן אַראָפּגעלייגט פון זיך דאָס געווער, האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערן אַרויפ־געוואָרפן אויף זיי און אויסגעהרגעט די גאַנצע גרופּע אויסער דעם איינ־ציקן קאָמאַנדיר, מעטיליוסן, וועלכן זיי האָבן געשענקט דאָס לעבן דער־פאַר, וואָס ער האָט צוגעזאָגט זיך מגייר צו זיין.

דער ערשטער שריט פון אויפשטאַנד האָט זיך אַלזאָ איינגעגעבן מיט אַן אומגעווייינלעכן דערפאָלג, און די שטימונג פון די באַגייסטערטע פרייהייט־קעמפער האָט געקענט זיין זייער אַ געהויבענע. האָט אָבער דער דאָזיקער ערשטער דערפאָלג גלייך מיטגעבראַכט מיט זיך שטאַרקע רייבונגען אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן גופא, און אויך דאָ איז עס געקומען צו ברודער־רציחות און גרויסע בלוט־פאַרגיסונגען. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי: די פאַראייניקונג פון די פאַטריאָטן־קנאים מיט די געוועזענע באַנדיטן־סיקאַריער האָט זיך געשטיצט אויף דעם געמיינזאַמען קאַמף קעגן שונא. קוים איז אָבער אָט דער קאַמף געענדיקט געווען, האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז די פאַראייניקונג קען נישט האָבן קיין קיום. מנחם מיט זיינע באַנדיטן זיינען, נאָך דעם נצחון איבער די רוימישע סאָלדאַטן, אין גאַנצן פאַרשיכורט ווילד געוואָרן און זיי האָבן אָפּגעטון שרעקלעכסטע מעשים אָן אַ שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מנחם האָט, אויסער דעם, נאָך פאַרלאַנגט דורכאויס, אַז ער זאָל באַשטימט ווערן פאַר דעם פירער פון דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער מחנה, און זאָל באַטראַכט ווערן, ווי אַ... משיח, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון גאָט, אויסצולייזן זיין פאָלק ישראל. אויף דעם באָדן האָבן עטלעכע מאָל אויסגעבראָכן שטאַרקע מחלוקתן צווישן אים און אלעזרן. אלעזר האָט זיך סוף כל סוף אַרומגעזען, אַז די אכזריותדיקע מעשים פון די סיקאַריער שטייגן נאָך איבער די רציחות פון די רוימער, און אַז מיט אַזעלכע וועגן וועט מען דאָס פאָלק נאָר אָפּשטויסן פון דעם הייליקן אויפשטאַנד. ער האָט דעריבער פעסט באַשלאָסן, אָפּצורייניקן די רעוואָלוציאָנערע רייען פון דעם באַנדיטישן עלעמענט און האָט אָפן דערקלערט, אַז עס האָט נישט געלוינט צו קעמפן קעגן די רוימער, כדי אַרונטערצופאַלן דערנאָך אונטער דער מערדערישער דיקטאַטור פון די סיקאַריער. מיט דער דערקלערונג האָט אלעזר צוגעצויגן צו זיך אויך פיל פון די מעסיקע עלעמענטן; דאָס האָט אים צוגעגעבן נאָך מער מוט, און ווען דער חוצפּהדיקער באַנדיטן־אָנפירער האָט, אָן אויסגעפּוצטער אין די באַרויבטע קעניגלעכע קליידער, געפּרואווט אַריינגיין אין בית־המקדש, האָט אים אלעזר נישט אַריינגעלאָזן. דאָס איז געווען דער סיגנאַל צום קאַמף קעגן די סיקאַריער, און אין דעם בלוטיקן געשלעג, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט גלייך נאָך דעם, זיינען די סיקאַריער אין גאַנצן געוואָרן צעשלאָגן. מנחם אַליין האָט געפּרואווט

אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אין דעם אָפּגעלעגענעם שטאָט־ווינקל עופל; מ׳האָט אים אָבער דאָ אויך געפונען און פאַרמשפּט צום טויט. פון די איבעריקע סיקאַריער זיינען אַ סך גלייך געוואָרן געטויט און נאָר עטלעכע זיינען אַנטלאָפן אין דער פעסטונג מסדה.

די ידיעות וועגן דעם יידישן אויפשטאַנד אין ירושלים און וועגן דער אויסגעפירטער נקמה איבער די רוימישע סאָלדאַטן, האָבן אַרויסגע־רופן אַ גאַנצן שטורעם פון גיפטיקן כעס ביי דער ארומיקער געצנדינע־רישער באַפעלקערונג. די ערשטע האָבן זיך אויף דער ידיעה אָפּגערופן די סיריש־גריכישע איינוואוינער פון קסריה, וואו עס האָט זיך געפונען אויך ר׳עד „העלדישער" פּראָקוראַטאָר, פלאָרוס. די דאָזיקע פאַרביסענע יידנ־פיינט האָבן איצט באַקומען די געלעגנהייט צו טון מיט יידן אַלץ, וואָס זייער האַרץ גלוסט, אונטער דער מאַסקע פון פאַטריאָטישער נקמה, און זיי האָבן דאָס גלייך אויסגענוצט אויף אַ שוידערלעכן אופן: פאַראייניקט מיט פלאָרוסעס סאָלדאַטן האָבן זיי זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער יידי־ען באַפעלקערונג פון שטאָט, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט געהאט אומ־געקערט ביסלעכווייז, און זי אינגאַנצן אויסגעהרגעט, אַזוי אַז פון דער גאַנצער יידישער קהלה אין קסריה, וואָס האָט געציילט ביז צוואַנציק טויזנט נפשות, איז קיין איינציקער נישט איבערגעבליבן. די קליינע צאָל אַנטלאָפענע, זיינען פון פלאָרוסעס סאָלדאַטן אויך געוואָרן געפאַנגען און ער האָט זיי געלאָזן שמידן אין קייטן און פונאַנדערשיקן פאַר צוואַנגס־אַרבעטער אויף די שיפן.

אָט די שוידערהאַפטע מאַסן־שחיטה פון טויזנטער יידן דורך געצנ־דינער אין אַ שטאָט, וואָס געהערט צו יהודה, האָט פאַרוואַנדלט דאָס גאַנצע לאַנד אין איין מוראדיקן אכזריותדיקן שלאַכטפעלד. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז באַהערשט געוואָרן פון איין ליידנשאַפטלעך־ברענענדיקער שטרעבונג, זיך נוקם צו זיין פאַר דעם פאַרגאָסענעם ברוד־דער־בלוט, און אין די אַלע יהודהשע שטעט, וואו עס האָבן זיך נאָר געפונען געצנדינער, זיינען זיי פון די יידן אויסגעהרגעט געוואָרן און זייערע הייזער — חרוב געמאַכט. אָן אַן אויפהער און פון אַלע זייטן האָבן זיך געשאַפן פרייוויליקע מחנות, וואָס זיינען גרייט געווען, ביי דעם ערשטן וואונק זיך אַרויפצוואַרפן אויף טויזנטער געצנדינער און זיי צו פאַרניכטן, און דאָס האָט, נאַטירלעך, געבראַכט דערצו, אַז די סיריער

זאָלן זיך אויך אַזוי באַגיין מיט יידן אין יענע שטעט, וואו זיי זיינען געווען די מערהייט. אַזוי איז גאַנץ פּאַלעסטינע אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דעם פייערדיקן ראַסן־קאַמף. „יעדע שטאָט האָט זיך צעטיילט אויף צוויי פיינטלעכע לאַגערן, און יעדע באַפעלקערונג האָט געזוכט איר רעטונג אין דעם אונטערגאַנג פון דער צווייטער. די טעג זיינען אַריבערגעגאַנגען אין בלוטיקע געשלעגן, און די נעכט האָבן נאָך אַרויפגעוואָרפן אַ גרעסערע שרעק”.

אין געוויסע ערטער האָט זיך די שוואַכערע באַפעלקערונג באַנוצט מיט פאַרשידענע שווינדלען און רמאותן כדי בייצוקומען דעם קעגנער, און ביי איין פאַל האָט אַזאַ מין שווינדל פון די סיריער געבראַכט צו אַ שוידערהאַפטיקער טראַגעדיע. דאָס איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט בית שאן (סקיטאָפּאָליס). אַזוי ווי זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די וואַנדערנדיקע יידישע רעוואָלוציאָנערע באַנדעס, וואָס האָבן געזאָלט אָנקומען אַהער, האָבן די געצנדינערישע איינוואוינער פון שטאָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט זייערע יידישע שכנים, לויט וועלכן די לעצטע האָבן זיך מתחייב געווען, אַרויסצוטרעטן צוזאַמען מיט זיי, די געצנדינער, קעגן די אָנקומענדיקע זעלאָטן, און דערפאַר וועלן ביידע באַפעלקערונגען לעבן דערנאָך בשלום און קיינער וועט נישט שטערן דעם אַנדערנס מנוחה. די יידן האָבן געהאַלטן זייער הבטחה און געקעמפט קעגן זייערע אייגענע ברידער — אינעם נאָמען פון דעם שפעטערדיקן „שלום”. באַלד אָבער, ווי די געפאַר איז אַריבער און די אָנגעקומענע מחנות זיינען געצוואונגען געוואָרן צו אַנטלויפן פון שטאָט, — האָבן די אכזריותדיקע געצנדינער צוריק אַרויסגעוויזן זייער אמתע פיזיאָנאָמיע: זיי האָבן צוזאַמענגענומען זייערע תמימותדיקע יידישע שכנים אויף איין פּלאַץ און זיי אַלעמען אויסגעהרגעט. נאָר איינער איז געבליבן פון דער גאַנצער מחנה קרבנות — דאָס איז געווען אַ לייבן־שטאַרקער ייד מיטן נאָמען שמעון בן שאול. אין דעם געמיינזאַמען קאַמף מיט די זעלאָטן, האָט ער, שמעון, אַרויסגעוויזן די שטאַרקסטע גבורות און נישט איין קעמפער פאַר דער יידישער פרייהייט איז פון זיין האַנט געפאַלן — דאָס האָט זיך דער אָפּגעגאַרטער זון פון זיין פאָלק נישט געקענט מוחל זיין און ער האָט גענומען פון זיך אַ שרעקלעכע נקמה: ער האָט נישט צוגעלאָזט צו זיך די געצנדינערישע מערדער, האָט מיט זיינע אייגענע הענט אויסגעהרגעט איינס נאָך דאָס אַנדערע

זײַנע עלטערן, זײַן ווײַב און זײַנע קינדער; דערנאָך האָט ער אַרײַנגע־שטאָכן די שווערד אין זײַן אייגענער ברוסט און איז אַנידערגעפֿאַלן אויף די טויטע קערפּערס פֿון זײַנע נאָענטסטע און טײַערסטע.

דאָס פֿײַער פֿון דער צעפֿלאַקערטער מלחמה צווישן יידן און געצנ־דינער האָט זיך דערוווײַל דערטראָגן אַזש ביז אַלעקסאַנדריע, און דאָ האָט זיך דער צוזאַמענשטויס ווידער געענדיקט מיט אַ שרעקלעכער בלוט־באָד, וואָס האָט אײַנגעשלונגען ביז פֿופֿציק טויזנט יידישע קרבנות. די גריכן אין אַלעקסאַנדריע, וועלכע האָבן נאָך פֿון די אַלטסטע צײַטן געטראָגן אין האַרצן אַ גיפֿטיקע שנאה צו יידן האָבן זיך נישט געקענט שענקען דעם פֿאַקט, וואָס קלוידיוס האָט צוריקגעגעבן די יידן אַלע זייערע רעכט און זיי גלײַכגעשטעלט מיט דער איבעריקער באַפֿעלקערונג פֿון לאַנד; זיי האָבן דעריבער געוואָלט איצט זיך משתדל זײַן פֿאַר דעם נײַעם הערשער, פֿאַר נעראָנען, ער זאָל באַגרענעצן די אַלעקסאַנדרישע יידן אין זייערע בירגער־רעכט. זיי האָבן זיך באַנוצט מיט דער אויפֿגעבראַכטקייט פֿון דעם רוימישן הויף איבער דעם אויפֿשטאַנד אין יהודה. צו דעם צוועק האָבן זיי זיך אַלע פֿאַרזאַמלט אינעם שטאָטישן אַמפֿיטעאַטער, וואו זיי האָבן געזאָלט אויסוויילן אַ דעפּוטאַציע צום קייסער, און אַזוי ווי די יידן זײַנען געווען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט מיט דעם רעזולטאַט פֿון דער גריכישער פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג, האָבן זיך עטלעכע פֿון זיי אַרײַנגעגנבעט אין אַמפֿיטעאַטער. דאָ האָט זיי אָבער די אויפֿגערעגטע מאַסע גלײַך באַ־מערקט, און מיט קולות: „שפּיאָנען, שונאים!” אָנגעהויבן צו פּײַניקן די עטלעכע געפֿאַנגענע, זיי געשלעפּט איבער די גאַסן צום פֿאַרברענען. צו אַזעלכע מעשים האָט די יידישע קהלה נישט געקענט בלײַבן גלײַכגילטיק. די צעהיצטע יידישע פֿאָלקס־מאַסן זײַנען געקומען צולויפֿן צום טעאַטער מיט געווער און פֿאַקעלן אין די הענט, און האָבן געדראָט אונטערצוציגדן די גאַנצע געביידע. דאַן האָט זיך אַרײַנגעמישט אין דער זאַך דער רוי־מישער פֿאַרוואַלטער פֿון שטאָט און ער האָט געפֿאָדערט פֿון די יידן, זיי זאָלן זיך פֿונאַנדערגיין.

דער אָנבליק פֿון דעם פֿאַרהאַסטן שטאָט־פֿאַרוואַלטער (דאָס איז געווען דער משומד טיבעריוס אַלעקסאַנדער, דער זעלביקער, וואָס איז געווען פֿריער פּראָקוראַטאָר אין יהודה) האָט אָבער דעם פֿאַרביטערטן יידישן המון נאָך מער צערייצט און ער האָט געענטפֿערט אויף דער פֿאָ־

זערונג מיט פאַרשידענע פיינטלעכע אויסרופן. דאָס האָט דעם יידנפיינט־לעכן משומד אין גאַנצן אַרויסגעבראַכט פון די כלים און ער האָט באַ־פוילן זיינע סאָלדאַטן צו באַפאַלן דעם יידישן קוואַרטאַל, און אים חרוב צו מאַכן. און דער באַפעל איז פינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן: די בלוט־און רויב־דאָרשטיקע סאָלדאַטן האָבן זיך, ווי ווילדע חיות, אַרויפגעוואָרפן אויף דער שיינער דעלטאַ, און האָבן זי פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן שחיטה־פּלאַץ. די יידן האָבן זיך אַפילו ענערגיש געווערט, אויסגעהרגעט אַ סך גריכן און רוימער. סוף כל סוף אָבער זיינען זיי דאָך אין גאַנצן דער־שלאָגן געוואָרן, און ווי דער היסטאָריקער גיט אָן פאַר אַ פאַקט, האָבן גאַנצע פופציק טויזנט יידן זייער לעבן אין יענעם שרעקלעכן טאָג פאַר־לוירן.

אַזוי האָט זיך דער אויפשטאַנד וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און ברייטער צעפלאַקערט. דאָס גאַנצע פאָלק איז אַרומגענומען געוואָרן פון דעם מעכטיקן רעוואָלוציאָנערן פייער און האָט געזען פאַר זיך נאָר איין איינציקן אויסוועג און איין־איינציקע האָפענונג: זיך באַפרייען פון די געצנדינער, אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם פרעמדן יאָך און איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויפהערן צו ליידן פון דער אכזריותדיקער ארומיקער וועלט. און די שטימונג פון פאָלק איז געווען אַ געהויבענע. ביי אַלע שרעקלעכע צוזאַ־מענשטויסן פון דער עלצטער צייט, ביי די אַלע שרעקלעכע שחיטות און הריגות, האָט עס דאָך גוט געדענקט דעם גלענצנדיקן נצחון, וואָס דער אויפשטאַנד האָט אָפּגעהאלטן איבער די רוימער אין ירושלים, און דאָס האָט אים צוגעגעבן מוט און האָפענונג. דערווייל איז גאַנץ יהודה כמעט אָפּגעריייניקט געוואָרן פון די רוימער, און עס האָט געהייסן, אַז די פריי־הייט איז שוין געזיכערט, אַז די פרעמדע געצנדינער וועלן שוין מער קיין מאָל קיין שליטה נישט האָבן איבער דער יידישער אומה. דאָס האָט דאָס פאָלק אַזוי ווי פאַרשיכורט, און די פירער פון דעם אויפשטאַנד האָבן צום זכר פון דער גרויסער ישועה, אויסגעגאָסן אַפילו נייע אייגענע מטבעות מיט דער העברעאישער אויפשריפט: „דאָס ערשטע יאָר צו דער פרייהייט פון ישראל" און דאָס וואָרט „ירושלים". אויף דער צווייטער זייט האָבן די מטבעות געהאט פאַרשידענע באַצירונגען פון סוכות־בילדער (אַ בוקעט פון לולב מיט די הדסים, אַן אתרוג און אויך די אָפּבילדונג פון אַ סוכה), וואָס האָבן געזאָלט דערמאָנען דעם גרויסן נצחון (וועלכער איז אָפּגעהאלטן

געוואָרן פאַר סוכות) און אַרויסגערופן ביים פאָלק אמונה און בטחון אין גאָטס ישועות.

נישט לאַנג אָבער האָט זיך געצויגן דער חלום. דער רוימישער פאַר־טרעטער פון סיריע, צעסטיוס גאַלוס, האָט זיך סוף כל סוף גענומען ענער־גיש גרייטן צו דערשטיקן דעם יהודהשן אויפשטאַנד און צוריקשטעלן דאָרטן די „אָרדענונג". ער האָט צוזאַמענגעצויגן אין אנטיוכיע אַן אַרמיי פון דרייסיק טויזנט מאַן, וואָס איז באַשטאַנען טיילוויז פון רוימישע לעגיאָנען און טיילוויז פון קלענערע פרעמדע מחנות, וועלכע עס האָבן אים געשטעלט צו הילף די אַרומיקע רוימישע וואַסאַלן. צו די לעצטע האָט, איבעריקנס, געהערט אויך אַגריפּוס דער צווייטער, וועלכער האָט אויסער זיינע הילפס־מחנות, זיך אָנגעבאָטן צו דינען דער גאַנצער אַרמיי ווי אַ וועגווייזער. מיט דער אַרמ ייהאָט זיך גאַלוס אָנגעהויבן צורוקן נענטער צו די גרענעצן פון יהודה און ווי ס׳האָט זיך געוויינלעך פּראַקטיצירט אין יענער צייט האָבן די סאָלדאַטן קודם כל חרוב געמאַכט אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר באַגעגנט אויף זייער וועג.

ווען ס׳איז אָנגעקומען קיין ירושלים די ידיעה וועגן גאַלוסעס מאַרש־רוט, האָבן זיך אַלע גענומען פאַרן געווער. צעסטיוס האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט זיין מחנה ביי גבעת, אַ מייל ווייט פון ירושלים, וואו ער האָט דער־וואַרט אויפצונעמען די שלוחים פון דער יידישער באַפעלקערונג מיט דער בקשה וועגן באַגנאַדיקונג; ער האָט זיך אָבער ביטער גענאַרט. די זעלאָטן האָבן זיך אין גרויסן מאַסן אַרויסגעלאָזט פון ירושלים און צוקומענדיק צו דעם רוימישן לאַגער זיינען זיי אים באַפאַלן מיט אַזאַ ווילדן אימפּעט, אַז די סאָלדאַטן זיינען פשוט צעטומלט געוואָרן און איידער נאָך זיי האָבן באַוויזן צו זיך צו קומען, האָבן זיי שוין געהאט פאַרלוירן איבער פינף הונדערט מאַן, בשעת פון דער יידישער זייט זיינען אינגאַנצן געפאַלן דריי און צוואַנציק. נאָך דעם דאָזיקן צוזאַמענשטויס מיט די רוימער, וואָס האָט זיך ווידער גלענצנדיק איינגעגעבן, האָבן זיך די רעוואָלוציאָ־נערן אומגעקערט מיט לויב־ און הושענה־געזאַנגען צוריק קיין ירושלים, איבערלאָזנדיק אויפן וועג אַ וואַך פון פונאַנדערגעוואָרפענע קליינע כוחות, כדי צו שטערן די שנעלע באַוועגונג פון שונאס מחנה. אונטער דער צייט האָט דער „יידישער קעניג" אַגריפּוס נאָך אַמאָל אַרויסגעוויזן זיין רוי־מישן פּאַטריאָטיזם — שוין אויף אַ דיפּלאָמאַטישן אופן. ער האָט אַריינ־

געשיקט צוויי שלוחים קיין ירושלים מיט דעם פאָרשלאָג, אַז יידן זאָלן אָוועקלייגן דאָס געווער, און ער זאָגט זיי צו דערפאַר אויסצופועלן אַ פולע אַמנעסטיע פאַר די רעוואָלוציאָנערן. די זעלאָטן האָבן אָבער דעם פאַטריאָטישן פאָרשלאָג גאָרנישט געוואָלט אויסהערן — זיי האָבן איינעם פון די שלוחים געהרגעט און דעם צווייטן פאַרוואונדעט.

אויפן פערטן טאָג נאָך דעם צוזאַמענשטויס אין גבעת איז צעסטיוסן דאָך געלונגען צוזאַמענצונעמען אַלע זיינע מיליטערישע כוחות, דורכצו־רייסן די קייט פון דער יידישער וואַך, און ער האָט זיך דערשלאָגן מיט זיין מחנה קיין ירושלים. אין שטאָט גופא האָט ער אָבער די סאָלדאַטן נישט אַריינגעפירט און די מחנה האָט געלאַגערט אויף דעם שטח סקאָפּאָס, זיבן סטאַדיען ווייט פון ירושלים. די זעלאָטן האָבן די שוואַך באַפעסטיקטע פאָזיציעס אויסערן שטאָט אין גאַנצן איבערגעלאָזט און צוזאַמענגענומען זייערע אַלע כוחות אין צענטער פון שטאָט, וואָס איז געווען גוט געשיצט מיט פעסטע מויער־ווענט, און אויפן בית־המקדש־באַרג. מיט דער לאַגע האָבן זיך דערווייל באַנוצט די רוימער און צעשטערנדיק די פאָרשטאָט בעזעטאַ, האָבן זיי זיך גערוקט פאָראויס, צו די טויערן פון שטאָט. דאָס האָט אָבער די זעלאָטן נישט אָפּגעשראָקן; זיי האָבן זיך גרייט געמאַכט, צו קעמפן פאַר זייערע איינגענומענע פאָזיציעס אויף לעבן און טויט, און ווען עטלעכע דערשראָקענע אַריסטאָקראַטן האָבן געפּרואווט אויפעפענען פאַר די רוימער די טויערן פון שטאָט, האָבן זיך די זעלאָטן אַרויפגע־וואָרפן אויף זיי, ווי אויף פאַררעטער און געלאָזן זיי אַראָפּוואָרפן פון די שוצווענט. די רוימער זיינען דאַן צוגעטראָטן צו דער באַלאַגערונג און האָבן פינף טעג דורכאַנאַנד באָמבאַרדירט די שטאָט־מויערן. זיי זיינען אָבער כסדר אָפּגעשטויסן געוואָרן — דער פייער־מבול פון די באַלאַגערטע האָט זיי געצוואונגען אָפּצוטרעטן. ערשט אויפן זעקסטן טאָג האָט זיך די רוימער איינגעגעבן אונטערצוגראָבן די צפון־וואַנט, אַנטקעגן דעם בית המקדש; גאַלוס האָט אָבער נישט געפונען פאַר מעגלעך אויסצונוצן די דאָזיקע גינסטיקע לאַגע און זיך אַריינצורייסן מיט זיין מחנה אין דער נאָך גוט באַפעסטיקטער שטאָט. דערצו האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע רעגנס פון האַרבסט; די וועגן זיינען פאַרדאָרבן געוואָרן און גאַלוס האָט מורא געהאט, די רעוואָלוציאָנערן פון דער פּראָווינץ זאָלן זיך אים נישט אָוועקשטעלן פון הינטן און אַזוי אַרום אָפּרייסן פון דער ארומיקער וועלט.

ער האָט דעריבער אין גאַנצן אָפּגעצויגן זיין מחנה פון שטאָט און אָנגע־הויבן מאַרשירן מיט איר צוריק.

דער פאַקט, אַז די רוימער טרעטן אָפּ פון שטאָט, האָט די ארעוואָלו־ציאָנערן נאָך מער באַגייסטערט, און זיי האָבן זיך גענומען פאַרפאָלגן די אַנטלויפנדיקע און זיי נאָכיאָגן. די הינטערשטע רייען פון דער שווער באַלאָדענער רוימישער אַרטילעריע, האָבן זיך כסדר געפונען אונטער דעם שרעקלעכן פייער פון די לייכט־באַוועגלעכע יהודהשע מחנות. און די שמאָלע בערג־דורכגענג אַרום ירושלים זיינען באַדעקט געוואָרן מיט געפאַלענע רוימישע סאָלדאַטן, אַזוי האָט זיך גאלוס דערשלאָגן מיט דעם פאָדערשטן טייל פון זיין מחנה צוריק קיין גבעת. די פאַרפאָלגנדיקע יהודהשע מחנות האָבן אים אָבער דאָ אויך נישט רואיק געלאָזט און ער האָט זיך געזען געצוואונגען איבערצולאָזן דעם גאַנצן לאַגער פון שפּייז און געווער, און זיך צו לאָזן לויפן ווייטער, קיין בית חורון. און דאָ, אין דעם שמאָלן בערג־דורכגאַנג, איז די לאַגע פון די רוימער נאָך ערגער געוואָרן! די יהודהשע רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַרנומען אַלע אַרומיקע בערג און כסדר געשאָסן אויף דער דורכגייענדיקער רוימישער מחנה ,אַזוי אַז די לעצטע האָט זיך געפונען אַרומגענומען פון אַלע זייטן, און עס האָט קיין ספק נישט געפעלט, זי זאָל אין גאַנצן צעריבן און פאַרניכטעט ווערן. עס האָט זיך אָבער אָנגערוקט דערווייל די נאַכט, און גאַלוסן איז געלונ־גען אָפּצונאַרן די יידישע העלדן און זיך אַרויסצוגנבענען פון זייערע הענט. ער האָט איבערגעלאָזן אויפן פלאַץ אַן אָפּטיילונג פון פיר הונדערט העל־דישע סאָלדאַטן, און ער אליין מיט די איבעריקע אָפּטיילונגען האָבן שטי־לערהייט אַוועקגעמאַרשירט פאָראויס. די רעוואָלוציאָנערן האָבן ערשט אין דער פרי באַמערקט, אַז גאַלוס איז אַנטלאָפן און נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגעהרגעט דעם איבערגעבליבענעם גאַרניזאָן, האָבן זיי זיך גע־לאָזן נאָכיאָגן די אַנטלאָפענע ביז אַנטיפּאַטרוס; יענע זיינען שוין אָבער דאָ נישט געווען. דאַן האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערן אָפּגעשטעלט, און צונויפנעמענדיק די אַלע כלי זיין און באַלאַגערונגס־מאַשינעס, וועלכע גאַלוס איז געצוואונגען געווען איבערצולאָזן אין וועג, כדי זיך צו קענען לייכטער באַוועגן, — האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק קיין ירושלים. צווישן אַט די טראָפּייען האָט זיך געפונען אויך די רוימישע קריגס־קאַסע מיט אַ באַדייטנדיקער סומע געלט, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט

די שאַנסן פון אויפשטאַנד. אויסער דעם אוצר פון געלט, שפייז און כלי זיין, האָבן די רוימער פאַרלוירן אין דער מלחמה ביז זעקס טויזנט סאָל־דאַטן, און די בעסטע אָפּטיילונג פון דער גאַנצער מחנה, וואָס איז געווען ספּעציעל באַשטימט פאַר ירושלים, — האָט צו דעם אַלעמען נאָך פאַרלוירן איר אָדלער, וואָס עס האָט זיך גערעכנט ביי די רוימער פאַר דער שענדלעכסטער מפּלה.

דער דאָזיקער אומגעוויינלעכער נצחון איבער די לעגיאָנען פון שונא האָט אַרויסגערופן אין ירושלים אַן אומבאַשרייבלעכע פריילעכקייט. די גאַסן זיינען פאַרהילכט געוואָרן פון מונטערע קריגס־לידער און אַלע הערצער זיינען פול געווען מיט גליקלעכע האָפענונגען. פאַר דער צוקונפט האָט זיך קיינער נישט געשראָקן: „ווי מיר האָבן צעשלאָגן — האָבן די זעלאָטן געזאָגט — די צוויי קריגס־פירער, אַזוי וועלן מיר אויך די איבעריקע באַזיגן". די אָנהענגער פון שלום האָבן שוין איצט נישט געוואָגט אָפן צו ריידן וועגן „אונטערטעניקייט" און „אונטערגעבן זיך" און זיינען אַליין אויך אַריינגעצויגן געוואָרן ביסלעכווייז אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון אויפשטאַנד, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק. די שומרונים אַפילו, האָבן אויך פאַרגעסן זייער אַלטן כעס און זיך אַוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט זייערע נעכטיקע שונאים.

די פריילעכע באַגייסטערונג פון די זיגער האָט צוגעגעבן דער יהודה־שער הויפּטשטאָט גאָר אַ פאַרענדערטן אויסזען. די זעלאָטן זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער, באַגייסטערטער זיכערקייט אינעם דערפאָלג פון זייער אונטערנעמונג; געוואוסט האָבן זיי אָבער אַז די אמתע מלחמה הויבט זיך איצט אָן, און מען מוז זיך ערנסט גרייטן צו אַ לאַנג־דויערנדיקן קאַמף. זיי האָבן זיך דעריבער גענומען אויסנוצן די איצטיקע געוואונענע צייט. הונדערטער הייזער זיינען באַשעפטיקט געוואָרן מיט וואָפנשמידע־ריי; די מויערן ארום שטאָט זיינען גוט פאַרריכט און נאָך שטאַרקער באַפעסטיקט געוואָרן; די יוגנט האָט זיך יעדן טאָג איינגעאיבט אין דער קריגס־קונסט און דאָס אַלץ איז געטון געוואָרן פון אַלע — די מעסיקע אַריסטאָקראַטן און מיושבדיק־פאַסיווע פּרושים אויך נישט אויסגעשלאָסן. צו די פּאָליטישע אויסרעכענונגען און דעם רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם איז דאָ צוגעקומען ביסלעכווייז אויך דער רעליגיעזער עלעמענט; דער אומגעוויינלעכער נצחון איבער די מעכטיקע רוימער האָט נישט ווילנדיק אַרויס־

גערופן דעם גערדאַנק וועגן אַ צייכן פון גאָט, וואָס קלייבט זיך ענדלעך אויסצולייזן זיין אויסדערוויילט פאָלק פון די געצנדינערישע הענט.

דערווייל איז אָבער דאָס לאַנד געבליבן אָן אַ שום פאַרוואַלטונגס־מאַכט און עס האָט זיך שטאַרק געשפּירט דער מאַנגל פון אַ צענטראַלן פּונקט, וואָס זאָל פאַראייניקן אַרום זיך אַלע כוחות פון דעם אויפשטאַנד און אים צוגעבן אַ באַשטימטן, אָרגאַניזירטן כאַראַקטער. צו דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ דערווייליקע רעגירונג. אָט די רעגירונג האָט איבערגענומען אין אירע הענט אַלע פונקציעס פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, און באַזונדער — די גאַנצע מאָביליזאַציע און די אָרגאַניזירונג פון דער פאָלקס־מיליציע. אַ גרויסע פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע באַדייטונג האָט איצט באַקומען אויך דאָס סנהדרין, בראש פון וועלכן עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן הללס אַן אייניקל, מיטן נאָמען ר׳ שמעון בן גמליאל. די מיטגלידער פון אָט דיביידע אינסטיטוציעס האָבן ס׳רוב געהערט צו די העכערע קלאַסן, און פיל פון זיי זיינען אַפילו געווען באַקאַנט אין אַנהויב פאַר הייסע קעגנער פון דעם אויפשטאַנד. איצט אָבער, נאָך די ערשטע גליקלעכע נצחונות איבער דער פרעמדער מאַכט, האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיטן פאָלק און זיך אַוועקגעשטעלט אין דער שפּיץ פון דעם אויפשטאַנד ווי פירער און דעה־זאָגער. די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע האָבן נישט געוואונען פון דער פאַראייניקונג, ווייל די דאָזיקע קאַלטע אַריסטאָקראַטן האָבן נאָך איצט אויך נישט געשלאָסן שלום אין גאַנצן מיט דעם געדאַנק פון אויפשטאַנד קעגן די אומבאַזיגבאַרע רוימער און אין בעסטן פאַל האָט זיי געפעלט דער פּאַטריאָטישער ענטוזיאַזם, דער פעסטער באַשלוס, זיך מוסר נפש צו זיין פאַר יהודהס זעלבסטשטענדיקייט. אָט די קאַלטע אויסרעכענונג און די פערזענלעכע פּאָליטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן גלייך ביי דער באַשטימונג פון די פאַרשידענע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס: די אָרגאַניזירונג פון דער פאָלקס־מיליציע אין ירושלים און די באַפעסטיקונג פון דער הויפּטשטאָט בכלל איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם געוועזענעם כהן־גדול ענן און דעם אַריסטאָקראַט יוסף בן גוריון; פאַר אַ הויפּטמאַן פון דער גאַנצער גליל־פּראָווינץ איז באַשטימט געוואָרן יוסף בן מתתיהו, דער שפּעטערדיקער באַרימטער היסטאָריקער, און אַזוי זיינען איינגעטיילט געוואָרן צווישן די הויכע אַריסטאָקראַטן אויך די איבעריקע „טאָפּאַרכיעס״ (פּראָווינצן), בשעת די פּאַקטישע פירער פון

דעם אויפשטאַנד ,אלעזר בן חנניה און אלעזר בן שמעון, זיינען כמעט אין גאַנצן באַזייטיקט געוואָרן פון דער גרויסער אַרבעט. און דאָס אַלץ איז געטון געוואָרן נישט קעגן דעם ווילן פון פאָלק — דאָס פאָלק אַליין איז נאָך געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן יראת הכבוד צו די אַלטע מיוחס־דיקע משפחות און האָט זיך סוף כל סוף דאָך נישט געקענט אַנטשליסן אָוועקצושטעלן זיינע קינדער, די העלדן פון היינט אָן וועלכן עס איז זכות פֿון נעכטן, בראש פון דער גאַנצער באַוועגונג.

# קאַפּיטל אַכט

## די מלחמה אין גליל

(67—66)

גליל, דאָס לאַנד, וואָס איז איצט איבערגעגעבן געוואָרן אין דער מאַכט פון יוסף בן מתתיהו (יאָזעפוס פלאַוויוס), איז געווען דער באַ־דייטנדיקסטער פונקט פון דעם גאַנצן אויפשטאַנד נאָך ירושלים. די דאָ־זיקע פרוכטבאַרע און רייכע פּראָווינץ, מיט איר קרעפטיקער און היציקער באַפעלקערונג, האָט ניט געקענט בלייבן רואיק ביי די ידיעות וועגן דעם אויפשטאַנד אין ירושלים; די אומגליקלעכע אַנטלאָפענע יידן פון די אַרומי־קע שטעט, וועלכע פלעגן מאַסנוויז קומען צו זייערע ברידער קיין גליל, און בעטן ביי זיי שוץ און הילף, — האָבן געמוזט מאַכן אַ שטאַרקן רושם אויף די גלילער, און זיי האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַראייניקן מיט די יהודהער, אונטער דער פאָן פון דעם הייליקן קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון דער אומה. די צענטרען פון דער רעוואָלוציע אין גליל זיינען געווען: גוש־חלב אין אויסערסטן צפון, טבריה, אין דרום און גמלא קעגנאיבער טבריה, ביים מזרח־ברעג פון ים כנרת. אין גוש־חלב איז די יידישע באַפעלקערונג פשוט אַרויסגעפאָדערט געוואָרן צום קאַמף: די אַרומיקע געצנדינער האָבן זיך צוזאַמענגענומען און זיינען באַפאַלן די שטאָט מיט די איינוואוינער, און אונטערגעצונדן אַ מאַסע הייזער. אָט דער אָנפאַל האָט געדינט ווי אַ סיגנאַל פאַר די יידן פון שטאָט, און באַלד האָט זיך פון זייערע רייען אַרויסגערוקט די ליכטיקע געשטאַלט פון אַ פלאַמפייערדיקן קנאי ,וואָס האָט מיט אַן אומגעוויינלעכער העלדישקייט און פאַרצווייפלונג געקעמפט קעגן די רוימער ביז דער לעצטער שעה. דאָס איז געווען איינער מיטן נאָמען יוחנן בן לוי (יוחנן פון גוש־חלב), אַליין אַן אָרימער און אַפילו אויך פיזיש־שוואַכער, דערפאַר אָבער אַ מענטש מיט אַן אומגעוויינלעכער פאַטריאָטישער התלהבות אין האַרצן און אַן אייזן־פעסטן כאַראַקטער. יוחנן האָט אָנגעהויבן זיין רעוואָלוציאָ־

נערע קאַריערע דערמיט, וואָס ער האָט צונויפגעזאַמלט אַרום זיך אַלע פּאַטריאָטיש געשטימטע יידן פון אויבער־גליל (גליל האָט זיך געטיילט אויף אויבער־ און אונטער־גליל) און אויך די אַנטלאָפענע פון די אַרו־מיקע סירישע שטעט, און איז מיט דער מחנה באַפאַלן עטלעכע שכנהשע ישובים, כדי זיך נוקם צו זיין אין די געצנדינער.

אין טבריה האָט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי געמוזט פירן אַ ביטערן קאַמף מיט די פרידלעכע רוימער־פריינט. די דאָזיקע פּרוכטבאַר־שיינע שטאָט ביים ברעג פון ים כנרת, האָט זיך שוין פון אַ באַדייטנדיקער צייט געהאט געפונען אונטער דער מאַכט פון דעם האַלב־יידישן און רוימיש־געשטימטן קעניג, אַגריפּוס דעם צווייטן, אַזוי אַז די באַפעלקערונג האָט זיך געלעבט נישט שלעכט און זי האָט גאַנץ ווייניק געשפּירט אויף זיך דעם דריקנדיקן יאָך פון דער פרעמדער מאַכט. זי האָט דעריבער געקוקט אויף די רעוואָלוציאָנערע פּאַטריאָטן ווי אויף צעשטערער פון דער גע־זעלשאַפטלעכער רואיקייט און האָט זיך זיי נישט געוואָלט אונטערגעבן. געענדיקט האָט זיך אָבער דער צוזאַמענשטויס מיטן נצחון פון די זעלאָטן, און גרויסע מאַסן פון די איינוואוינער זיינען אַריבער אין די רייען פון דער רעוואָלוציע. דאָס איז געשען אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פון אַ געוויסן יוסטוס בן פּינטוס, וועלכער האָט זיך דערנאָך באַרימט געמאַכט מיט זיין גריכישער באַאַרבעטונג פון דער יידישער געשיכטע. יוסטוס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אומגעוויינלעכער רעדנער־קראַפט און האָט געהערט צו די אינטעליגענטע קרייזן פון דער באַפעלקערונג; ער האָט דעריבער באַזונדער געווירקט אויף די רייכע און פאַרמעגלעכע, און אים צו הילף איז געקומען אַן אַנדער קנאי, יהושע בן סאַפּיאַ, וועלכער האָט צוגעצויגן צו דער „הייליקער זאַך" די שיפערס און משא־טרעגערס פון טבריה. צו־זאַמען האָבן די רעוואָלוציאָנערן אַלזאָ געהאט אויף זייער זייט אַ באַדייטנ־דיקע מערהייט, און דאָס קליינע הייפל אַריסטאָקראַטן, וואָס איז טריי געבליבן אַגריפּוסן, איז נישט אומשטאַנד געווען, זיך זיי אַנטקעגנצושטעלן. נאָך דעם ווי עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן גאַלוסעס מפּלה, האָבן זיך די באַגייסטערטע זעלאָטן פון טבריה אויך אַוועקגעלאָזט אין די סי־רישע שטעט און זיך ביטער נוקם געווען אין די געצנדינער פאַר די יידישע שחיטות.

אַזאַ בלוטיקער צוזאַמענשטויס צווישן געצנדינער און יידן איז פאָר־

געקומען אויך אין גמלא, דער וויכטיקסטער פונקטביים דרום־מזרח־ברעג פון ים, וואָס איז געווען כמעט אומבאַצווינגבאַר צוליב זיין געאָגראַפי־שער לאַגע. די יידן זיינען געצוואונגען געוואָרן זיך צו פאַרטיידיקן, און דאָס האָט זיי שוין ממילא אַוועקגעשטעלט אין די רייען פון דער רע־וואָלוציע.

דער רעוואָלוציאָנערער שטראָם האָט שוין אַלזאָ געהאט פאַרכאַפּט די באַדייטנדיקסטע פּונקטן פון גליל, נאָך איידער יוסף איז געקומען אַהין ווי אַ פאַרטרעטער פון דער צענטראַלער דערווייליקער רעגירונג, און פון גאַנץ גליל איז נאָר די איצטיקע הויפּטשטאָט, צפורי, טריי געבליבן די רוימער און נישט געוואָלט צושטיין צום אויפשטאַנד, פאַרוואָס זי איז פאַרהאַסט געווען פון דער גאַנצער גלילער באַפעלקערונג. ביי שטאַרקע קריגס־פעאיקייטן און ביי אַן ערלעכער באַגייסטערונג פאַר דער זאַך, וואָלט דער דאָזיקער רייכער מאַטעריאַל אָן צווייפל געקענט אויסגענוצט ווערן מיט אַ גלענצנדיקן דערפאָלג, און פון דעם איז אין אַ געוויסן זין געווען אָפּהענגיק דער גורל פון דער גאַנצער אונטערנעמונג; אָט די מעלות האָבן אָבער געפעלט דעם נייעם פאַרוואַלטער פון לאַנד, און דאָס האָט געמוזט פירן צו שלעכטע רעזולטאַטן.

יוסף בן מתתיהו, דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער היסטאָריקער יאָזעפוס פלאַוויוס (געב. 38), האָט געשטאַמט פון אַן אָנגעזעענער כהנים־משפּחה, וואָס האָט זיך געצויגן (פון דער ווייבלעכער ליניע) ביז די חשמו־נאים. דערצויגן ווי אַ געזעץ־לערער אין די ישיבות פון די פּרושים, איז יוסף דאָך געקומען אין אַ געוויסער באַרירונג מיט דער גריכיש־רוימישער קולטור, און די דאָזיקע באַרירונג איז איבערגעגאַנגען אין אַ נאָענטער פאַרבינדונג נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרבראַכט צוויי יאָר אינעם צענטער פון אָט דער קולטור, אין רוים. אַהין איז דער זיבן און צוואַנציק יעריקער אַריסטאָקראַט געשיקט געוואָרן ווי אַ שתדלן, כדי אויסצופּועלן די באַ־פרייאונג פון אַ געוויסן יהודהשן געפאַנגענעם, און דורך דער רעקאָמענ־דאַציע פון אַ באַליבטן יידישן אַרטיסט, אַליטיראָס, איז ער אָנגענומען געוואָרן פון דער יידנפריינטלעכער קייסערן פּאָפּעאַ, וועלכע האָט דער־פילט זיין שתדלנות און אים נאָך באַגליקט מיט רייכע מתנות. דער באַ־רימטער יידישער געזעץ־לערער אין גייסט פון די פּרושים האָט דאָ, בכן, געהאט די מעגלעכקייט זיך נאָענט צו באַקענען מיט דעם גרונט־כאַראַקטער

פון דער וועלט־קולטור, און דאָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף זיין גאַנצער וועלט־ און לעבנס־אַנשויאונג. דער גלאַנץ פון נעראָנס הויף, די אנטציקנדיקע שיינקייט פון דער ריזיקער וועלט־שטאַט, דער קאָמפּליציר־טער מעכאַניזם פון דער אומגעהייערער מלוכה־אינסטיטוציע — אַלץ האָט דעם זון פון דער איינפּאַרביק־רעליגיעזער יהודה באַרוישט און פאַרבלענדט און ער האָט אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז די השגחה אַליין האָט באַשטימט די רוימער פאַר אייביקע וועלט־באַהערשער.

און אָט, מיט אַזאַ טיפער התפעלות פון רוימס גרויסקייט, מעכטי־קייט און שיינקייט, האָט זיך יוסף אומגעקערט צוריק קיין יהודה, גראָד אין דער צייט, ווען אַ מחנה באַגייסטערטע פּאַטריאָטן האָט זיך אַרומגע־טראָגן מיט דער האָפענונג, צו פאַרטרייבן די רוימער פון לאַנד. אין אָנהויב האָט זיך יוסף באַצויגן צו די דאָזיקע היצקעפּ, ווי צו פּשוט משוגעים און האָט אָנגעווענדעט זיין גאַנצן איינפלוס, כדי אָפּצוהאַלטן דאָס פאָלק פון אַזעלכע ווילדע פּלענער. שפּעטער אָבער, ווען ער האָט געזען, אַז דאָס פאָלק טראַכט טאַקע גאַנץ ערנסט וועגן אַן אויפשטאַנד און האָט שוין אָפּילו אָפּגעהאַלטן עטלעכע אומגעווייגלעכע נצחונות איבער די אַלמעכ־טיקע לעגיאָנען פון די רוימער, — האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשווייגן זיינע מיינונגען און אָפּילו אויך אַרויסצעווייזן אַ געוויסע סימפּאַטיע צו די שטרעבונגען פון די פּאַטריאָטן, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל באַקומען אין זיין מאַכט די באַדייטנדיקסטע פּראָווינץ פון גאַנץ פּאַלעסטינע.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין גליל, האָט זיך יוסף ערנסט גענומען אויסצופירן זיינע פליכטן ווי אַ פאַרוואַלטער פון לאַנד, און ס׳האָט אויס־געזען, אַז ער קלייבט זיך ווירקלעך נישט בלויז אונטערצוהאַלטן דאָס רע־וואָלוציאָנערע פייער, נאָר אָפּילו אויך עס נאָך שטאַרקער פונאַנדערצו־בלאָזן. ער האָט קודם כל אָרגאַניזירט די בירגערלעכע אַדמיניסטראַציע פון לאַנד, און צו דעם צוועק האָט ער געגרינדעט אַ מין סנהדרין פון 70 זקנים, לויט דעם מוסטער פון דער זעלביקער אינסטיטוציע אין ירושלים. דאָס איז געווען די צענטראַלע געריכט־אינסטיטוציע, און אויסער דעם האָט ער אין יעדער שטאָט און שטעטל געלאָזט אויסוויילן אַ קאָמיטעט פון זיבן פערזאָן, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן איבער אַלע אינערלעכע אָנגע־לעגנהייטן פון דער קהלה. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו די רעוואָלו־

ציאָנערע פאַרבאַרייטונגען. אַ ריי גלילשע שטעט, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ גוטער געאָגראַפישער לאַגע, האָט ער געלאָזט גוט באַפעסטיקן; דאַן האָט ער רעקרוטירט אַ מחנה פון גאַנצע הונדערט טויזנט מאַן. און גענומען פון יעדער שטאָט אַ העלפט פון דער גאַנצער מאַנסבילישער באַ־פעלקערונג. אַט די אַלע סאָלדאַטן זיינען אייגגעאיבט געוואָרן אין דער מיליטערישער דיסציפלין, האָבן באַקומען געווער און זיינען בכלל געביל־דעט געוואָרן אין דער מיליטערישער קונסט, לויט דעם מוסטער פון די רוימער. ביי דעם אַלעמען האָט יוסף אויך זיך נישט פאַרגעסן: ער האָט אָרגאַניזירט אַ באַזונדער לייב־וואַך פון פינף הונדערט טראַבאַנטן (באַ־וואָפנטע גבורים), וואָס איז געשטאַנען גרייט אויסצופירן יעדן וואונק פון איר געביטער.

די באַפעלקערונג פון גליל האָט זיך אין דער ערשטער צייט באַצויגן מיט דער געהעריקער אַכטונג צו דעם געשיקטן פאַרטרעטער פון ירושלים, און איז אים געווען געהאָרכזאַם אין אַלע הינזיכטן. באַלד אָבער האָט זי זיך אָנגעהויבן באַציען צו אים מיט אַ געוויסן פאַרבאָרגענעם חשד, וועל־כער האָט געשטאַמט דערפון, וואָס יוסף האָט אַרויסגעוויזן צווייזייטיקייט אין זיין פאַרהאַלטן זיך צום קעניג אַגריפּוס. דער קעניג, וועלכער איז איצט אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן זיין פאָלק. ווי אַ וועגווייזער פון דער רוימישער מחנה, — האָט אַרויסגערופן קעגן זיך אַלע רעוואָלוציאָנערע טיילן פון דער גלילשער באַפעלקערונג, און דאַ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער געשיקטער פון ירושלים צו אָרגאַניזירן דעם „אויפשטאַנד", גייט גאָר האַנט ביי האַנט מיט דעם קעניגלעכן פאַררעטער, מיט אַגריפּוסן! דער ערשטער סכסוך האָט אויסגעבראָכן צווישן יוסיפן מיט דער באַפעל־קערונג נאָך דעם, ווי אַ מחנה יונגעלייט, אונטער דער אָנפירונג פון יהושע בן סאַפיאַ, האָט צעשטערט דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ אין טבריה און אים באַרויבט. יוסף איז גלייך אַוועקגעלאָפן אויפן פּלאַץ פון דער געשעעניש און געזען, אַז די אַלע אָוועקגערויבטע זאַכן זאָלן אָנקומען צו אַגריפּוסן אין די הענט. דאָס האָט אויסגעזען פאַר דער באַפעלקערונג פאַרדעכטיק, ווייל ער, יוסף אליין, האָט מיט עטלעכע טעג פריער געהייסן דעם פּאַלאַץ צעשטערן צוליב דעם, וואָס אין אים האָבן זיך געפונען פאַרבאָטענע פאַר־פוצונגען — בילדער פון חיות.

מיט אַ באַזונדער שטאַרקן חשד האָט אָנגעהויבן קוקן אויף יוספן —

יוחנן גוש־חלב. אַט דער גליִענדיקער פּאַטריאָט, וואָס איז אין גאַנצן געווען באַהערשט פון דער לײדנשאַפטלעכער שטרעבונג צו פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט, האָט נישט געקענט מוחל זײַן דעם אריינגעשיקטן פירער זײַן קאַלטקייט און זײַן צווייזייטיקע פּאָליטיק. יוחנן האָט גע־פּרואווט בעטן ביי יוספן אַ דערלויבעניש צו פאַרקויפן די קייסערלעכע תבואות פון די אויבער־גלילשע דערפער, כדי פאַר דעם געלט אָפּצובויען די איינגעפאַלענע מויער־ווענט פון גוש־חלב — האָט אים יוסף די דער־לויבעניש נישט געוואָלט געבן. דערנאָך איז פאַרגעקומען אַן אַנדער פאַל: עטלעכע יהודהשע פרייוויליקע פון דעם דאָרף דברת זיינען באַפאַלן אַגרי־פּוסעס רייזע־פאַרוואַלטער און האָבן ביי אים אַוועקגענומען דעם גאַנצן באַגאַזש, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען פיל טייערע חפצים. דאָס אַוועק־גערויבטע גוטס איז צוגעשטעלט געוואָרן דעם לאַנד־פירער, יוספן, ווי אַ קריגס־רויב, און ער האָט צוגעזאָגט, דאָס אָפּצושיקן קיין ירושלים, אין דער נאַציאָנאַלער קאָסע; פאַקטיש האָט ער אָבער די אַוועקגערויבטע חפצים געוואָלט צוריק באַזאָרגן אַגריפּוסן. פון דעם פאַקט האָט זיך די באַפעל־קערונג דערוואוסט, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די שנאה צום פאַררעטערישן פירער. די דערצאָרנטע און אויפגערייצטע מאַסן האָבן ארומגערינגלט זיין פּאַלאַץ און געוואָלט אים אונטערצינדן; דאָס האָט אַרויפגעוואָרפן אויף יוספן אַ טויט־שרעק, און ער האָט זיך געבעטן ביי די פאַרזאַמלטע, זיי זאָלן אים שענקען דאָס לעבן. ער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט דאָס אַוועקגענומענע רויב נישט אָפּשיקן אַגריפּוסן, נאָר פאַרנוצן צו אַ פּאַטריאָטישן צוועק. די פאַרזאַמלטע האָבן אים געגלויבט און זיך אָנ־געהויבן פונאַנדערגיין, דאַן האָט יוסף זיך נוקם געווען אין דעם איבער־געבליבענעם טייל פון פאַרזאַמלטן עולם און זיינע טראַבאַנטן האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיי און זיי געשלאָגן מכות־רצח.

נאָך די אַלע מעשים האָט שוין מער וועגן אַ פאַראייניקטער רעוואָ־לוציאָנערער טעטיקייט קיין רייד נישט געקענט זיין. די באַפעלקערונג איז צעטיילט געוואָרן אויף צוויי פיינטלעכע פּאַרטייען, פון וועלכע איינע האָט זיך ווייטער געהאַלטן ביי דעם אָפיציעלן פירער פון אויפשטאַנד, ביי יוספן, און די אַנדערע האָט זיך קאָנצענטרירט ארום דעם פאַקטישן זעלאָטן־אָנפירער — יוחנן פון גוש־חלב. די דאָזיקע ביידע מנהיגים זיינען זיך איינער דעם צווייטן געווען טויט־שונאים און יוחנן האָט מיט אַ

באַזונדער פאַרביטערטקייט אָנגעווענדעט פאַרשידענע מיטלען, כדי צו באַפרייען דאָס לאַנד פון דעם אַראָפּגעשיקטן הויפּטמאַן, וועלכן ער האָט אָפן באַשולדיקט אין בגידה. ער האָט געפּרואווט אונטערשיקן עטלעכע פון זיינע מענטשן קיין טבריה, און זיי האָבן דאָרטן געמאַכט אַן אָנפאַל אויף יוסופן; אים איז אָבער געלונגען ניצול צו ווערן. דאַן האָט זיך יוחנן באַנוצט מיט אַ געזעצלעכן מיטל; ער האָט אַוועקגעשיקט זיין ברודער שמעון מיט נאָך הונדערט שלוחים קיין ירושלים צום דאָרטיקן סנהדרין מיט אַן אָנקלאַגע קעגן דעם גלילשן פירער; און דאָס האָט געווירקט: דער נשיא פון סנהדרין, ר׳ שמעון בן גמליאל, האָט אנערקענט די אָנקלאַגע פאַר ריכטיק און אַזוי ווי צו אים איז צוגעשטאַנען אויך דער כהן גדול, ענן, האָבן זיי צוזאַמען דורכגעפירט, עס זאָלן אַוועקגעשיקט ווערן פיר שלוחים קיין גליל ד״ה פיר באַפולמעכטיקטע פון דעם סנהדרין, אַראָפּצו־זעצן יוסופן פון זיין פּאָסטן און אים צו ברענגען קיין ירושלים אַ טויטן אָדער אַ לעבעדיקן. און דערביי האָט זיך די דערווייליקע רעגירונג נישט אָפּגעשטעלט; די באַשולדיקונגען קעגן יוסופן זיינען געווען קלאָר און איבערצייגנדיק און כדי צו פאַראַליזירן זיין שעדלעכע טעטיקייט, האָט דאָס סנהדרין צעשיקט בריוו אין די גרעסערע גלילשע קהלות מיט דער דערקלערונג, אַז יוסף איז אַ שונא פון פאָטערלאַנד און די באַפעלקערונג טאָר אים נישט אַרויסווייזן קיין שום שוץ און שטיצע. דער אָנגעקלאָגטער האָט זיך אָבער באַצייטנס דערוואוסט פון דעם שווערן אורטייל, וואָס די ירושלימער רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן איבער אים, און מיט דער הילף פון פאַרשידענע פאַלשקייטן און דיפּלאָמאַטישע שווינדלערייען איז אים געלונגען זיך ויינצעוואַשן פון אַלע באַשולדיקונגען און אויסצופועלן, אַז דאָס סנהדרין זאָל אָפּרופן די פונאַנדערגעשיקטע בריוו. ער האָט אפילו געלאָזט אַרעסטירן די פיר באַפולמעכטיקטע פון דער ירושלימער אַדמי־ניסטראַציע, וועלכע זיינען געקומען אים אַראָפּזעצן פון זיין פּאָסטן, און דערנאָך זיי צוריק אָפּגעשיקט קיין ירושלים.

אַזוי האָבן זיך אַלע פּלענער אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט, און דער שוואַכמוטיקער רוימער־פריינט, יוסף, איז ווייטער פאַרבליבן דער אָפּי־ציעלער אָנפירער פון דעם פּאַטריאָטישן אויפשטאַנד. אָט דער פאַקט האָט זייער שלעכט געווירקט אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַפעלקערונג, און זי האָט זיך נאָך מער אָפּגעווענדט פון אים. יוסף האָט געהאַט אין זיינע

הענט די פעסטונגען פון לאַנד; ער האָט אָבער קיין סאָלדאַטן נישט גע־האָט זיי צו באַשיצן, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ווען דער שונא איז אַריבער די גרענעצן פון גליל, האָט ער געפונען פאַר זיך כמעט ליידיקע פעסטונגען פון איין זייט, און שלעכט באוואָפנטע פאָלקס־מחנות פון דער צווייטער זייט.

און די געפאַר האָט זיך דערווייל אַלץ נענטער און נענטער אָנגע־רוקט. דער קייסער נעראָן האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין גריכנלאַנד, וואו ער האָט געוויזן זיינע וואונדער ווי אַ זינגער, ציטער־שפּילער און צירק־קינסטלער; און דאָ האָט מען אים געבראַכט די ידיעה וועגן דעם אויפשטאַנד אין יהודה, און וועגן צעסטיוסעס שרעקלעכער מפלה. דער ליידנשאַפטלעך־שטאָלצער הערשער האָט זיך פון דעם פאַקט געפילט טיף באַליידיקט און דערצו איז נאָך צוגעקומען אויך די מורא פאַר די אַרומיקע מזרח־לענדער, וואָס האָבן גאַנץ לייכט געקענט אָנגעשטעקט ווערן פון דעם יהודהשן רעוואָלוציאָניזם. ער האָט דעריבער באַשלאָסן, צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד ווי אָמשנעלסטן, און צו דעם צוועק האָט ער אויסגעקליבן דעם בעסטן רוימישן קריגס־פירער פון יענער צייט, פלאַוויוס וועספּאַסיאַן, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין דער מלחמה מיט די בריטאַנער. מיט אים צוזאַמען איז באַשטימט געוואָרן אויך אַ נייער רוימישער פאַר־וואַלטער איבער סיריע, ליציניוס מוציאַנוס, וועלכער האָט באַזונדער באַ־קומען אַ גרויסע מיליטערישע מאַכט, כדי גרייט צו זיין, צו שטיצן וועס־פּאַסיאַנען אין פאַל פון אַ נויט.

ווינטער פון זיבן און זעכציקסטן יאָר, האָט זיך וועספּאַסיאַן אַוועק־געלאָזן פון גריכנלאַנד קיין סיריע, זיך אָפּגעשטעלט אין עכו, און דאָ אָנגעהויבן מאַכן זיינע מיליטערישע צוגרייטונגען צו דער מלחמה. זיין יונגן זון, טיטוס, האָט ער אַוועקגעשיקט קיין אַלעקסאַנדריע, כדי אריבער־צופירן אַהער אַ טייל פון דעם דאָרטיקן גאַרניזאָן, און ער אַליין האָט זיך גענומען צוזאַמענשטעלן אַ רעזערוו־מחנה פון די קלענערע אָפּטיילונגען, וואָס עס האָבן אים געשטעלט צו הילף די אַרומיקע אונטערטעניקע פירשטן. די לעצטע זיינען זיך אַלע צונויפגעקומען אין דעם הויפּט־לאַגער פון דער רוימישער מחנה, אין עכו, און צווישן זיי האָט זיך געפונען אויך אַגריפּוס, וועלכער האָט אויך צוגעשטעלט ווערפּאַסיאַנען אַ באַדייטנדיקע מיליטע־רישע הילף, און האָט בכלל געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן, זיך ריינצו־

וואָשן פון דער מסירה, וואָס די צורער האָבן אויף אים דערלאַנגט, אַז ער שטייט אין געהיימע פאַרבינדונגען מיט די רעוואָלוציאָנערן און שטיצט זיי. צוזאַמען מיט אַגריפּוסן האָט זיך אין וועספּאַסיאַנס הויפּט־קוואַרטיר געפונען אויך זיין שוועסטער, בערעניקאַ, און ווען דער יונגער טיטוס האָט זיך אומגעקערט פון אַלעקסאַנדריע (מיטברענגענדיק מיט זיך צוויי לעגיאָנען פאַר דער צענטראַלער רוימישער אַרמיי), האָט ער זיך שטערבלעך פאַרליבט אין דער שיינער יהודהשער פּרינצעסן (כאָטש זי איז געווען באַדייטנדיק עלטער פון אים) און עס האָט זיך פאַרבונדן צווישן זיי דער באַרימטער ראָמאַן, וואָס האָט זיך געענדיקט כמעט אין איין צייט מיט דעם פולשטענדיקן אונטערגאַנג פון יהודה — דורך דעם זעלביקן טיטוסן.

די גאַנצע מחנה, מיט וועלכער וועספּאַסיאַן האָט זיך געקליבן צו דערשטיקן די יהודהשע רעוואָלוציע האָט געהאַט איבער פופציק טויזנט מאַן, און אַרום פּסח־צייט זיינען שוין געווען געענדיקט אַלע פאַרבערייטונגען ,און וועספּאַסיאַן האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן פאַראויס — צו די גרעניצן פון גליל. דערביי האָט ער איין נצחון שוין אָפּגעהאַלטן, וואָרום נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן צו מאַרשירן מיט זיין אַרמיי, זיינען געקומען צו אים שלוחים פון דער גלילשער שטאָט צפורי מיט דעם אויסדרוק פון געטרייער אונטערטעניקייט און מיט דער בקשה, אריינצו שיקן אַהין אַ מיליטערישע מחנה, וואָס זאָל זיי זיין בייהילפיק אין זייער קאַמף מיט די רעוואָלוציאָנערן. וועספּאַסיאַן האָט ממלא געווען די בקשה פון די דאָזיקע „ערלעכע אונטערטאַנען": ער האָט מיטגעשיקט מיט זיי אַ מחנה פון זיבן טויזנט מאַן אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן פלאַצידוס .דער דאָזיקער האָט אָבער גאַנץ ברייט אויסגעטייטשט די אויפגאַבע פון באַשיצן די שטאָט, און די איינוואוינער פון דער גאַנצער סביבה זיינען דורך אים אויסגעהרגעט אָדער געפאַנגען געוואָרן. דאָס איז געווען דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן די פאַרטרעטער פון דער רוימישער מאַכט און די בירגער פון דער פּראָווינץ, וואָס איז די גאַנצע צייט צוגעגרייט געוואָרן צום אויפשטאַנד, אונטער דער השגחה פון דעם ספּעציעל אַראָפּגעשיקטן אָרגאַניזאַטאָר און קריגס־פירער, יוסף בן מתתיהו.

נאָך מער בולט האָבן זיך אַרויסגעוויזן די רעזולטאַטן פון יוספס אָרגאַניזאַטאָרישער טעטיקייט ביי די ערשטע צוזאַמענשטויסן מיט וועספּאַסיאַנען אליין. וועספּאַסיאַנס פּלאַן איז געווען צו פאַרנעמען פריער

גאַנץ גליל, כדי צו קענען דערנאָך פריי צוטרעטן צו יהודה, און נישט מורא צו האָבן דערפאַר, אַז די רעוואָלוציאָנערן וועלן אים אָפּשניידן דעם וועג פון הינטן. ער האָט זיך דעריבער געלאָזט מאַרשירן מיט דעם וועג צו די צפון־גלילשע פעסטונגען גברא און יודפת. יוסף ווידער האָט קאָנצענטרירט זיין גאַנצע מחנה נישט ווייט פון צפורי, כדי דאָרט צו באַגעגענען דעם שונא. ביי די ערשטע ידיעות וועגן וועספּאַסיאַנס גרויסער אַרמיי, וואָס קומט צו אַלע מאָל נענטער, זיינען זיך אָבער דער גרעסטער טייל פון זיינע סאָלדאַטן צעלאָפן, און ער איז געצוואונגען געווען אָפּצוטרעטן מיט זיין געבליבענער מחנה, און זי צוצופירן ביז טבריה. דאָ האָט דער קריגס־פירער אליין שוין אויך אָנגעהויבן צו קלערן וועגן דעם אויסגאַנג פון דער גאַנצער מלחמה, און ער האָט אָוועקגעשיקט אַ דרינגענדן ראַפּאָרט קיין ירושלים, אין וועלכן ער האָט געפאָדערט פון דער רעגירונג, זי זאָל אים צושיקן אַ גרויסע מיליטערישע קראַפט, אָדער — באַפולמעכטיקן צו פירן מיט וועספּאַסיאַנען אונטערהאַנדלונגען וועגן די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטולאַציע.

די רוימער האָבן אָבער גאָרנישט געטראַכט וועגן איבעררייסן די מלחמה. זיי האָבן איינע נאָך דער אַנדערער פאַרנומען די אַלע פּאָזיציעס, וואָס יוסף האָט זיי פריי געלאָזן, און אויף אַזאַ אופן געצוואונגען די יידישע מחנות זיך צו קאָנצענטרירן אין די עטלעכע שטאַרקערע גלילישע פעסטונגען, כדי אויסצומיידן אַן אָפענע שלאַכט. אַזאַ געשיצטע פעסטונג איז געווען יודפת, וועלכע האָט זיך נאָך דערצו געפונען אויף אין אַ גוטער געאָגראַפישער לאַגע, זי איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע פעלדזן און טיפע גריבער. דאָ האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַלע פאַרבליבענע טיילן פון דער רעוואָלוציאָנערער מחנה, וועלכע זיינען ווירקלעך געווען דורכגענומען מיט אַ פאַרביטערטער שנאה צו די רוימער, און האָבן געהאט פעסט באַשלאָסן נישט אָפּצוטרעטן פון דער פעסטונג און זיך נישט איבערצוגעבן אליין אין די הענט פון דעם שרעקלעכן תלין. וואָרום וועספּאַסיאַן האָט זיך אכזריותדיק נוקם געווען אין די באַזיגטע, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן אים כמעט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער איינגענומענער גברא האָט דער רוימישער קריגספירער געלאָזט אויסהרגענען און דעם זעלביקן

סוף האָבן געהאט אויך די איינוואוינער פון אַלע אַרומיקע שטעט און דערפער.

דער קאַמף ביי יודפת האָט דעריבער אָנגענומען אַ שאַרפן און פאַר־ביטערטן כאַראַקטער. גאַנצע אַנדערהאַלבן חדשים זיינען די צערייצטע רוימער געשטאַנען ביי דעם פעלדזן מיט די הויכע בערג און טיפע אָפּגרונטן, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען די מעכטיקע פעסטונג. די רע־וואָלוציאָנערן האָבן דעם גאַנצן שמאָלן צוגאַנג צום פעלדזן פאַרלייגט און צעגראָבן, אַזוי אַז די רוימער האָבן זיך מיט שרעקלעכע אָנשטרענגונגען און צרות קוים דערשלאָגן צו דער פעסטונג, כדי זי צו באַלאַגערן. די באַ־לאַגערטע האָבן זיך פון דאַן אָן כסדר געפונען אונטער דעם פייערדיקן שטורעם פון די רוימישע שליידער־מאַשינעס; זיי זיינען אָבער נישט געבליבן אָפּהענטיק. און אין דער זעלביקער צייט וואָס זיי האָבן אויפגע־שיט אַ הויכן וואַל, האָבן זיי פון זייער זייט אויך נישט אויפגעהערט אָפּ־צוענטפערן דעם שונא מיט אַ האָגל פון שטיינער, ברענענדיקע שטיקער האָלץ, שאַרפע פּליסיקייטן און נאָך אַזעלכע שעדלעכע פיילן. די רוימער האָבן אָנגעווענדעט אַלע זייערע כוחות אויף דעם איינציקן פרייען צוגאַנג צו דער פעסטונג אין צפון־זייט, וועלכן די באַלאַגערטע האָבן פאַרשפאַרט מיט פאַרשידענע שאַנצן און טורעמס; זיי האָבן אין דער זייט אַוועקגע־שטעלט גאַנצע זעכציק באַלאַגערונגס־מאַשינעס, וועלכע האָבן אָן אַן אויפ־הער געשליידערט טויט און פייער אויף דער פעסטונג. די באַלאַגערטע האָבן זיי אָבער כסדר אָפּגעשטויסן און געקעמפט מיט אַן אומגעוויינ־לעכער פאַרצווייפלונג, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָט שוין אָנ־געהויבן אויסצופעלן וואַסער. און די פעסטונג וואָלט אפשר נאָך אַ לאַנגע צייט אויסגעהאַלטן דעם אָנגריף פון דער באַלאַגערונג, ווען עס וואָלט זיך נישט אַרויסגעכאַפּט אַ פאַרעטער און זי אליין איבערגעגעבן דעם שונא. איינער פון די באַלאַגערטע איז אַריבערגעלאָפן אויף דער זייט פון די רוימער, און האָט זיי איבערגעגעבן, וועלכע פונקטן ס'זיינען שוואַך באַ־פעסטיקט; זיי האָבן דאָס גלייך אויסגענוצט, און אויף צו מאָרגנס פאַר־טאָג זיינען זיי פּלוצלינג באַפאַלן די טויט־מידע, איינגעשלאָפענע וואַך־סאָלדאַטן, און זיי אויסגעהרגעט ביז איינעם (תמוז, 67). דאַן האָט שוין קיין רייד נישט געקענט זיין וועגן שיצן די פעסטונג, און ערשט האָבן זיך די רוימער ,ווי זייער שטייגער איז געווען, גענומען נוקם זיין אין זייערע

באַזיגטע .אויסער דער גרויסער צאָל קעמפער, וואָס האָבן זיך אליין גע־שאָכטן אָדער זיך אַראָפּגעוואָרפן פון די שטאָט־מויערן, כדי נישט אריינ־צופאַלן צום בלוטיקן באַזיגער אין די הענט, האָבן טויזנטער פון די באַ־זיגטע פאַרלוירן זייער לעבן אין דער בלוטיקער אָרגיע פון די ווילד־צעקאָכטע רוימישע סאָלדאַטן, און צוזאַמען האָט די באַשיצונג פון דער דאָזיקער פעסטונג איינגעשלונגען ביז פערציק טויזנט יידישע לעבנס; דערצו זיינען איבער טויזנט פרויען און קינדער פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן, און לויט וועספּאַסיאַנס באַפעל, איז קיין שטיין אויף אַ שטיין נישט איבערגעבליבן פון דער גאַנצער שטאָט און זי איז אויסגעגליכן גע־וואָרן מיט דער ערד.

מיט דעם אונטערגאַנג פון יודפת האָט זיך געענדיקט אויך יוספס קאַריערע ,און נישט בלויז ווי אַן אָנפירער פון דעם יידישן אויפשטאַנד, נאָר אויך ווי אַ זון פון זיין פאָלק בכלל. ווען די רוימער זיינען צוגעטראָטן צו דער באַלאַגערונג פון יודפת, איז יוסף געקומען אין שטאָט און אָנ־געפירט די פאַרטיידיקונג, נאָר ווען ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז די פעס־טונג וועט זיך סוף כל סוף פאָרט מוזן אונטערגעבן, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו אַנטלויפן פון שטאָט. די באַפעלקערונג האָט זיך אָבער דערוואוסט דערפון און אים נישט געלאָזן דורכפירן זיין פּלאַן. דערווייל האָבן די רוימער איינגענומען די פעסטונג, און יוסף האָט זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן אין אַן אונטערערדישער מערה; דאָ האָבן זיך שוין אָבער פון פריער געפונען פערציק רעוואָלוציאָנערן, און דערצו האָט איינער אויסגעגעבן די רוימער דעם סוד פון דער מערה. וועספּאַסיאַן האָט דאַן דורך זיינעם אַ שליח אויפגעפאָדערט די באַהאַלטענע, זיי זאָלן זיך אונ־טערגעבן, ער האָט זיי צוגעזאָגט פולע אומבאַרירלעכקייט. און יוסף איז שוין גרייט געווען אַרויסצוגיין צום זיגער און צו קניען פאַר אים; דאָ האָבן אָבער די חברים־רעוואָלוציאָנערן אָנגעשטעלט זייערע שווערדן קעגן זיין ברוסט און געדראָעט, אים אויפן אָרט צו טויטן, אויב ער וועט פּועלן ביי זיך אַזוי שענדלעך צו באַליידיקן דעם כבוד פון דער אומה. ער איז אַלזאָ געצוואונגען געוואָרן צו פאַרבלייבן צוזאַמען מיט די חברים, און זיי האָבן אַלע פייערלעך געשוואוירן, זיך נישט איבערצוגעבן קיין לעבע־דיקע דעם שונא אין די הענט; יוסף האָט זיך אָבער אין דער קריטישער מינוט אויך נישט פאַרלוירן. ער האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פאַר דעם

קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד, לויט וועלכן יעדער איינער האָט געדאַרפט דערשטעכן דעם אַנדערן — על פּי גורל, און דער דאָזיקער 'גורל" האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזוי גליקלעך פאַר אים, אַז ניין און דרייסיק חברים זיינען שוין געווען דורכגעשטאָכן איינער פון אַנדערן, און גראָד ער מיט איין חבר זיינען געבליבן די לעצטע. און די שאַטנס פון די טויטע חברים האָבן אים נישט איבערגעשראָקן — ער האָט איבערגערעדט דעם איינציקן פאַרשוואוירענעם, און זיי האָבן זיך ביידע איבערגעגעבן די רוימער. די לעצטע האָבן אים אַוועקגעפירט צו וועספּאַסיאַנען, וועלכער האָט זיך גלייך פון דער ערשטער מינוט באַצויגן צו אים נישט, ווי צו אַ געפאַנגענעם שונא. יוסף האָט נישט נאָר אויסגעדריקט וועספּאַסיאַנען זיין געטרייע אונטערטעניקייט, נאָר אים אויך נביאות געזאָגט, אַז ער וועט אין גיכן טראָגן אויפן קאָפּ די קרוין פון רוים, און באַלד איז דער געפאַנגענער שונא געוואָרן דער נאָענטסטער פריינד און יועץ פון דעם גרויסן רוימישן קריגס־פירער. לויט דעם עפנטלעכן מנהג האָט יוסף געמוזט אריינגעזעצט ווערן אין געפענגעניש; דאָס איז אָבער געווען נישט מער, ווי אַ צערעמאָניע. וועספּאַסיאַן האָט אים דערלויבט ,זיך אויסצוקלייבן אַ פרוי פון די געפאַנגענע מיידלעך, צו טראָגן די שענסטע קליידער, און האָט אים אליין באַשאָנקען מיט טייערע מתנות.

אין ירושלים האָט די ידיעה וועגן דעם נצחון פון די רוימער אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער. אַזוי ווי מ'האָט נישט געוואוסט פון אָנהויב פון יוספס פאַרעטערישן שריט, האָט מען אים דאָ שטאַרק באַוויינט ווי איינעם פון די העלדישע פּאַטריאָטן, וואָס זיינען געפאַלן ביי דער פאַרטיידיקונג פון יודפת; שפּעטער אָבער, ווען מ'האָט זיך דערוואוסט אין דער הויפּטשטאָט ,אַז יוסף געפינט זיך גאָר ווי אַ הויז־פריינד ביי וועספּאַסיאַנען מיט זיין זון, האָט דער צאָרן פון די יהודהער זיך שרעקלעך פאַנאַנדערגעקאָכט, און אַזוי ווי מ'האָט נישט געפינען קיין מיטל, ווי אַזוי זיך נוקם צו זיין אָן דעם שענדלעכן פאַרעטער ,האָט אים דאָס פאָלק געשטעמפּלט מיט דעם נאָמען און פאַרשאָלטן זיין אָנדענקן אויף דור דורות. כמעט אין איין צייט מיט יודפת איז געפאַלן אויך יפיע, אַ שטעטל נישט ווייט פון נצרת, וואָס האָט זיך געוואָלט אריינשניידן די רוימער פון הינטן און שטערן זיי אין זייערע מיליטערישע אָפּעראַציעס, און איצט איז צוגעקומען די ריי צו שומרונים. די לעצטע האָבן זיך

פאַרייניקט מיט זייערע יידישע שכנים, און מיט געמיינזאַמע כוחות זיך באַפעסטיקט אויף דעם באַרג גריזים. דאָס האָט וועספּאַסיאַנען אַביסל באַ־אומרואיקט, און ער האָט אַרויסגעשיקט קעגן זיי צערעאַליס, דעם טרי־בון פון פינפטן לעגיאָן, מיט דריי טויזנט פוס־גייערס און זעקס הונדערט רייטער. מיט דער מחנה האָט צערעאַליס באַלאַגערט דעם באַרג און אים אָפּגעשניטן פון אַלע זייטן, אַזוי אַז די באַלאַגערטע האָבן באַלד אָנגע־הויבן צו ליידן פון וואַסער־מאַנגל, און זיינען געצוואונגען געווען זיך אונטערצוגעבן. דאָ זיינען אָבער אויך געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן ,איידער צו בויגן דעם קאָפּ פאַרן שונא. אָט די פאַרביטערטע העלדן, אין אַ צאָל פון עלף טויזנט זעקס הונדערט מאַן, האָט צערעאַליס געלאָזן צונויפשטופּן אויפן שפּיץ באַרג, וואו זיי זיינען אַלע אומגעקומען.

נאָך שומרון איז צו די רויבער אין די הענט אריינגעפאַלן די האַפן־שטאָט יפו .די דאָזיקע שטאָט איז געהאט צעטראָגן געוואָרן דורך צעסטיוסעס סאָלדאַטן, ווען זיי האָבן זיך געלאָזן קיין ירושלים, און איצט האָבן זיך דאָ די זעלאָטן ווידער באַפעסטיקט און אָנגעהויבן זי אויפצר־בויען פונדאָסניי. די רוימער האָבן זיך אָבער באַצייטנס דערוואוסט פון דער אונטערנעמונג, וואָס האָט געקענט ווערן פאַר זיי געפערלעך, ווייל די זעלאָטן וואָלטן געקענט באַפאַלן די צוגעפירטע שיפן. זיי האָבן דע־ריבער אַרויסגעזעצט אין יפו אַ גרויסע צאָל סאָלדאַטן, און די יידן האָבן זיך געמוזט ראַטעווען אויף שיפלעך. נאָר דאָ זיינען זיי ווייטער פאַר־פאָלגט געוואָרן און נישט בלויז פון די רוימער, נאָר אויך פון אַ שטאַרקן שטורעם־ווינט,, וואָס האָט זיי אַרויסגעשליידערט אויף פאַרשידענע פעל־דזן און אין די ברויזנדיקע כוואַליעס פון ים.

אונטער דער צייט האָט זיך די צענטראַלע רוימישע אַרמיי גע־פונען אין קסריה ביים ים, און וועספּאַסיאַן אַליין האָט זיך אויפגעהאַלטן ווי אַ גאַסט ביי זיין פריינד — דעם קעניג אַגריפּוס דעם צווייטן, אין קסריה פיליפּי. דאָ איז מיט אַן אומגעוויינלעכער פייערלעכקייט געפיי־ערט געוואָרן דער נצחון פון די רוימער איבער די העלדישע פאַרטיידיקער פון דער גלילשער פעסטונג. גאַנצע צוואַנציק טאָג האָט זיך אין פּאַ־לאַץ פון יהודהשן „קעניג" געצויגן דער שטורמישער יום־טוב לכבוד דעם גרויסן נצחון פונעם רוימישן פּאַנצער. די דאָזיקע יום־טובדיקע

מנוחה איז געשטערט געוואָרן ערשט דאַן, ווען עס האָבן ווידער אָנגעהויבן אָנצוקומען אומרואיקע ידיעות וועגן דער באַוועגונג פון די רעוואָלוציאָנערן. די לעצטע האָבן דאָס געווער פון די הענט נישט אַוועקגעלייגט, און וואָס טיפער די רוימער האָבן זיך אַריינגערוקט אין לאַנד, אַלץ מער פאַרביטערט און פאַרצווייפלט איז געוואָרן די שנאה צו זיי פון די דאָזיקע הייסע פּאַטריאָטן. די זעלאָטן האָבן געפּרוווט פאַרנעמען טבריה; דאָס האָט געצוואונגען וועספּאַסיאַנען זיך שנעל צו באַוועגן מיט זיינע לעגיאָנען און זיי צוצוברענגען צום ים כנרת. פאַר אגריפּוסעס שטאָט זיינען אָבער אָט די גרויסע מיליטערישע כחות גאָרנישט נויטיק געווען; די רעוואָלוציאָנערן זיינען דאָ געווען אין דער מינדערהייט אַנטקעגן דער גרויסער צאָל פון קעניגס אונטערגעקויפטע רוימער־פריינד, און נאָכדעם ווי זיי האָבן געזען אַז די באַפעלקערונג איז אינגאַנצן געשטימט קעגן זיי, האָבן זיי פאַרלאָזן די שטאָט און זיך פאַרקליבן קיין טאַריכיה. די פרידלעכע איינוואוינער פון טבריה האָבן דאַן אָן אַ שום ווידערשטאַנד אויפגעעפנט פאַר וועספּאַסיאַנען די טויערן און אַריינגעלאָזן אין שטאָט אים מיט זיינע סאָלדאַטן. דערפאַר האָט דער רוימישער זיגער אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער חסד די געטרייע אונטערטאַנען פון אגריפּוסעס שטאָט און האָט באַפוילן די סאָלדאַטן נישט אָנצווענדן קיין שום געוואַלט קעגן דער באַפעלקערונג.

דאַקעגן האָבן די רוימער געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף ביי טאַריכיה. די זעלאָטן אונטער דער אָנפירונג פון ישוע בן שפט האָבן זיך אין אָנהויב העלדיש פאַרטיידיקט און נישט צוגעלאָזן דעם שונא צו דער שטאָט, און שפּעטער, ווען דער אָנגריף פון די רוימער איז שטאַרקער געוואָרן, האָבן זיי זיך אַרויסגעזעצט אויף שיפלעך און פון דאָרטן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד דער רוימישער מחנה אונטער טיטוסעס אָנפירונג. ענדלעך האָט זיך אָבער טיטוסן פאָרט איינגעגעבן, זיך אַריינצורייסן אין שטאָט, און די סאָלדאַטן האָבן זי כמעט אינגאַנצן חרוב געמאַכט. און דערמיט האָבן זיך די רוימער נאָך נישט באַפרידיקט: זיי האָבן זיך געלאָזן נאָכיאָגן די אַוועקגעשוואומענע רעוואָלוציאָנערן, און דאָס געשלעג אויפן וואַסער האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס אַ גרויסער שטח פון ים איז פאַרפאַרבט געוואָרן מיט בלוט און די ברעגן

זיינען פול געוואָרן מיט צוגעשוואָלענע קערפּערס פון דערטרונקענע און ברוכטיילן פון צעשמעטערטע שיפן (67).

פון גאַנץ גליל האָבן זיך איצט אַלזאָ נאָך דריי פּונקטן אײַנגעזאַנצן געפונען אין די הענט פון די זעלאָטן: גמלא, דער באַרג תבור און גוש־חלב. גמלא איז פון דער נאַטור כמעט געווען אומבאַצווינגבאַר און די קליינע מחנה רעוואָלוציאָנערן (ניין טויזנט מאַן) האָט פאַרטיידיקט דאָס דאָזיקן פעלדזן־נעסט מיט אַן אומגעווייגלעכער העלדישקייט און פאַר־צווייפלונג. די רוימער האָבן עטלעכע מאָל געפּרואווט צוקומען צו דער שטאָט מיט שטורעם; זיי זיינען אָבער כסדר אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון די פאַרביטערטע העלדן און ווען דער באַגלייטער פון וועספּאַסיאַנס אַרמיי, אגריפּוס, האָט זיך געווענדעט צו די באַלאַגערטע מיט דעם פאָרשלאַג, זיי זאָלן זיך בעסער גלייך אונטערגעבן און נישט וואַרטן ביז דער שונא וועט זיך צו זיי אריינרייסן, — האָבן זיי אים געענטפערט מיט אַ שטיין, פון וועלכן ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין אָרעם. אַזוי אָבער ווי די רוימער האָבן שוין געהאַט אויפגעשטעלט זייערע באַלאַגערונגס־מאַשי־נעס אין דער הייך, האָבן זיך די באַלאַגערטע צוריקגעצויגן אין שטאָט גופא. דאָ האָבן זיי גאַנצע דריי וואָכן אויסגעהאלטן דאָס פייער פון דער רוימישער אַרטילעריע, און ערשט דאַן האָט זיך באַוויזן אַן עפענונג אין דער מויער־וואַנט, דורך וועלכער עס האָט זיך אריינגעריסן אין שטאָט אַ באַדייטנדע צאָל סאָלדאַטן. די באַלאַגערטע האָבן זיך איצט אָפּגערוקט צוריק, אין דעם העכערן טייל פון שטאָט, אריינגעצויגן די רוימישע סאָל־דאַטן אין די שמאָלע געסלעך און האָבן זיי באַוואָרפן פון די דעכער אַראָפּ מיט שטיינער און פיילן. צוגעקוועטשט פון דעם פיינלעכן אָנפאַל, האָבן זיך די סאָלדאַטן אויך געפּרואווט אַרויפקריגן אויף די דעכער פון די נידע־ריק־געלעגענע הייזער; האָבן אָבער די הייזלעך נישט אויסגעהאַלטן אויף זיך די מאַסע, און זיינען איינגעפאַלן, און באַגראָבן אונטער זיך דעם גרעסטן טייל פון דער אריינגעריסענער מחנה. די איבערגעבליבענע האָבן זיך געלאָזן לויפן צוריק, צום אַרויסגאַנג, און דאָ זיינען זיי ווידער פאַרוואָרפן געוואָרן מיט פיילן, שטיינער און שטיקער פעלדזן, אַזוי אַז נאָר אַ גאַנץ קליינע צאָל פון זיי האָט באַוויזן זיך אַרויסצוקריגן גאַנצער־הייט פון שטאָט. דאָס איז געווען אַ שיינער טאָג פאַר די רעוואָלוציאָנערן פון גמלא, אַ טאָג פון נצחון; באַלד האָבן זיי אָבער פאַר דעם נצחון גע־

מוזט טייער באַצאָלן. אויף צומאַרגנס האָבן די רוימער אַרויפגענאַרט די רעוואָלוציאָנערן אויף אַ הויכן טורעם, כדי אים כלומרשט צו פאַר־טיידיקן; ער איז שוין אָבער געווען פון פריער אונטערגעגראָבן, און איז איינגעפאַלן מיט אַ שרעקלעכן קראַך איבער די דערשטיקטע העלדן. נאָך דעם איז שוין טיטוסן לייכט אָנגעקומען, זיך אַריינצורייסן אין שטאָט, און ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער באַפעלקערונג מיט צאָרן פון אַ צערייצטן טיגער. ביז פיר טויזנט מענטשן זיינען אומגעקומען דורך דער שווערד פון די סאָלדאַטן, און די איבעריקע (ביז פינף טויזנט מאַן) האָבן זיך אַרויפגעקריגן אויף אַ פעלדזן און געפּרוואווט נאָך אָפּשטויסן דעם שונא מיט פיילן און שטיינער. אָבער ווען זיי האָבן געזען די האָפ־נונגסלאָזיקייט פון זייער צושטאַנד, האָבן זיי זיך אַליין אַראָפּגעוואָרפן פון פעלדזן. אַזוי איז אויך אָט די אומבאַצווינגבאַרע שטאָט געפאַלן (67) און פון איר גאַנצער באַפעלקערונג זיינען געבליבן לעבן נאָר צוויי מייד־לעך, וואָס זיינען עטלעכע טאָג דורכאַנאַנד געלעגן באַהאַלטן ערגעץ אין אַ מערה.

אין דער זעלביקער צייט איז געפאַלן אויך די פעסטונג פון באַרג תבור. די שטאָט האָט זיך געפונען זעכצנהונדערט פוס הויך פון דעם אונטן ליגנדן „עמק יזרעאל” (יזרעאל־טאָל) און וואָלט זיך געקענט האַלטן אַ לאַנגע צייט. דער רוימישער אָנפירער פון דער באַלאַגערונג פּלאַצידוס, האָט זיך דעריבער באַנוצט מיט אַ געשיקטן קריגס־שווינדל: ער האָט אַראָפּגענאַרט כמעט דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן גאַרניזאָן פון דער אויבן־ליגנדיקער פעסטונג אונטן, ער האָט געמאַכט אַזוי ווי ער וואָלט אַנטלאָפן מיט זיין מחנה, און ווען די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך שוין אויך געפונען אויף דעם גלייכן שטח, האָט ער זיך קער געטאָן מיט זיינע רייטער־סאָלדאַטן צוריק און זיי צעקלאַפּט. פון די איבער־געבליבענע איז אַ טייל אַנטלאָפן קיין ירושלים און די אַלטע און שוואַכע האָבן זיך אונטערגעגעבן.

שוואַך באַפעסטיקט און מיט אַ גאַנץ קליינער צאָל פאַרטיידיקער איז געבליבן גוש־חלב. ווען טיטוס איז צוגעקומען מיט זיין גרויסער מחנה, און האָט אויפגעפאָדערט די באַפעלקערונג, זי זאָל זיך אונטער־געבן, האָט דער אָנפירער פון שטאָט, יוחנן, געבעטן איין טאָג וואָפן־שטילשטאַנד, ווייל ס'איז פּונקט אויסגעקומען שבת. און ווען ער האָט

געזען, אַז ער וועט דאָ גאָרנישט מאַכן קעגן די רוימער, האָט ער זיך באַנוצט מיט דעם טאָג, און איז אַנטלאָפן פון שטאָט מיט אַ גרויסער אָפּטיילונג פון זיינע זעלאָטן, און אַ מאַסע פרויען, אַלטע לייט און קינדער. אויף צומאָרגנס האָבן די איינוואוינער אויפגעעפנט פאַר די רוימער די טויערן פון שטאָט; טיטוס האָט אָבער געוואָלט דורכאויס באַקומען אין זיינע הענט דעם באַרימטן זעלאָטן־אָנפירער, יוחנן, און אַזוי ווי ער האָט אים נישט געפונען אין שטאָט, האָט ער אַוועקגעשיקט אַ מחנה סאָלדאַטן, אים נאָכצויאָגן. און אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן: יוחנן האָט זיך שוין געהאַט דערשלאָגן קיין ירושלים, און די סאָלדאַטן האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט די זקנים, פרויען און קינדער, וואָס זיי האָבן נאָך געטראָפן אין וועג, און וועלכע זיי האָבן גענומען געפאַנגען. דאָס זיינען געווען די לעצטע פון דער אומגעהויערער מחנה געפאַנגענע, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט אין וועספּאַסיאַנעס לאַגער אין דעם משך פון דער גלילשער מלחמה. פון דער מחנה זיינען די קרעפּ־טיקסטע יונגעלייט (ביז זעקס טויזנט) אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין גריכנ־לאַנד, כדי צו אַרבעטן ביי דער דורכגראָבונג פון דער קאָרינטישן לאַנד־פּאַס; איבער דרייסיק טויזנט נפשות זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן, און די איבערגעבליבענע קראַנקע און אַלטע (ביז צוועלף הונ־דערט) זיינען אויף וועספּאַסיאַנס באַפעל אַראָפּגעשליידערט געוואָרן פאַר איין מאָל אין אַ טיפן אָפּגרונט. די געפאַנגענע פון יענע ערטער, וואָס האָבן אָנגעהערט צו אַגריפּוסן, האָט וועספּאַסיאַן אים איבערגעגעבן, ער זאָל מיט זיי טאָן, וואָס אים געפעלט, און דאָ האָט הורדוסעס אייניקל ווידער אַרויסגעוויזן אַ שרעקלעכע אכזריות בנוגע זיינע יידישע ברידער: ער האָט זיינע געפאנגענע אויך געלאָזן פאַרקויפן פאַר שקלאַפן.

דאָס איז געווען דער סך הכל פון דעם יידישן אויפשטאַנד אין גליל. דער גרעסטער טייל פון לאַנד איז געוואָרן פוסט און וויסט און די איבערגעבליבענע חורבות און מענטשלעכע שאָטנס זיינען נאָך איצט מער פאַרשקלאַפט געווען, ווי פריער. דער וועג קיין ירושלים איז אַלזאָ געבליבן פריי פאַר די רוימער; וועספּאַסיאַן האָט אָבער געוואָלט לאָזן אָפּרוען זיינע סאָלדאַטן נאָך אַזאַ לאַנגן מאַרשרוט און נאָך אַזעלכע בלוטיקע שלאַכטן, און ער האָט זיי איינגעאָרדנט אין ווינטער־קוואַרטירן אַרום קסריה.

# קאַפּיטל ניין

## דער אונטערגאַנג פון יהודה

(73—66)

דער זאַמל־פּונקט פאַר אַלע אַנטלאָפענע פון דער אומגליקלעכער גליל איז געווען ירושלים. די אַלע רעוואָלוציאָנערע מינדערהייטן, וועלכע האָבן ביי זיך אין די גלילשע שטעט גאַרנישט געקענט אויפטאָן קעגן דער מערהייט פון די מעסיק־מיושבדיקע רוימער־פריינד, — האָבן זיך ביסלעכווייז צונויפגעזאַמלט אין דער גוט־באַפעסטיקטער הויפטשטאָט פון יהודה, וואָס איז געווען די אַרטעריע און די נשמה פון דעם גאַנצן אויפשטאַנד. דאָ האָט די גאַנצע צייט געהערשט אַ פייערלעך־אויפגע־רעגטע שטימונג — פון איין זייט האָבן שוין געשוועבט אין דער לופטן די שוואַרצע שאָטנס פון טויט און חורבן, און פון דער צווייטער זייט האָט זיך אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע אַלץ שטאַרקער צעפלאַמט און צעשפּילט און זיינע האָפענונגען אויף דער גאָענטער צוקונפט זיינען גע־וואָרן וואָס ווייטער אַלץ ליכטיקער, שענער און געטלעכער. דאָס פאָלק האָט זיך אַרומגעקלאַמערט אַרום גאָטס הויז, אַרום בית המקדש, און איז פעסט און זיכער געווען אין דעם, אַז דאָ וועט דער מעכטיקער שונא ווערן צעקלאַפּט און פון דאַנען וועט זיך אָנהויבן די ליכטיקע צייט פאַר דער דערשלאָגענער און אויסדערוויילטער „אומה". פון אַלע זייטן האָבן זיך טויזנטער יידן געצויגן צו דער הויפטשטאָט, צום בית־המקדש. און די מוטער ירושלים איז קיינמאָל נישט אַזוי באַפעלקערט, אַזוי שיין און אַזוי פעסט געווען ,ווי אין דער לעצטער צייט פאַר איר אונטערגאַנג. זי האָט פאַרנומען אין איר אומפאַנג ביז זיבן קילאָמעטער (דריי און דרייסיק סטאַדיען), און האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון זעקס הונדערט טויזנט מאַן, נישט גערעכנט די איינגעוואָנדערטע פון די אַרומיקע שטעט. לויט אירע קוואַרטאַלן האָט ירושלים געהאַט דעם ווייטערדיקן אויסזען: די אויבערשטאָט אָדער ציון, איז געווען דער קוואַרטאַל פון די אַריס־

טאָקראַטן און גבירים .פון דאַנען האָט זיך געצויגן אַ ברייטער צווישן־טאָל, און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די אונטערשטאָט אקרא, וואָס איז געווען געבויט אין דער פאָרם פון אַ האַלבער לבנה. צו צפון זייט פון דער אונטערשטאָט זיינען געלעגן די פאָרשטעט אויבער־ און אונטער־ביצתא; אָט די פאָרשטעט האָט אַגריפּוס דער ערשטער געהאט אָנגעהויבן צו באַפעסטיקן; לויט אַ באַפעל פון רוים האָט אָבער די אַרבעט געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן. די מאַסע בוי־מאַטעריאַל איז אַלזאָ געבליבן ליגן און דערמיט האָבן זיך איצט די זעלאָטן באַנוצט ביים ענדיקן די באַפעסטיקונג. אין דעם קוואַרטאַל האָבן זיך געפונען די מאַרקפּלעצער פאַר וואָל־אויסאַרבעטונגען, מעטאַל־כלים, קליידער, האָלץ און אויך בהמות. דער בית־המקדש, וואָס האָט זיך אין צפון־מערב זייט געגרענעצט מיטן פּאַלאַץ אַנטאָניום, — איז געווען אַ זעלבסטשטענדיקער קוואַרטאַל; צו דרום זייט פון בית־המקדש איז געלעגן דער קוואַרטאַל אופל, און די דאָזיקע אַלע גאַסן און פּלעצער זיינען אין דער לעצטער צייט אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן מיט מאַרמאָר.

ירושלים איז געווען גוט געשיצט און באַפעסטיקט, פון דריי זייטן: דרום ,מזרח און מערב, איז דער באַרג, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען די הויפּט־שטאָט, געווען כמעט נישט צוגענגלעך, אַ דאַנק די טיפע גראָבנס, די גלייכע פעלדזן־ווענט און דעם הויך אויפגעשיטן וואָל. די צפון־זייט, וואָס איז פון דער נאַטור געווען פרייער און צוגענגלעכער, האָט געהאט דערפאַר אַ דרייפאַכיקן וואָל.

די יהודהשע שטעט, דאַקעגן, אויסער ירושלים, זיינען געבליבן אָן אַ שום פאַרטיידיקונג. וועספּאַסיאַן האָט זיי דעריבער באַזעצט איינע נאָך דער אַנדערער, נישט באַגעגנט קיין שום ווידערשטאַנד, און פון גאַנץ פּאַלעסטינע איז דערווייל נאָך פריי געווען נאָר דער צפון־טייל פון יהודה און די געגנט פּערעאַ. די דאָזיקע פּראָווינצן האָבן אויך געהאט אַ גרויסע צאָל פּאַטריאָטישע קנאים, וועלכע זיינען גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר דער נאַציאָנאַלער פרייהייט, און זיי וואָלטן געקענט ברענגען דעם אויפשטאַנד גרויסע נוצן .די פירער פון דער רעוואָלוציע אין ירושלים האָבן זיך אָבער גאַנץ ווייניק געזאָרגט וועגן די זייטיקע שטעט, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די רייכע און קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן זיינען געבליבן ביי זייערע פרידלעכע נייגונגען און האָבן זיך געמאַכט גרייט

אליין צו עפענען פאַרן שונא די טויערן פון זייערע שטעט, און די רעוואָלוציאָנערע יוגנט האָט אויסגעוואַנדערט קיין ירושלים און דאָרט פאַרגרעסערט די צאָל פון די קאַמפס־מוטיקע זעלאָטן.

אַ באַזונדער אָרט האָט פאַרנומען די פעסטונג מסדה, ביים דרום־מזרח ברעג פון ים המלח. דאָ האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַלע פאַרבליבענע טיילן פון דער אַמאָליקער סיקאַריער־באַנדע, אונטער דער אָנפירונג פון אליעזר בן יאיר, און מיט דער צייט איז צו זיי צוגעשטאַנען אויך דער באַרימטער העלד שמעון בן גיורא. שמעון האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אומגעווייגלעכער פיזישער קראַפט און מיט זיין העלדן־מוט, וואָס האָט אים נישט פאַרלאָזן ביז דער לעצטער מינוט. ביי דעם ערשטן צוזאַמענשטויס מיט די רוימער, אונטער גאַלוסעס אָנפירונג, איז ער, שמעון, געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער אַנטלויפנדער מחנה און צעשלאָגן אירע היגטערשטע רייען. זיין קריגערישע נאַטור האָט אָבער אויך שפּעטער נישט געקענט בלייבן רואיק, און אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט גלייך אַרויסצוטרעטן ווידער קעגן די רוימער, איז ער אַוועק אין דער געגנט פון ים המלח און זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט בראש פון אַ כנופיא באַנדיטן־וואַנדערער, וועלכע האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער גאַנצער סביבה. די טעראָריזירטע באַפעלקערונג האָט זיך דאַן באַקלאָגט אויף אים פאַר דער צענטראַלער אַדמיניסטראַציע אין ירושלים, און די מעסיקע זעלאָטן האָבן אַרויסגעשיקט קעגן שמעונען אַ שטאַרקע באַוואָפנטע קראַפט, וואָס האָט אים געצוואונגען זיך צו באַשיצן אין דער פעסטונג מסדה. דאָ האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די סיקאַריער, און צוזאַמען פלעגן זיי באַפאַלן די דערבייאיקע אדומישע ישובים און אַוועקרויבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט נויטיק. דאָס האָט געצוואונגען די אדומער (אדום איז נאָך געווען דאַן אַ יידישע פראָווינץ), זיך אויך צו פאַראייניקן, און זיי האָבן אָרגאַניזירט אַן אייגענע מחנה, וואָס האָט זיך ווייניק אונטערגעשיידט פון דער סיקאַרישער אין דער היגזיכט פון פאַטריאָטיזם, ווילדקייט און העלדישקייט.

דערווייל האָבן זיך אָבער אין ירושלים גופא אָנגעהויבן שטאַרקע אינערלעכע רייבונגען צווישן די דעמאָקראַטן־זעלאָטן און אַריסטאָקראַטן־אָנפירער. דער אָנגעלאָפענער שטראָם פון די גלילשע פרייהייטס־קעמפער האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די אויפגערייצטע שטימונג פון

דער יהודהשער הויפטשטאָט, און דערצו האָט יוספס פאַרעטערישער איבערגאַנג צו די רוימער שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם צוטרוי פון פאָלק צו זיינע אַריסטאָקראַטישע פירער. די עקס־לינקע זעלאָטן האָבן איצט אָנגעהויבן צו קוקן מיט אַ שטאַרקן חשד אויף די „קאַלטע" כלומרשט רעוואָלוציאָנערע אַריסטאָקראַטן, וועלכע האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין ברען און קיין פּאַטריאָטישע התלהבות. צי וועלן דען אָט די מיושבדיק־פּאַסיווע פּרושים און קאָנסערוואַטיוו־געמיטלעכע אַריסטאָקראַטן, — צי וועלן זיי דען נישט אָפּטרעטן פון שלאַכטפעלד גלייך ביי דעם ערשטן קנאַל פון שונא׳ס כלי־זיין? צי וועלן זיי נישט לויפן גלייך אויפעפענען פאַר די רוימער די טויערן פון שטאָט און וואַרפן זיך אין שטויב פאַר די פיס פון באַזיגער? דאָס איז איצט געווען די הערשנדע שטימונג אין די קרייזן פון די ראַדיקאַלע זעלאָטן, און זיי האָבן ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַרויסצורייסן די ממשלה פון די אַריסטאָקראַטישע הענט און אליין איבערצונעמען די גאַנצע אָנפירונג פון דעם הייליקן קאַמף. די רע־גירונג, ווידער, פון איר זייט, האָט מיט שרעק געקוקט אויף די דאָזיקע ווילדע היציקע קעפּ, וואָס האָבן נישט געוואוסט פון קיין גרענעץ און פון קיין אָפּהאַלט, און זי האָט נישט געקענט פועלן ביי זיך, זיי אָנצופאַר־טרויען דעם גורל פון לאַנד.

דער פיינטלעך־בלוטיקער צוזאַמענשטויס איז בכן געווען אומפאַר־מיידלעך, און באַלד האָט זיך די גאַנצע הויפטשטאָט צעטיילט אויף צוויי לאַגערן. די מעסיקע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם אַריס־טאָקראַטישן סנהדרין, און בראש פון די לינקע זעלאָטן זיינען געשטאַנען אלעזר בן שמעון און דער גלילשער פּאַטריאָט יוחנן פון גוש חלב. אָט דער לעצטער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון גליל זיין פייערדיקן פּאַטריאָטיזם און זיין גאַנצע פאַרביטערטע שנאה צו דעם אַריסטאָקראַ־טישן פאַרעטער, און די דאָזיקע שנאה האָט זיך דאָ איבערגעטראָגן אויף דער גאַנצער דערוויילעקער רעגירונג צוזאַמען מיטן סנהדרין. עס איז אויסגעוואַקסן אַ נייע הערשאַפט — דער טעראָר. די זעלאָטן זיינען באַ־פאַלן יענע אַלע פּערזאָנען, אויף וועלכע זיי האָבן געהאט נאָר אַ שטיקל חשד, און זיי געטויט. דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען צו די פאַרשידענע פּאָסטנס אין בית־המקדש, וועלכע זיינען כסדר געווען פאַרנומען פון די אַריסטאָקראַטן, און זיי באַזעצט מיט המונישע כהנים־זעלאָטן. און

דאָ האָבן זיי זיך נאָך נישט אָפּגעשטעלט: זיי האָבן אַראָפּגעזעצט פֿון זיין פּאָסטן דעם פֿון אַגריפּוס דעם צווייטן באַשטימטן, כהן גדול מתתיהו בן טעאָפיל, און געלאָזט אויסוויילן אַ נייעם כהן־גדול — על פּי גורל. דער גורל איז גראָד געפֿאַלן אויף אַ פּשוטן ישובניק, מיטן נאָמען פּנחס בן שמואל, און ער איז דעמאָנסטראַטיוו, מיטן גאַנצן פייערלעכן צערע־מאָניאַל, אריינגעפירט געוואָרן אין בית־המקדש, וואו די באַאַמטע האָבן אים אָנגעקליידט אין די טייערע כהן־גדול־קליידער.

דער דאָזיקער פֿאַקט האָט שטאַרק אויפגערעגט די רעגירונג און זי איז אָפֿן אַרויסגעטראָטן קעגן די זעלאָטן. די געוועזענע כהנים גדולים חנן און יהושע בן גמלא, דער עושר יהושע בן גוריון און דער נשיא פֿון סנהדרין, ר׳ שמעון בן גמליאל — אַלע האָבן זיי זיך פֿאַרייניקט אין קאַמף קעגן די דיקטאַטאָרישע שטרעבונגען פֿון די דעמאָקראַטן. זיי האָבן צו־זאַמענגערופן דאָס פֿאָלק און עס אויפגערייצט קעגן די ברוטאַלע שענ־דער פֿון דעם הייליקן בית־המקדש און באַזונדער האָט זיך אויסגעצייכנט חנן. ער האָט גערופן דאָס פֿאָלק זיך נוקם צו זיין אין די זעלאָטן און מיט געווער אין האַנט אַרויסצוטרעטן קעגן אָט די בריונים, וואָס האָבן גע־מאַכט פֿון גאָטס הויז אַ קאַזאַרמע. און דאָס פֿאָלק האָט אָנגענומען די אויפפֿאָדערונג: עס האָט זיך צעפּלאַקערט אַ בלוטיקע שלאַכט, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט דער מפּלה פֿון די זעלאָטן. דער פּאַרטיי פֿון די אַריס־טאָקראַטן איז געלונגען צונויפצושטופּן די זעלאָטן אין דעם גרויסן הויף פֿון בית המקדש און זיי דאָרטן צו באַוואַכן.

דערווייל האָבן זיך אין ירושלים פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז חנן מיט זיינע חברים האָבן בדעה אריינצולאָזן די רוימער אין שטאָט, און צו דעם צוועק האָבן זיי דאָס געוואָלט מאַכן אומשעדלעך די רעוואָלוציאָ־נערע זעלאָטן. מיט די קלאַנגען האָבן זיך באַנוצט די פריי־געבליבענע זעלאָטן, און געמאַכט אַ געוואַגטן שריט: זיי האָבן אַרויסגערופן צו הילף קיין ירושלים די אדומישע מחנות. די אדומער ,אין אַ צאָל פֿון צוואַנציק טויזנט מאַן, אונטער דער אָנפירונג פֿון יוחנן, שמעון, פּנחס און יעקב ,זיינען גלייך צוגעקומען צו די טויערן פֿון שטאָט. ענן האָט זיי אין אָנהויב נישט געוואָלט אריינלאָזן, און יהושע בן גמלא האָט זיי פֿון די מויערן אַראָפּ־באַשוואוירן, זיי זאָלן אָפּציען פֿון דער הויפּטשטאָט און נישט פֿאַרגרעסערן דאָ די מהומה, וואָס איז שוין אַזוי אויך גענוג

גרויס .די אדומער זיינען אָבער געבליבן פעסט שטיין אויף זייערע פּאָ־זיציעס, און באַלאַגערט דעם אריינגאַנג פון שטאָט.

און זיי וואָלטן אפשר אַ לאַנגע צייט הילפלאָז געווען קעגן דער אַריסטאָקראַטישער מערהייט, ווען די נאַטור וואָלט זיי פּלוצלינג נישט געקומען צו הילף. אין אַ געוויסער נאַכט איז ירושלים אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ שרעקלעכן שטורעם מיט דונערן און בליצן, וואָס האָט אַרויפגעוואָרפן אַ ציטערניש אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג און אויך אויף דער וואַך פון די שטאָט־מויערן. דאָס האָבן די זעלאָטן אויסגענוצט און געעפנט שטילערהייט דעם אריינגאַנג. די אדומער האָבן זיך אַזויער־נאָך אריינגעריסן אין ירושלים, גלייך באַפרייט די באַלאַגערטע זעלאָטן, און געוואָרן די בעלי־בתים פון שטאָט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעק־לעכע שחיטה; די ווילדע אדומער פון איין זייט און די צערייצטע זע־לאָטן פון דער צווייטער זייט, האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער מעסי־קער און פרידלעך־געשטימטער באַפעלקערונג מיט אַן אומגעהויערער אכזריות, און די אויפגייענדיקע זון האָט באַלויכטן אַ מוראדיק שלאַכט־פעלד, אויף וועלכן עס זיינען געלעגן צעוואָרפן ביז אַכט טויזנט הרוגים (68). און דאָס האָט נאָך נישט געשטילט זייער צערייצטקייט. אויף צו מאָרגנס האָט זיך אָנגעהויבן דער משפט איבער די פירער פון דער אַריס־טאָקראַטישער פּאַרטיי, און דאָ איז ווידער געשען אַ פרישע ריי פון רציחות און בלוט־פאַרגיסונגען. די ערשטע קרבנות פון דעם געריכט זיינען געווען דער איניציאַטאָר און אָנפירער פון דער בירגער־מלחמה, ענן, און דער געהיימער פריינד פון יוסף בן מתתיהו, יהושע בן גמלא. זייערע טויטע קערפּערס זיינען געבליבן ליגן נישט באַגראָבענערהייט. דער כעס פון די פּאַטריאָטן האָט זיך אפילו נישט געשטילט נאָך דעם טויט פון זייערע קעגנער. אַ סך אַריסטאָקראַטן זיינען אריינגעוואָרפן גע־וואָרן פריער אין פינסטערע געפענגענישן, און ערשט שפּעטער האָט דאָס געריכט זיך געזעצט זיי משפטן. דאָ האָט אָבער בכלל דאָס געזעץ נישט געשפילט קיין ראָליע, און דער עיקר איז געווען די פיינטלעך־פאַרביטער־טע שטימונג פון די אָדער יענע זעלאָטן .אַזוי איז פאָרגעקומען, למשל, אַז מ׳האָט געבראַכט פאַרן געריכט דעם געפאַנגענעם אַריסטאָקראַט, זכריה בן ברוך, און ווען די מערהייט האָט אים באַפרייט, זיינען אַרויס־

געטראָגן צוויי זעלאָטן און האָבן אים אין געריכט גופא געטויט. זיי האָבן דערביי אויסגעשריען: „אָט האָסטו אונדזערע שטימען אויך!״.

נאָך די דאָזיקע אַלע מעשים, וואָס האָבן ענדלעך איבערגעגעבן די גאַנצע שטאָט אין די הענט פון דער זעלאָטישער רעגירונג, זיינען די אדומער אַוועק פון ירושלים. די זעלאָטן האָבן אָבער נאָך אַלץ פאָרגע־זעצט זייער אַרבעט. זיי האָבן כסדר געפאַנגען און געמשפּט די אַלע, אויף וועמען זיי האָבן געהאט נאָר אַ שטיקל חשד, און צווישן זייערע שפּעטערדיקע קרבנות האָט זיך געפונען אויך דער הויפּט־קאָמענדאַנט פון דעם ירושלימער גאַרניזאָן, יוסף בן גוריון (68). די העכסטע פאָר־שטייער פון דער איצטיקער, זעלאָטיש־דעמאָקראַטישער רעגירונג זיינען געווען יוחנן פון גוש־חלב און אלעזר בן שמעון. זיי האָבן אָרגאַניזירט די שטאָט־פאַרוואַלטונג און איינגעאָרדנט אַ שטרענגע וואך ביי די אַרויס־גאַנגען פון שטאָט, וואָס האָט אַכטיק געגעבן, אַז קיינער פון דער באַ־פעלקערונג זאָל זיך נישט אַרויסגנבענען פון ירושלים, כדי איבערצוגיין צום שונא.

און די רוימער האָבן דערווייל אינגאַנצן געשוויגן. אין זיין לאַגער אין קסריה האָט וועספּאַסיאַן זיך גוט צוגעקוקט צו דעם גאַנג פון די אַלע מעשים, וואָס טוען זיך אָפּ אין דער יהודהשער הויפּטשטאָט. ער האָט זיך אָבער געהאלטן גאַנץ רואיק, און נישט געמאַכט קיין טריט אויף אָפּצושטעלן די בירגער־מלחמה אין ירושלים. זיינע מיליטערישע יועצים האָבן אים געראַטן, צוצוטרעטן וואָס גיכער צו דער באַלאַגערונג פון דער יהודהשער הויפּט־שטאָט, און אויסנוצן די אינעווייניקסטע מהומות. אויף דעם האָט זיי געענטפערט דער פאָרזיכטיקער קריגס־פירער, אַז ער געפינט פאַר איבעריק אָנצופאַלן אויף מענטשן אין דער צייט, ווען זיי אַליין קוילענען זיך אויס איינער דעם אַנדערן. אין דעם משך פון גאַנצן ווינטער האָט דעריבער וועספּאַסיאַן זיין מחנה אינגאַנצן געלאָזט רואיק, און ערשט אין אָנהויב פרילינג האָט ער אָנגעהויבן זיך צו באַוועגן און דאָס אויך נישט קיין ירושלים, נאָר אויף דעם וועג צו פּערעאַ. דאָ האָט זיך פונדאָסניי פאַנאַנדערגעקאָכט אַ בלוטיקע שלאַכט, און ווידער האָבן טויזנטער יהודהער פאַרלוירן זייערע לעבנס. ביז פופצן טויזנט זיינען געוואָרן געטויט מיטן שווערד, איבער צוויי טויזנט זיינען געוואָרן גע־

פאַנגען, און אַן אומגעהויערע צאָל אַנטלאָפענע זיינען מיט די שטראָמען פון ירדן געוואָרן פאַרטראָגן אין ים המלח.

אין דער צייט האָט אַן אַנדער טייל פון וועספּאַסיאַנס מחנה איינגענומען די איבעריקע פונקטן פון צפון־יהודה. די וועגן צו דער יהודה־שער הויפּט־שטאָט זיינען שוין בכן כמעט אַלע געווען באַזעצט מיט רוימישע גאַרניזאָנען, און וועספּאַסיאַן האָט אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו דער באַלאַגערונג פון ירושלים. באַלד האָט ער ווידער געמוזט אָפּשטעלן די דאָזיקע אונטערנעמונג, צוליב די אָפּטע אומרואיקע ידיעות, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען פון רוים. נאָך נעראָנס טויט (68) האָט זיך דאָס גאַנצע רוימישע מלוכה־לעבן שטאַרק פונאַנדערגעטרייסלט. אויף דעם רוימישן טראָן האָט זיך אַוועקגעזעצט דער מוראדיקער גאַלבאַ, און אין דער קריטישער צייט, ווען יעדער טאָג האָט געקענט ברענגען אַ נייע איבערקערעניש, האָט וועספּאַסיאַן נישט געפונען פאַר פּאַסנדיק, צוצוטרעטן צו דער באַלאַגערונג פון ירושלים. ער האָט געוואַרט אויף נייע אינסטרוקציעס און האָט צו דעם צוועק אַוועקגעשיקט קיין רוים זיין זון, טיטוסן, מיט אַגריפּוסן. די שלוחים האָבן אָבער, נאָך אונטערוועגס, זיך דערוואוסט, אַז גאַלבאַ איז געוואָרן געטויט (5־טן יאַנואַר 69) און זיין פּלאַץ האָבן פאַרנומען די צווי אויסגעוויילטע פון די מערב־לעגיאָנען, אָטאָ און וויטעליוס.

אָט דער פאַקט האָט אַרויסגערופן ביי טיטוסן דעם געדאַנק וועגן די מזרח־לעגיאָנען אונטער דער אָנפירונג פון זיין פאָטער, וועלכע קענען דאָך אַרויסשטעלן זייערן אַן אייגענעם קאַנדידאַט, — און ער האָט זיך שנעל אומגעקערט צום פאָטער. וועספּאַסיאַן האָט אין אָנהויב געהאַט קעגן זיך דעם פאַרוואַלטער פון סיריע מוציאַנוס, און דעם עגיפּטישן שטאַטהאַלטער טיבעריוס אַלעקסאַנדער. מוציאַנוסן, איז אָבער טיטוסן מיט פאַרשידענע מיטלען געלונגען, צו געווינען פאַרן פאָטער, און דער משומד טיבעריוס האָט זיך אויך גאַנץ לייכט געלאָזן איבעררעדן פון דער יהודהשער פּרינצעסין בערעניקאַ, וועלכע האָט זיך גערעכנט אַפּיציעל פאַר טיטוסעס קומענדיקער פרוי. דער פּלאַן האָט זיך, אויף אַזאַ אופן, פולשטענדיק איינגעגעבן: טיבעריוס האָט גלייך גענומען אַ שבועה פון זיינע לעגיאָנען, אַז זיי וועלן דינען טריי דעם קייסער וועספּאַסיאַן, און נאָך איידער האָבן פאַר וועספּאַסיאַנען געשוואוירן אויך די סירישע

און יהודהשע לעגיאָנען. אונטער דער צייט איז וויטעליוס געטויט געוואָרן; דאָס האָט וועספּאַסיאַנען נאָך מער פריי געמאַכט דעם וועג צום רוימישן טראָן, און ער איז אַוועק קיין איטאַליע און איבערגעגעבן זיין זון, טיטוסן, די אויפגאַבע, צו פאַרניכטן דעם לעצטן ווינקל פון דעם יהודהשן אויפשטאַנד.

ירושלים האָט דאָ גאָר אומדערוואַרט פאַרדינט פון די פּאָליטישע סכסוכים גאַנצע צוויי יאָר; זי האָט אָבער די דאָזיקע צייט אויסגענוצט נישט פאַר זיך, נאָר פאַרן שונא. אין ירושלים איז פון טאָג צו טאָג געוואַקסן די שרעקלעכסטע אַנאַרכיע, און צו די פריערדיקע בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן די דעמאָקראַטישע פירער און דער אַריסטאָקראַטיע, זיינען איצט צוגעקומען די ביטערסטע אַרומרייסענישן און שלעגערייען צווישן די דעמאָקראַטישע פירער גופא. אַרויסגערופן אָט די שלעגערייען האָט דער קריגעריש־ווילדער שמעון בר גיורא. זיין קריגערישע נאַטור האָט זיך לאַנג נישט געקאָנט באַפרידיקן מיט די קליינלעכע אָנפאַלן און מיט דער פאַסיווער ראָליע צווישן די סיקאַריער פון מסדה. ער האָט דעריבער נאָר אָפּגעוואַרט די גינסטיקע געלעגנהייט, וואָס זאָל אים געבן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אַקטיוו, זעלבסטשטענדיק און אין ברייטן מאַסשטאַב, און נאָך דער מפּלה פון די אַריסטאָקראַטן אין ירושלים, האָט ער זיך ערנסט גענומען צו דער דאָזיקער אויפגאַבע; ער האָט פאַרלאָזן די פעסטונג און אָנגעהויבן צונויפזאַמלען אַרום זיך אַ מחנה פון פרייוויליקע באַוואָפנטע קעמפער, און אין אַ משך פון עטלעכע חדשים האָט שוין אָט די מחנה געציילט ביז צוואַנציק טויזנט מאַן. איצט האָט זיך אים שוין קיינער נישט געקענט שטעלן אין וועג, און די רוימישע גאַרניזאָנען אפילו האָבן אים אויך געמוזט אָפּטרעטן עטלעכע פון זייערע איינגענומענע פונקטן אַרום ירושלים (אדום, חברון און נאָך עטלעכע קלענערע פּאָזיציעס). די זעלאָטן אין ירושלים האָבן זיך אָבער דערשראָקן פאַר דעם העלדישן בר גיורא מיט זיין מחנה, און זיי האָבן אָנגעווענדעט פאַרשידענע מיטלען, כדי אים אָפּצושטויסן וואָס ווייטער פון דער הויפּטשטאָט און אים אונטערצוּוואַרפן זייערע פאַראָרדענונגען. צו דעם צוועק האָבן זיי אפילו איין מאָל געפּרואווט כאַפּן שמעונס ווייב, ווייל זיי האָבן געגלויבט אַז ער וועט זיך זיי אונטערגעבן און מסכים זיין אויף אַלע זייערע פאָדערונגען. דאָס איז אָבער געווען

אַ פאַלשער חשבון: שמעון בר גיורא איז נישט געגאַנגען זיך בעטן, מען זאָל באַפרייען זיין ווייב, זיין פייערדיקער צאָרן האָט אים נישט גע־מאַכט ווייך, נאָר פאַרווילדעט און צערייצט. ער האָט זיך, ווי אַ פאַר־וואונדעטער לייב, אַרויפגעוואָרפן אויף דער גאַנצער אומגעגנט פון ירו־שלים און אַזוי לאַנג פאַרשפּרייט אַרום זיך טויט, פּיין און צעשטערונג, ביז די שטאַרקערע האָבן זיך געזען געצוואונגען, אים נאָכצוגעבן: זיי האָבן באַפרייט די געפאַנגענע פרוי. בר גיורא איז נאָך דעם געוואָרן אַביסל רואיקער; אים האָט זיך שוין אָבער געוואָלט איצט דורכאויס אַריינקומען קיין ירושלים און שפּילן דאָרט אַן אָנגעזעענע — אויב נישט די אָנגעזעענסטע — ראָלע, ווי דער העלדישסטער אָנפירער פון דער גרעסטער מחנה. ער האָט דעריבער טאָג און נאַכט געלויערט פאַר די טויערן פון דער הויפּטשטאָט, כדי זיך ווי ס׳איז אַריינצוקריגן אַהין, און באַלד זיינען אים די איבערגעבליבענע אַריסטאָקראַטן פון אינעווייני־ניק געקומען צו הילף. די לעצטע האָבן נאָך דעם טעראָריסטישן אויפ־שטאַנד פון די דעמאָקראַטישע זעלאָטן אויפגעהערט צו עקזיסטירן ווי אַן עפנטלעכע פּאַרטיי מיט אַ באַשטימטער ריכטונג; שטילערהייט האָבן זיי אָבער נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן קעגן דער דיקטאַטור פון די זע־לאָטישע אָנפירער, און מיט דער צייט האָבן זיי ווידער באַקומען אויף זייער זייט אַ גרויסע צאָל אָנהענגער פון דער אומצופרידענער און אָנגע־שראָקענער באַפעלקערונג. בראש פון דער דאָזיקער פאַרשווערונג איז גע־שטאַנען דער אַראָפּגעזעצטער כהן גדול מתתיהו, און נאָך דעם ווי עס איז געקומען צו אַן אָפענעם צוזאַמענשטויס צווישן די אומצופרידענע אַריס־טאָקראַטן און די זעלאָטן, און די ערשטע האָבן זיך געפונען אין אַ פאַר־צווייפלטער לאַגע, איז מתתיהו אַליין אַוועק צו דעם אויפגערייצטן בר גיורא און האָט אים אַריינגעפירט אין שטאָט (69).

און דאָ האָט זיך איצט צעפלאַקערט די בלוטיקע בירגער־מלחמה אין איר העסלעכסטער געשטאַלט. שמעון האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אין די צוויי זעלאָטישע אָנפירער — אלעזר בן שמעון און יוחנן פון גוש־חלב — און ווערן דער איינציקער בעל הבית איבער גאַנץ ירושלים. און אין דער זעלביקער צייט האָבן אָט די צוויי זעלאָטישע אָנפירער אויך נישט אויפ־געהערט זיך ארומצורייסן. זיי האָבן נישט געקענט איינטיילן צווישן זיך די פירערשאַפט. ירושלים האָט אויף אַזאַ אופן געהאַט פאַר דער באַלאַ־

גערונג גאַנצע דריי אָפּגעזונדערטע מחנות מיט באַזונדערע אָנפירער, וועל־כע האָבן כסדר געקעמפט איינע קעגן דער אַנדערער און, זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אָפּגעשוואַכט די אַלגעמיינע פאַרטיידיקונגס־קראַפט פון דעם גאַנצן גאַרניזאָן. צוויי טויזנט מעסיקע זעלאָטן זיינען געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון אלעזר בן שמעון; די גלילשע מער ראַדיקאַלע און מער פייערדיקע פּאַטריאָטן, אין אַ צאָל פון זעקס טויזנט מאַן, האָבן זיך פעסט געהאַלטן ביי זייער פירער יוחנן פון גוש־חלב, און בר גיורא האָט געהאַט אַ מחנה פון זעכצן טויזנט מאַן, צווישן זיי די סיקאַריער־באַנדע און די אדומער. אָט די דריי דיקטאַטאָרן־אָנפירער האָבן זיך כסדר געאַמפּערט וועגן די איינפלוס־ספערן פון דער האַלב־באַלאַגערטער הויפּטשטאָט און אַזוי זיינען צוויי יאָר אַריבער אין אומאויפהערלעכע אַרומרייסענישן און ברידער־מלחמות. די רוימער האָבן אַלץ ענגער און ענגער צוזאַמענגעצויגן דעם קרייז ארום ירושלים, און קיין איינע פון די אינעווייניקסטע מחנות האָט נישט געפּרואווט זיך אַרויסרייסן פון שטאָט און שטערן די רוימער אין זייערע מיליטערישע אָפּעראַציעס. זיי האָבן מורא געהאַט נישט פאַר דעם אויסווייניקסטן געמיינזאַמען שונא, וואָס האָט צו יענער צייט געאַר־בעט גאַנץ נאַכלעסיק, נאָר פאַר דעם וואָס דערווייל וועט אַן אַנדער אָנ־פירער פאַרכאַפּן אַ שטיקל פון דער אויסגעקעמפטער „מלוכה". און דאָס איז נאָך נישט געווען דאָס שרעקלעכסטע; ערגער איז געווען דאָס, וואָס אין דעם בלוטיקן קאַמף צווישן איין מחנה און דער אַנדערער, זיינען חרוב געוואָרן גאַנצע קוואַרטאַלן פון שטאָט, און איינער פון די דאָזיקע קורצ־זיכטיקע פּאַטריאָטישע פירער האָט זיך אַפילו דערלויבט אונטערצוצינדן די גרויסע שפּייכלערס מיט פּראָוויאַנט, וואָס האָבן געזאָלט שיצן די באַ־לאַגערטע שטאָט פון הונגער.

די אינעווייניקסטע אַרומרייסענישן זיינען געוואָרן אַביסל שוואַכער ערשט אין די לעצטע טעג פאַר דער באַלאַגערונג. דער שאָטן פון דעם רוי־מישן פאַנצער האָט אויפגעוועקט די פאַרשיכורטע ערגייציקע פירער און האָט זיי דערמאָנט אין זייערע אַלגעמיינע פליכטן — אין דעם אַלגעמיינעם שונא, קעגן וועלכן זיי מוזן אַרויסטרעטן מיט געמיינזאַמע כוחות. אלעזר בן שמעונס מחנה האָט זיך איצט פאַראייניקט מיט דער מחנה פון די גלילער און די איינציקע אָנפירער פון דעם גאַנצן גאַרניזאָן זיינען געבליבן יוחנן פון גוש־חלב און שמעון בר גיורא.

און די הכנות צו דער באַלאַגערונג זיינען געוואָרן אַלץ שטורעמדי־קער און אייליקער. עס האָט געהייסן, אַז די רוימער לויערן שוין גאַנצע פיר יאָר אויף דער רעוואָלוציאָנערער יהודהשער הויפּטשטאָט און קענען זי נישט בייקומען — אַזאַ פלעק אויף דער מיליטערישער טעטיקייט פון דעם ניי־באַשטימטן קייסער האָט נישט געקענט בלייבן לענגער. טיטוס, דער איצטיקער יורש עצר, האָט דעריבער צוזאַמענגענומען אַלע כוחות, כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף צו מאַכן מיט דער פאַרשלעפּטער מלחמה. ער האָט צוזאַמענגעצויגן אַרום ירושלים גאַנצע אַכציק טויזנט סאָלדאַטן מיט אַן אומגעהייערער צאָל שליידער־מאַשינעס, און איז צוגע־טראָטן צו דער באַלאַגערונג — ער האָט געהאט אַרום זיך אַ גאַנצן שטאַט פון יידישע פאַררעטער, ווי יועצים און נאָענטע מיטהעלפער. אַגריפּוס דער צווייטער האָט צוגעשטעלט טיטוסן אַ באַדייטנדיקע מחנה און האָט זיך עטלעכע מאָל געווענדעט צו דער באַפעלקערונג פון ירושלים מיט דעם פאָרשלאָג, זיך אונטערצוגעבן; טיבעריוס אַלעקסאַנדער, דער געשמדטער צורר היהודים, איז געווען טיטוסעס רעכטע האַנט און דער פאַקטישער פירער פון דער גאַנצער באַלאַגערונג; די יהודהשע פרינצעסן בערעניקאַ איז געוואַקסן צוזאַמען מיט טיטוסן און יעדער נצחון פון איר געליבטן איז געווען אויך איר נצחון; און ענדלעך דער גלילשער פאַררעטער יוסף בן מתתיהו, וועלכער איז געוואָרן טיטוסעס וועגווייזער און האָט זיך אָפּן דערקלערט פאַר אַן אָנהענגער פון דער רוימישער הערשאַפט אין יהודה. פון דעם דאָזיקן יידישן שטאַב אין טיטוסעס לאַגער האָבן ,באַטירלעך, נישט אַלע מיטגלידער רעאַגירט אין דער זעלביקער מאָס אויף דער דער־שיינונג פון יהודהס אונטערגאַנג; פאַרראַטען זייער פאָלק האָבן זיי אָבער אַלע, און פאַרן היסטאָריקער בלייבט צו פאַרצייכענען דעם טרויעריקן פאַקט, אַז אין דעם טויט־קלאַפּ, וואָס יהודה האָט באַקומען פון טיטוסעס האַנט, האָבן אָט די יידן געהאט אַ שטאַרקן חלק.

די פאַקטישע באַלאַגערונג פון ירושלים האָט זיך אָנגעהויבן אַרום פּסח־צייט אין זיבעציקסטן יאָר. טיטוס האָט צוזאַמענגענומען זיינע מחנות אויף דעם שטח סקאָפּוס, און פון דאַנען האָט ער אויפגעפאָדערט די באַ־לאַגערטע, אים צו עפענען די טויערן פון שטאָט; ער האָט דערביי פאַר־לאַנגט פון די איינוואוינער נישט קיין סך : סך הכל נאָר דאָס, זיי זאָלן אנערקענען די רוימישע אויבערהערשאַפט און אַריינטראָגן אין אוצר פון

דער מלוכה די געפֿאָדערטע שטייערן — ווי עס האָט זיך געפֿירט פֿאַרן אויפֿשטאַנד. די מוטיקע זעלאָטן האָבן אָבער אויף דעם פֿאַרשלאָג געקענט ענטפֿערן נאָר מיט אַ טיפֿער פֿאַראַכטונג. זיי האָבן איינמאָל געשוואוירן, צו פֿאַרטיידיקן די הויפּטשטאָט ביז דער לעצטער מינוט, צו קעמפֿן פֿאַר איר אויף לעבן און טויט, און דער שונא האָט זיי נישט געקענט פֿאַרפֿירן מיט קיין הבטחות. דאַן האָט טיטוס זיך גענומען ערנסט צו דער באַלאַגערונגס־אַרבעט, און באַלד איז אים אויסגעקומען זיך צו איבער־צייגן, אַז די אונטערנעמונג וועט אים נישט לייכט אָנקומען. ווי אַלע באַ־לאַגערער פֿון ירושלים פֿאַר אים, האָט אויך טיטוס פֿאַרוועגדעט דעם גרעסטן טייל פֿון זיינע כוחות אויף דער צפֿון־זייט פֿון שטאָט, וואָס איז פֿון דער נאַטור געוועזן צוגענגלעכער און אָפֿענער, כאָטש זי האָט געהאַט גאַנצע דריי פֿעסטונג־ווענט, אין דער צייט, ווען די איבעריקע זייטן האָבן געהאַט נאָר צו איינע; און דאָ איז געשען, אַז ווען טיטוס האָט געוואָלט גענויער באַטראַכטן די דאָזיקע ווענט, און איז צוגעקומען מיט זיין סוויטע זייער נאָענט צו דער שטאָט, האָט זיך, גאָר אומדערוואַרטעט ארויפֿגע־וואָרפֿן אויף אים אַן אָפּטיילונג פֿון יהודהשע קעמפֿער און האָט אים שיער נישט אָפּגעריסן פֿון זיין לאַגער. טיטוס האָט זיך דאַן קוים מיטן לעבן געראַטעוועט אויף זיין פֿלינקן פֿערד און דערצו האָבן זיינע באַגלייטער אים פֿאַרשטעלט פֿון אַלע זייטן. זיי האָבן געוואוסט ווי גרויס און שרעק־לעך עס וואָלט געווען די חרפּה, ווען זייער פֿירער וואָלט גלייך דעם ערשטן טאָג געוואָרן געפֿאַנגען פֿון די רעוואָלוציאָנערן. אַזאַ פּלוצלינגן איבערפֿאַל האָבן די יהודהשע קעמפֿער באַוויזן צו מאַכן אויך אויף צו־מאָרגנס; ווען דער צענטער רוימישער לעגיאָן איז געווען שטאַרק באַ־שעפֿטיקט מיטן אויפֿשטעלן זיין לאַגער אויפֿן אייל־באַרג, האָט זיך אַרויס־געריסען פֿון שטאָט אַ באַדייטנדיקע אָפּטיילונג און איז מיט אַזאַ אימפּעט באַפֿאַלן די רוימישע סאָלדאַטן, אַז זיי זיינען געצוואונגען געווען צו אַנט־לויפֿן און האָבן איבערגעלאָזן הינטער זיך אַ מאַסע געהרגעטע און פֿאַר־וואונדעטע.

נאָך דעם אַלעמען האָט זיך אָבער די רוימער פֿאַרט איינגעגעבן צו באַלאַגערן ירושלים פֿון דריי זייטן און אָנצושטעלן זייערע שליידער־מאַ־שינעס אַנטקעגן די אויסוויינקסטע מויער־ווענט. די מאַשינעס זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף ערד־וואַלן, וועלכע האָבן געגרייכט ביז צו

דער הויך פון די מויערן, און פון דאַנען האָט זיך אָנגעהויבן שיטן אויף די פעסטונגס־ווענט אַ האָגל פון גרויסע שטיינער און „טאַראַנעס״ (שטורעם־אייזנס). די ערד האָט זיך געטרייסלט פון די שטורעמדיגע קלעפּ און די מאַסיווע ווענט האָבן זיך דערוויייל נאָך געהאלטן פעסט, זיך נישט גע־טרייסלט און נישט געצאַפּלט זיך, און מיט קיין איינציקן ריר זיך נישט אָפּגערופן. דערפאַר האָבן אָבער נישט געשוויגן די לעבעדיקע באַשיצער פון די דאָזיקע ווענט. ווי נאָר די רוימער האָבן אַוועקגעשטעלט זייערע באַלאַגערונגס־כלים, האָבן זיך די יהודהער אַרויסגעריסן פון שטאָט און זיי אונטערגעצונדן, באַפאַלנדיק די סאָלדאַטן און זיי געצוואונגען צו אַנט־לויפן; דערצו האָבן די באַלאַגערטע אויך געהאט אַ גרויסע צאָל שליידער־מאַשינעס (פון די, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט ביי גאַלוסן) און זיי האָבן דאָס איצט גלענצנדיק אויסגענוצט. זיי האָבן אויך כסדר געשליידערט פון זייע־רע ווענט שטיינער, פיילן און פאַרשידענע אַנדערע ברענענדיקע מאַטע־ריאַלן, און די רוימער האָבן דערפון שטאַרק געליטן.

די קעגנזייטיקע באַמבאַרדירונג האָט זיך געצויגן איבער צוויי וואָכן און ענדלעך איז די רוימער דאָך געלונגען אָפּצושטופּן די באַלאַגערטע פון דער אויסווייניקסטער וואַנט (ז׳ אייר 70). דערנאָך האָט זיך פונאַנדער־געפלאַקערט אַ היציקע מלחמה איבער דער צווייטער מויער־וואַנט, וואָס טיטוס האָט באַפוילן איינצונעמען גלייך מיטן שטורעם. דאָ האָבן ביידע זייטן אַרויסגעוויזן אומגעוויינלעכע גבורות. גאַנצע טעג זיינען ביידע מחנות געשטאַנען אונטער אַ מבול פון שטיינער, און די נעכט זיינען אַריבער אין שרעק פאַר דעם קומענדיקן טאָג. דער גאַנצער גאַרניזאָן האָט זיך שטענדיק געפונען אונטער געווער, און ביי דעם ערשטן שטראַל פון פרימאָרגן זיינען שוין אַלע געשטאַנען גרייט צום קאַמף. די רוימער אַליין זיינען אויך דערשטוינט געוואָרן פון דער יהודהשער העלדישקייט, און נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין סוף כל סוף געהאט אויסגעקעמפט די צווייטע וואַנט, האָבן זיך די יהודהער ווידער אַרויפגעוואָרפן אויף זיי מיט אַן אומגעוויינלעכער פאַרצווייפלונג, און זיי פאַרטריבן צוריק, ביי וואָס די רוימער האָבן נאָך אַמאָל פאַרלוירן אַ גרויסע צאָל טויטע און פאַרוואונ־דעטע. דער קאַמף איבער דער צווייטער וואַנט האָט זיך דעריבער געמוזט אָנהויבן פון דאָס ניי, און איצט ערשט האָבן די רוימער באַוויזן זי איינ־צונעמען און זיך צו באַפעסטיקן אין דער דערבייאיקער פאָרשטאָט ביצתא.

דערמיט האָט אָבער די רעכטע מלחמה ערשט אָנגעהויבן. די רוימער האָבן איצט געהאַט איינצונעמען די באַפעסטיקטע אויבערשטאָט און דעם פּאַלאַץ אַנטאָניוס; צו דעם צוועק האָבן זיי אויפגעשיט פיר הויכע וואַלן און אויפגעשטעלט אויף זיי די גרעסטע שטורעם־מאַשינעס. זיי האָבן געאַרבעט דערביי גאַנצע זיבעצן טאָג אָן אָן אויפהער, אונטער דעם מבול פון יידישע פיילן און שטיינער; און נאָכדעם, ווי די גאַנצע אַרבעט איז שוין געווען געענדיקט, האָט זיך יוחנן פון גוש־חלב מיט אַ קליינער אָפּ־טיילונג קעמפער אַרויסגעריסן פון שטאָט דורך אַן אונטערערדישן גאַנג און צוקומענדיק ביז די וואַלן, האָט ער אונטערגעצונדן די מאַשינעס. מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן דאָס זעלביקע געטון דריי איינציקע העלדן פון בר גיוראס מחנה און האָבן פאַרברענט די איבעריקע אָנגעשטעלטע באַ־לאַגערונגס־כלים. דאָס אַלץ האָט שטאַרק דענערווירט דעם אומגעדולדיקן טיטוסן, און ער האָט נאָך אַמאָל געפּרואווט איבעררעדן די באַלאַגערטע, זיי זאָלן זיך אים אונטערגעבן. ער האָט געשיקט צו זיי ווי אַ שליח דעם באַרימטן גלילשן העלד, יוספן. דער לעצטער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ בערגל אַנטקעגן דער שטאָט־וואַנט, און האָט איינגערעדט די באַ־לאַגערטע, זיי זאָלן אָפּשטעלן דעם עקשנותדיקן ווידערשטאַנד, וואָס וועט נאָר איינשלינגען אַ מאַסע קרבנות און נישט ברענגען קיין נוצן; זיין רעדע האָט אָבער געווירקט גאַנץ ווייניק. ער אַליין דערציילט (אין זיין יידישער געשיכטע), אַז די באַלאַגערטע האָבן זיך אָפּגערופן אויף זיין פאָרשלאָג מיט פיינטלעכע אויסגעשרייען און שטיינער, און אַנדערש קען מען זיך באמת נישט פאָרשטעלן דעם פאַקט. די מוטיקע פּאַטריאָטן האָבן נאָר געזען פאַר זיך צוויי וועגן: זיגן אָדער אומקומען. און וואָס זיי האָבן צו דערוואַרטן פון די רוימער, האָט זיי טיטוס געוויזן באַלד אין אָנהויב פון דער באַלאַגערונג. ער האָט געלאָזט קרייציקן גאַנצע פינף הונדערט מאַן פון די געפאַנגענע, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן צו אים אין לאַגער, און אַ גרויסע צאָל פון זיי געלאָזן אַריינוואַרפן צוריק אין שטאָט מיט אָפּגעהאַקטע הענט און פיס. די פירער פון דער באַלאַגערטער שטאָט האָבן פונדעסטוועגן מורא געהאַט, טאָמער וועט עמיצן איינפאַלן זיך אַרויסצורייסן פון דער באַלאַגערונג, און זיי האָבן, אונטער דער געפאַר פון טויט־שטראָף, פאַר־באָטן אַריבערצוטרעטן די מויערן פון שטאָט. שמעון בר גיורא האָט אַפילו געלאָזט אויספירן די דאָזיקע שטראָף איבער אַ גאַנצער גרופּע בעלי בתים,

אויף וועלכע ס׳איז געפאַלן אַ חשד, אַז זיי ווילן זיך אַרויסגנבענען פון דער באַלאַגערונג, און צווישן זיי האָט זיך געפונען אויך דער, וואָס האָט אים אַליין אַריינגעלאָזט אין שטאָט — דער געוועזענער כהן גדול מתתיהו בן טעאָפיל.

אָט די אַלע העלדישע אַרויסטרעטונגען פון די באַלאַגערטע פּאַט־ריאָטן, האָבן געצוואונגען טיטוסן צו ענדערן אין גאַנצן זיין פּלאַן פון דער באַלאַגערונג. ער האָט זיך מיאש געווען פון דער האָפענונג, איינצונעמען די יהודהשע הויפּטשטאָט מיט שטורעם, און האָט באַשלאָסן אָנצואווענדן אַ לאַנג־דויערנדיקע פּאַסיווע בלאָקאַדע, וואָס וועט סיסטעמאַטיש אויס־הונגערן די באַלאַגערטע און ברענגען זיי דערצו, אַז זיי וועלן זיך אַליין מוזן אונטערגעבן, אויב זיי וועלן נישט אויסשטאַרבן אַלע פון הונגער און פּיין. די רוימער האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט אַ פרישן מוט און אין אַ משך פון עטלעכע טעג איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער שטיינערנער וואַל ארום דער גאַנצער שטאָט, וואָס האָט געהאַט אין זיין אומפאַנג איבער זיבן קילאָמעטער. אויף דעם וואַל זיינען אָוועקגעשטעלט געוואָרן דרייצן וואַך־טורעמס מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געמאַכט אומ־מעגלעך אַריינצוגנבענען אין שטאָט אַפילו דאָס מינדעסטע. קעגן דער אונטערנעמונג זיינען די באַלאַגערטע גאָר נישט געווען בכוח אויפצוטון, און די טרויעריקע פאָלגן דערפון האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אַרויסצעווייזן. ביי דער אומגעהייערער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך צו יענער צייט גע־פונען אין דער פאַרשלאָסענער שטאָט (איבער אַ האַלבן מיליאָן) זיינען די אָנגעזאַמלטע שפּייז־מאַגאַזינען באַלד געוואָרן ליידיק, און דער שרעקלע־כער הונגער האָט מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט זיינע שוואַרצע שאָטנס איבער די פון שרעק און פּיין פאַרחושכטע פּנימער. אין אָנהויב זיינען די קרבנות געווען בלויז פון די אָרעמע קלאַסן, ביסלעכווייז אָבער האָט זיך דער משחית פאַרקליבן אויך אין די רייכע הייזער און אַפילו אין די רייען פון מיליטער. בלאַסע, זיך קוים וואַקלענדיקע, געשוואָ־לענע שאָטנס פון מענטשן האָבן, ווי טויטע רוחות, אָנגעפילט די גאַסן פון ירושלים, און מיטן הונגער איז געקומען אויך די טעמפּע אכזריות. מוטערס האָבן זייערע אייגענע זויג־קינדער געגעסן, טויטע קערפּערס האָבן זיך גע־וואַלגערט אין די גאַסן, און קיינער האָט זיך נישט געוואָלט באַמיען זיי צו באַגראָבן; דער טויט האָט אויפגעהערט צו שרעקן — מ׳האָט אויף אים

געוואָרט. די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויסער בית־עולם, וואו ס'האָבן שטיל זיך באַוואויגן אַהין און אַהער פינצטערע געשפּענסטער. און די רוימער האָבן אָנגעקוואָלן און זיך געריייצט פון דער ווייטנס, געוויזן גאַנצע הויפנס שפּייז, פרוכט... דאָס האָט אַ סך פון די באַלאַגערטע פאַר־שיכורט און זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער מתים־שטאָט — אַהין, צו די גליקלעכע, זאַטע; דאָרט האָט זיי אָבער אויך דער טויט נישט אָפּ־געלאָזן: אַ סך זיינען געבליבן ליגן מיטן ערשטן ביסן אין מויל, און די איבעריקע זיינען געוואָרן געטויט פון די רוימישע סאָלדאַטן. צווישן די לעצטע האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די יידן האָבן איינגעשלונגען אַ סאַך גאָלדענע מטבעות, כדי זיי אויף אַזאַ אופן צו באַהאַלטן פון די רוימישע הענט; די סאָלדאַטן האָבן דעריבער איצט געכאַפּט יעדן געפאַנ־גענעם יידן און אים אויפגעשניטן דעם בויך, און געזוכט דאָרטן די גאָל־דענע רענדלעך.

נישט גערעכנט זיך מיטן הונגער האָבן נאָך די קעמפנדיקע זעלאָטן, פאַרביטערט אָבער נישט פאַרצאָגט, פאַרגיפטעט פון הונגער און צאָרן, אָבער נישט אָפּהענטיק, זיינען אָט די פאַטריאָטישע העלדן פעסט און מו־טיק געשטאַנען אויף זייערע פּאָסטנס, גרייט אומצוקומען פאַרן פאָטער־לאַנד, גרייט צו קוקן דעם שרעקלעכסטן טויט גלייך אין פּנים אַריין. זיי האָבן כסדר געשטערט די רוימער אין זייערע אונטערנעמונגען, און טיטוס האָט גאַנצע איין און צוואַנציק טעג געמוזט פירן אַ בלוטיקן קאַמף מיט די הונגעריקע פאַטריאָטן, ביז ס'איז אים געלונגען אויפצושיטן אַ נייעם וואַל אַנטקעגן דעם פּאַלאַץ אַנטאָניוס. יוחנן האָט איצט אויך געפּרואווט אונ־טערצינדן די אַרויפגעשטעלטע באַלאַגערונגס־מאַשינעס; דאָס מאָל האָט זיך אים אָבער דער אויפטו נישט איינגעגעבן, און די רוימער האָבן אַזוי לאַנג באַשטורעמט די אויסווייניקסטע מויער־וואַנט פון פּאַלאַץ, ביז זי האָט זיך ענדלעך אונטערגעגעבן און איז איינגעפאַלן. ווי פאַרציטערט זיי־נען אָבער די רוימער געוואָרן, ווען זיי האָבן הינטער דער איינגענומענער וואַנט דערזען נאָך איינע, אַ נייע, אַ פעסטע! דאָס האָט יוחנן אויף גיך געלאָזן אויפשטעלן אין דער צייט, ווען זיי האָבן באַשאָסן די ערשטע, און איצט האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ נייער קאַמף. די רוימער זיינען באַפאַלן די יהודהשע וואַך ביינאַכט, זיי זיינען אָבער אָפּגעשטויסן געוואָרן פון דער לעצטער מיט גרויסע פאַרלוסטן. דאַן זיינען זיי געקומען אַ דריטן

מאָל מיט פרישע און טאָפּלטע כוחות, און דאָ האָבן זיי געזיגט: זיי זיינען געבליבן די בעלי בתים פון אַנטאָניוסן און יוחנן האָט געמוזט אָפּטרעטן (ה׳ תמוז 70). די רוימער האָבן אַפילו געפּרואווט נאָכיאָגן די זעלאָטן מיט זייער העלדישן אָנפירער; יוחנן האָט זיך אָבער גלייך באַפעסטיקט אין דעם בית המקדש הויף און די רוימער האָבן זיך אומגעקערט מיט גאָרנישט.

באַפעסטיקט אין דעם איינגענומענעם באַסטיאָן פון בית המקדש, האָט טיטוס נאָך אַמאָל געפּרואווט זיך ווענדן צו דער באַפעלקערונג מיט דעם פאָרשלאָג, זיך אונטערצוגעבן. ער האָט געגלויבט, אַז איצט, ביי דער שרעקלעכער לאַגע פון די איינוואוינער, און נאָך דעם, ווי ער האלט שוין אין זיינע הענט דעם שליסל צום צענטער פון דער גאַנצער באַוועגונג, צום בית המקדש, — אַז איצט וועט שוין קיינער ביי זיך נישט פועלן, צו בלייבן ביי דער רעוואָלוציאָנערער עקשנות, און די באַפעלקערונג וועט נאָר זיין צופרידן מיט דער געלעגנהייט, וואָס ער גיט איר, זיך אויסצובעטן בעסערע באַדינגונגען. ער האָט אָבער געהאַט אַ שטאַרקן טעות; די פינצטערע שאָטנס האָבן געקלערט וועגן טויט און וועגן אַלע יסורים פון דער וועלט, נאָר נישט וועגן אונטערגעבן זיך. אויף דעם פאָרשלאג פון טיטוסעס שליח, פון יוספן, האָט יוחנן געענטפערט שאַרף, אַז גאָטס שטאָט קען נישט אונ־טערגיין און איר גורל ליגט נאָר ביי אים אין די הענט. דערביי האָט ער אַליין אויך נישט גערוט און געטון אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך געווען צו טון ביי די באַדינגונגען, כדי צו דערהאלטן דעם לעבנס־נערוו פון דער אומה. טיטוס האָט געלאָזט צעשמעטערן דעם גאַנצן אַנטאָניום־פּאַלאַץ (פון אים זיינען געבליבן נאָר די מערב־טורעמס), כדי צו האָבן אַ פרייען וועג צום הר־הבית; דער הויף פון בית המקדש איז אָבער געווען גוט באַפעס־טיקט, און דערצו האָט זיך די התלהבות פון די קעמפנדיקע פּאַטריאָטן וואָס וייטער אַלץ שטאַרקער פונאַנדערגעקאָכט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די מאַסן צעפּוילטע הונגער־קרבנות האָבן אַרויסגערופן אויך אַ מגפה און די גאַנצע שטאָט האָט זיך געפונען אין אַ מוראדיקן תהום פון אומ־מענטשלעכע יסורים און גרויזאַמקייטן. די רוימער אַליין זיינען אויך נשתומם געוואָרן פון דעם יידישן העלדנמוט, פון דער פּאַטריאָטיש־רעלי־גיעזער התלהבות, און עס זיינען אַפילו געווען פאַקטן, אַז סאָלדאָטן פון דעם רוימישן לאַגער האָבן פאַרלאָזן זייערע פאָנען און זייער גלויבן, און

זיינען איבערגעגאַנגען צו די הונגעריקע און ליידנדיקע, צו די העלדישע יידישע מאַרטירער.

אונטער דער צייט האָט טיטוס געמאַכט אַלע צוגרייטונגען צו דער באָמבאַרדירונג פון בית־המקדש. דער הייליקער נאַציאָנאַלער טעמפּל איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוויינלעכער פעסטונג, און פון זיבעצנטן תמוז (שבעה עשר בתמוז) אָן האָט מען אויפגעהערט מקריב צו זיין דעם טעגלעכן קרבן (קרבן תמיד), ווייל עס זיינען נישט געווען נישט קיין כהנים און נישט קיין קרבנות. אויף די פעסטע מויער־ווענט ארום דעם גאַנצן בית־המקדש־הויף זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן די אַלע שליידער־מאַשי־נעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם יידישן לאַגער נאָך פון דעם ערשטן נצחון איבער די רוימער, און דאָס האָט טיטוסן ווידער איבערצייגט, אַז ער וועט נאָך מוזן דורכמאַכן אַ שווערן קאַמף, ביז אים וועט זיך איינגעבן צו פאַרניכטן דעם דאָזיקן קוואַל פון דער יידישער באַגייסטערטער האָפע־נונג. אַן אָפּטיילונג פון געקליבענע העלדישע סאָלדאַטן האָט געפּרואווט באַפאַלן ביינאַכט די יידישע פעסטונגס־וואַך, כדי זיך אַזוי ארום אַריינ־צוקריגן אינעווייניק. דאָס איז איר אָבער נישט געלונגען און זי איז גע־וואָרן אָפּגעשלאָגן. דאַן האָט זיך טיטוס ווידער גענומען פאַר דעם אַלטן אויסגעפּרואווטן מיטל: אויפשיטן וואַלן. צו דעם צוועק האָבן די רוימער געמוזט ברענגעןביימער פון אַ ווייטן וואַלד, ווייל אַלע ביימער ארום ירושלים זיינען שוין לאַנג געווען אויסגעהאַקט, און די אַרבעט איז צור־געגאַנגען גאַנץ געלאַסן. איין מאָל האָבן די באַלאַגערטע פּאַטריאָטן, וועל־כע האָבן זיך צוגעקוקט צו די אַלע פאָרבארייטונגען, אָפּגענאַרט די רוימער און זיי צוגעגרייט אַ שרעקלעכע הריגה. זיי האָבן זיך געמאַכט אַזוי, ווי זיי וואָלטן פאַרלאָזן די מערב־גאַלעריעס און זיך צוריקציען טיפער אין הויף אַריין, און אין דער זעלביקער צייט האָבן זיי אָנגעפילט דעם גאַנצן שטח אונטער די גאַלעריעס מיט האָלץ, סמאָלע און אַנדערע ברען־מאַטע־ריאַלן. די רוימער האָבן געזען אַ געלעגנהייט, צו פאַרכאַפּן אַ גוטע פּאָ־זיציע, און האָבן זיך גלייך אַרויפגעכאַפּט אויפן דאַך פון דער אָפּגעליי־דיקטער גאַלעריע. דאָס האָבן די אַפּטריאָטן אויסגענוצט און אונטערגע־צונדן דעם ברענענדיקן מאַטעריאַל פון אונטן; דער דאַך איז איינגעפאַלן און צוזאַמען מיט אים זיינען מאַסן פון די רוימער פאַרזונקען געוואָרן אין דעם ברענענדיקן תהום.

די אַרבעט אין דעם רוימישן לאַגער האָט זיך אָבער נישט אָפּגע־שטעלט, און ענדלעך איז זיי געלונגען אויפצושיטן די וואַלן אַנטקעגן די אויסווייניקסטע בית־המקדש־ווענט. פון דעמאָלט אָן האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַשטורעמען די מאַסיווע שטיינערנע מויערן מיט אַ האָגל פון מוראַ־דיקע טאַראַנעס. גאַנצע זעקס טעג אָן אַן אויפהער האָבן די רוימישע שליי־דער־מאַשינעס נישט אויפגעהערט ארויסצושפּייען פון זיך טויט און פייער; די פעסטע מויער־ווענט האָבן אָבער דעם שטורעם אויסגעהאלטן און זיך נישט גערירט פון אָרט. דאַן האָט טיטוס זיך אַנטשלאָסן אויף אַ לייכטערן און מער געפערלעכן שריט; ער האָט געלאָזט אונטערצינדן די הילצערנע טויערן פון דער אויסווייניקסטער וואַנט, וועלכע זיינען געווען באַדעקט מיט זילבער. אין דער היץ פון די מוראדיקע פלאַמען איז דאָס זילבער געוואָרן צעגאָסן און דאָס פייער האָט ארומגעכאַפּט די גאַנצע ריי פון די אינעווייניקסטע גאַלעריעס און די איבעריקע דערבייאיקע געביידעס. נאָכדעם האָט טיטוס באַפוילן צו לעשן דאָס פייער, און צו מאַכן פאַר די לעגיאָנען אַ פרייען וועג צו דעם אינעווייניקסטן הויף פון בית המקדש, וואו די באַלאַגערטע האָבן זיך איצט צוריקגעצויגן. (ח׳ אב).

צוגלייך מיט דעם באַפעל האָט טיטוס געלאָזן צונויפרופן אַ קריגס־ראַט, כדי צו באַשליסן די פראַגע וועגן דעם, וואָס עס זאָל זיין מיטן בית המקדש. עטלעכע האָבן געראַטן, אין גאַנצן צו פאַרניכטן דעם דאָזיקן נעסט פון אַלע יידישע אויפשטאַנדן און אומרוען, און דאַקעגן האָבן אַנדערע זיך איינגעשטעלט — צווישן די איז געווען אויך טיבעריוס אַלעקסאַנדער און טיטוס אַליין — פאַר דעם פּרעכטיקן טעמפּל, וואָס האָט צו זיך כמעט נישט געהאט קיין גלייכן, און געראטען, אים צו שוינען מיט אַלע מעג־לעכקייטן. און די לעצטע מיינונג האָט געזיגט: עס איז אָנגענומען גע־וואָרן דער באַשלוס, איינצונעמען דעם בית המקדש, נאָר אים נישט צו צעשטערן. אויסגעלאָזן האָט זיך אָבער די זאַך אין דער ווירקלעכקייט גאַנץ אַנדערש; די יידישע באַלאַגערטע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דעם אינעווייניקסטן הויף און מיט אַן אומגעווייגלעכער פאַרצווייפלונג זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער אויסווייניקסטער רוימישער וואַך; די עלצטע האָבן דאַן געכאַפּט די ברענענדיקע האָלץ־באַלקנס פון די זיך רויכערנדיקע גאַלעריעס און זיי אַריינגעוואָרפן, דורך דעם אַזוי גערופענעם גאָלדענעם פענצטער, אין איינעם פון די אינעווייניקסטע עזרות. פון דער עזרה האָט

זיך דאָס פייער גלייך איבערגעטראָגן אויף אין די איבעריקע, און באַלד איז די גאַנצע געביידע געשטאַנען אין פלאַמען (10 אב 70). עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע מהומה. טיטוס איז געקומען צולויפן מיט זיין מחנה און האָט באַפוילן צו לעשן דאָס פייער; זיינע ווערטער זיינען אָבער פאַרטויבט געוואָרן אין דעם אַלגעמיינעם שטורעם. די צערייצטע סאָלדאַטן האָבן זיך צעשפּרייט איבער אַלע זייטן און אָן אויפהער געצונדן, דער־שטאָכן, דערשטיקט און גערויבט... טיטוס אַליין האָט זיך געוואָלט זען די אינעווייניקסטע שיינקייט פון בית־המקדש, און ער איז אַריין אין קדשי קדשים; אַ שטיקנדיקער רויך־וואָלקן האָט אים אָבער באַלד אַרויסגעטריבן פון דאָרטן.

דערווייל האָבן זיך די קעמפנדיקע פּאַטריאָטן צוזאַמענגענומען, און אויף די ברענענדיקע חורבות פון דעם הייליקן טעמפּל האָט זיך אָפּגעשפּילט עפּעס מוראדיקעס, פאַנטאַסטישעס. די נצחון־אויסגעשרייען פון די רוימער, די ווייַ־קלאָגערייען פון די אומגליקלעכע יהודהער ביים אָנבליק פון דעם שרעקלעכן חורבן, דאָס קנאַלן פון די פלאַמען, — אַלץ האָט זיך צוזאַמענ־געגאָסן אין איין מוראדיק־ווילדן גערויש, וואָס האָט די ערד ציטערן גע־מאַכט און, צוזאַמען מיט דעם רויטן פייער־ים, וויַיט איבער בערג און טאָלן פונאַנדערגעטראָגן דעם ווידערקול פון דער טרויעריקער בשורה, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, אַז די לעצטע שעה פון יהודהס זעלבסטשטענדיקייט האָט געשלאָגן. מאַסן יהודהער האָבן נישט געוואָלט איבערלעבן גאָטס הויז און האָבן זיך אַליין אַרייַנגעוואָרפן אין די פלאַמען; טויזנטער מענער, ווייבער און קינדער האָבן זיך צונויפגעפּרעסט אין איינער פון די דרום־גאַלעריעס, געשטיצט אויף די צעפלאַמטע האָפענונגען פון געוויסע נביאים, וואָס האָבן פאַרזיכערט, אַז אָט איצט וועט די ישועה קומען און גראָד אין דער שרעקלעכער מינוט וועט גאָט באַווייזן זיין וואונדער. לאַנג האָבן זיי אָבער מיט דער האָפענונג זיך נישט געקענט שפּילן: די רוימער האָבן אויף די גאַלעריע אונטערגעצונדן און די אַלע הימל־טרוימער זיינען אומ־געקומען. די פלאַמען האָבן ביסלעכווייז איינגעשלונגען דעם גאַנצן בית־המקדש, און עס זיינען געבליבן פון אים נאָר דער פונדאַמענט און עטלעכע מויער־חורבות אין דער מערב־זייט —, שוואַרצע, שטומע עדות פון דער געוועזענער שיינקייט און דעם מוראדיקן חורבן.

מערערע כהנים האָבן זיך אַרויפגעקריגן אויף די געבליבענע מויער־

טיילן אויבן און דאָרט אויסגעהאַלטן עטלעכע טעג; ענדלעך אָבער האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן, און ווען זיי האָבן געפּרואווט בעטן רחמים ביי טיטוסן, האָט ער געענטפערט, אַז „ערלעכע טעמפּל־דינער דאַרפן אומקומען צוזאַמען מיטן טעמפּל”, און געלאָזט זיי טייטן. די רוימישע סאָלדאַטן האָבן אויפן מזבח מקריב געווען קרבנות צו זייערע געטער, זיי האָבן אַריינגעזעצט זייערע פענער אין דעם באַדן פון בית־המקדש און האָבן געקרוינט טיטוסן מיט דעם ערן־טיטל אימפּעראַטאָר. דערפאַר האָט ער איבערגעגעבן אין זייער רשות די אַלע איינגענומענע געביטן, און זיי האָבן באַרויבט, צעשטערט און פאַרברענט די שטאָט־טיילן אקרא און אופל. די געביידע פון שטאָט־ראַט און דעם אַרכיוו און אויך די גאַנצע אונטערשטאָט.

די מלחמה האָט זיך אָבער מיט דעם אַלעמען נאָך נישט געענדיקט. בעת דער לעצטער מהומה אין בית־המקדש האָט זיך אַ גאַנצע גרופּע קעמפער דורכגעריסן דורך די רייען פון די רוימישע סאָלדאַטן; אין דער גרופּע האָט זיך געפונען אויך דער הויפּט־אָנפירער פון דעם גאַנצן בית־המקדש־גאַרניזאָן, יוחנן פון גוש־חלב, און זיי אַלע האָבן זיך דערשלאָגן ביז דער אויבערשטאָט, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין דער מאַכט פון שמעון בר גיורא. דאָ האָבן זיך די פאַרבליבענע פּאַטריאָטן ווידער באַפעסטיקט, און זיי וואָלטן זיך נאָר אפשר געקענט האַלטן אַ געוויסע צייט, נאָר אַזוי ווי זיי האָט אויסגעפּעלט פּראָוויאַנט און די באַפעלקערונג האָט שוין אויך געהאַט פאַרלוירן יעדע שפּור פון האָפענונג אויף אַ גליקלעכן אויסגאַנג פון דעם ווידערשטאַנד, — האָבן די ביידע פירער, שמעון און יוחנן, דערקלערט טיטוסן, אַז זיי זיינען גרייט אים פריי אַריינלאָזן אין דער אויבערשטאָט, אויב ער וועט זיי אַרויסלאָזן מיטן געווער, ווייל זיי האָבן איין מאָל געשוואוירן, נישט אַרויסצולאָזן דאָס געווער פון האַנט ביז זייער לעצטן אָטעם־צוג. טיטוס האָט דעם פאָרשלאַג נישט אָנגענומען און האָט געפאָדערט ,זיי זאָלן זיך אים גלייך אונטערגעבן אָן שום באַדינגונגען. דאַן האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען איבערגעריסן און דער קאַמף האָט זיך ווידער פונאַנדערגעפלאַקערט. די רוימער האָבן אָנגעהויבן אויפצושיטן בייגע וואַלן אַנטקעגן דעם געוועזענעם הורדוס־פּאַלאַץ, וואו די פּאַטריאָטן האָבן זיך איצט באַפעסטיקט, און אָט די אַרבעט האָט ביי זיי געדויערט גאַנצע אַכצן טעג. אין דער צייט האָבן די אדומער פון שמעונס

מחנה שטילערהייט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט טיטוסן וועגן אונ־טערגעבן זיך. דאָס האָט די פּאַטריאָטן שטאַרק אויפגעקאָכט, און זיי האָבן די אַדומער באַשטראָפט אכזריותדיק; די אַלגעמיינע לאַגע האָט זיך אָבער דערמיט נישט פאַרבעסערט. דער הונגער און די אַלע איבערגעלעבטע אָנ־שטרענגונגען האָבן ענדלעך אַרויסגעוויזן זייער ווירקונג, און די באַלאַגער־טע האָבן זיך נישט געפילט מער בכוח, אָפּצושלאָגן דעם שטורעם פון די רוימישע שליידער־מאַשינעס. די רוימער האָבן דאָן ביסלעכווייז איינגע־נומען די טורעמס פון פּאַלאַץ (אלול 70), און נאָך דעם זיינען זיי שוין געוואָרן די בעלי בתים פון דער גאַנצער אויבערשטאָט (ציון). דאָ האָבן זיך ווידער אָפּגעשפּילט די שוידערהאַפטיקע סצענעס פון ברענען, רויבן און טייטן, כאָטש די גאַנצע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען בלויז פון אויס־געפייניקטע און פאַרחושכטע שאָטנס, און עס זיינען פאָרגעקומען פאַלן, אַז ווען זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין אַ יידישן הויף, כדי צו רויבן און צו מאָרדן, האָבן זיך די צעבושעוועטע סאָלדאַטן אָנגעשטויסן אין גאַנצע הויפנס טויטע און געשוואָלענע — קרבנות פון הונגער. די מויערן פון דעם שטאָט־טייל זיינען אַלע פאַרברענט געוואָרן, און פון דעם פּאַלאַץ האָט טיטוס איבערגעלאָזן נאָר די דריי טורעמס היפּיקאָס, פּאַזאַעל און מרים, זיי זאָלן דערציילן די קומענדיקע דורות פון זיין גלענצנדיקן נצחון.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די פינף־חדשימדיקע באַלאַגערונג פון דער יהודהשער הויפּטשטאָט, — די באַלאַגערונג, וואָס האָט איינגעשלונגען הונדערטער טויזנטער לעבנס און באַגראָבן דעם לעצטן שפּור פון יהודהס פּאָליטישן מהות, אונטער אַ הויפן פון ברענענדיקע חורבות. די טויזנטער געפאַנגענע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין קסריה, כדי פון דאָרטן זיי פונאַנדערצעטיילן ווי צוואַנגס־אַרבעטער, שקלאַפן אָדער אָקסן־קעמפער. די איבערגעבליבענע זעלאָטן זיינען טיילווייז געוואָרן געטייט און די מער שייכע און געזונטערע פון זיי, זיינען געוואָרן באַשטימט פאַר טיטוסעס טריאומף־צוג. צווישן די לעצטן האָבן זיך געפונען אויך דיביידע העל־דישע אָנפירער, יוחנן און שמעון, וועלכע האָבן זיך אַליין איבערגעגעבן אין די הענט פון די רוימער.

און נאָך אַלץ איז די דראַמע נישט געווען געענדיקט. עס זיינען נאָך געבליבן דריי קלענערע פעסטונגען אין יידישע הענט: העראָדיוס, מכרה און מסדה. מיט זיי האָט זיך שוין אָבער טיטוס אַליין נישט באַשעפטיקט.

נאָך דעם אונטערגאַנג פון ירושלים האָט טיטוס געדעכנט זיין מיסיע פאַר געענדיקט, און ער איז מיט דעם גרעסטן טייל פון זיינע לעגיאָנען אַוועק קיין קסריה; פון דאָרטן האָט אים אַגריפּוס איינגעלאַדן צו זיך, קיין קסריה־פיליפּי, און דאָ איז דער „קעניג" פון די באַזיגטע אַזוי ווייט פאַרגאַנגען אין זיין שמחה לכבוד דעם גרויסן זיגער, אַז ער האָט געלאָזן איינאָרדענען אַ גאַנצע ריי לוסטיקע פאָרשטעלונגען און גלאַדיאַטאָר־שפּילן, ביי וועלכע די געפאַנגענע יהודהער האָבן געמוזט אַרויסטרעטן ווי קעמפער מיט צערייצטע אָקסן און אַנדערע ווילדע חיות און, נאַטירלעך, אומקומען דער־ביי אין ביטערע יסורים אונטער שאַנד און שפּאָט. אַזעלכע גלאַדיאַטאָר־„פאַרוויילונגען" האָט טיטוס איינגעאָרדנט פאַר די רוימער אויך אין קסריה, וואו גאַנצע צוויי טויזנט פינף הונדערט יהודהשע געפאַנגענע זיינען אומגעקומען אין קאַמף מיט די צערייצטע חיות און דאָס זעלביקע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויך אין בעריטוס. דאָ האָט טיטוס געלאָזט איינ־אָרדענען אַ גרויסאַרטיקע פייערונג לכבוד דעם געבורטסטאָג פון זיין פאָ־טער, דעם קייסער וועספּאַסיאַן, און ווידער איז די אַרענע באַפאַרבט גע־וואָרן מיטן בלוט פון די יידישע געפאַנגענע.

אָט די אַלע פייערונגען מיט יידישע קרבנות האָבן זיך געצויגן כמעט אויף טיטוסעס גאַנצן וועג פון ירושלים ביז רוים, ד"ה דורך גאַנץ סיריע און עגיפּטן. דער אמתער יום־טוב האָט זיך אָבער אָנגעהויבן ערשט אין רוים גופא. דאָ איז פאָרגעקומען די גרויסע טריאומף־פּראָצעסיע לכבוד וועספּאַסיאַנען מיט זיינע צוויי זין: טיטוס און דאָמיציאַן, און אין דעם יום־טוב האָט זיך באַטייליקט גאַנץ רוים. די פייערלעכע פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ ריי פון זיבן הונדערט אויסגעקליבענע שיינע יהודהשע געפאַנגענע, מיט די צוויי באַרימטע אָנפירער, יוחנן און שמעון בראש. דאַן ווייטער האָט מען פאַר די זיגער געטראָגן די קריגס־טראָפייען, צווישן וועלכע עס האָבן אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגן די גאָל־דענע כלים פון בית־המקדש (דער גאָלדענער טיש, די גאָלדענע מנורה) און אַ ספר תורה. אַזוי איז די פּראָצעסיע צוגעקומען ביז דעם קאַפּיטאָ־לישן יופּיטער־טעמפּל, און דאָ האָט, לויט דעם אָנגענומענעם מנהג, גע־דאַרפט אויסגעפירט ווערן די שטראָף איבער דעם אָנפירער פון די באַ־זיגטע. פון דער ריי געפאַנגענע איז דאַן אַרויסגעפירט געוואָרן שמעון בר גיורא; אים האָט מען אָנגעטון אַ שטריק אויפן האַלדז, און אים אַזוי גע־

פירט איבער די גאַסן ביז דעם פּאַרטעאישן פּעלדזן, און אים פון דאָרטן אַראָפּגעשליידערט. דער צווייטער אָנפירער, יוחנן פון גוש־חלב, איז פאַרמשפּט געוואָרן צו אייביקער געפענגעניש. אין דער פּראָצעסיע, ווי אַ טריאומפאַטאָר, האָט זיך באַטייליקט אויך דער פאַקטישער פירער און זיגער פון דער איצטיקער מלחמה — טיבעריוס אַלעקסאַנדער, און ער האָט אויך באַקומען אַ סטאַטוע אויף דעם רוימישן פאָרום. דער דאָזיקער טריאומף האָט זיך בכלל אויסגעצייכנט מיט אַן אומגעוויינלעכער פייער־לעכקייט — דאָס פאָלק האָט זיך טיף געפרייט מיט דעם נצחון איבער דעם האַרטנעקיקן שונא, און האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ גליקלעך געשעעניש אין זיין לעבן. אויף דעם שפּעטער אויפגעשטעלטן טריאומף־טויער לכבוד טיטוסן האָבן זיך געפונען רעליעף־בילדער פון דער יהודהשער מלחמה און פון בית־המקדש טראָפייען, און ביז אַ צייט לאַנג נאָך דעם האָבן די רוי־מער געלאָזט אויסגיסן אַפילו מטבעות פון גאָלד, זילבער און קופּער צום אָנדענק פון דעם גרויסן נצחון איבער יהודה. אויף די מטבעות איז די אומגליקלעכע מלכות־יהודה פאָרגעשטעלט געוואָרן אין דעם בילד פון אַ פרוי, וואָס זיצט אַ פאַרצווייפלטע אונטער אַ פּאַלמע, מיט פאַרבונדענע הענט, און אויף דער צווייטער זייט האָט זיך געפונען אַן אויפשריפט: „די באַזיגטע יהודה" „יודעאַ דעוויקטאַ" אָדער „די געפאַנגענע יהודה" „יודעאַ קאַפּטאַ". די רעליקוויעס פון בית המקדש האָבן זיך אַ לאַנגע צייט געפונען אין דעם פרידנס־טעמפּל און די ספר תורה — אין קייסערלעכן פּאַלאַץ; אין דעם פאַרלויף פון די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער זיינען אָבער אָט די אוצרות אָוועקגעפירט געוואָרן אין אַנדערע לענדער, און היינט ווייסט מען נישט, וואו זיי געפינען זיך. דאַקעגן האָט זיך נאָך דערהאַלטן אין רוים ביז היינטיקן טאָג טיטוסעס טריאומף־בויגן מיט די בילדער פון די דאָזיקע אַנטיקן, און עס ווערט דערציילט, אַז די יידן אין רוים האָבן אין דעם משך פון אַ סך הונדערטער יאָרן אויסגעמיטן אָט דעם פּלאַץ — דעם טרויעריקן מאָנומענט פון יהודהס אונטערגאַנג.

און די דריי זייטיקע פעסטונגען האָבן זיך נאָך דערווייל אַלץ געפונען אין יידישע הענט; באַלד האָט אָבער געשלאָגן זייער לעצטע שעה. צו פאַרוואַלטן איבער די געבליבענע חורבות פון יהודה האָט וועספּאַסיאַן געשיקט איינעם מיטן נאָמען באַסוס, און ער האָט באַקומען דעם באַפעל, איינצונעמען די דאָזיקע עטלעכע באַזעצטע פּונקטן, וואוהין עס זיינען זיך

צונויפגעלאָפן די אַלע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון ירושלים. באַסוס האָט צוזאַמענגענומען אַ באַדייטנדיקע מיליטערישע קראַפט, און האָט זיך געפּרואווט ווענדן צו די באַלאַגערטע, זיי זאָלן זיך אים אונטערגעבן. אויף דעם האָט זיך אָפּגערופן נאָר דער גאַרניזאָן פון הורדיה, וועלכער האָט גלייך קאַפּיטולירט. שווערער איז די רוימער אָנגעקומען צו ווערן די בעלי בתים פון מכור, פון יענער זייט ירדן. די דאָזיקע נאָך פון אַלעקסאַנדער ינאי אויפגעשטעלטע באַרג־פעסטונג איז געווען פון אַלע זייטן אַרומ־גערינגלט מיט טיפע גראָבנס און שטאַרק משופּעדיקע צוגאַנגען, און דערצו איז דער גאַרניזאָן געווען גוט פאַרזאָרגט אויך מיט פּראָוויאַנט. די באַלאַגערטע, אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן העלד אלעזר, האָבן זיך דעריבער געפילט גאַנץ זיכער, און זיי האָבן געפּרואווט עטלעכע מאָל באַ־פאַלן די רוימער און זיי שטערן אין דער באַלאַגערונגס־אַרבעט. זיי האָבן שוין אָבער דערביי צופיל געוואַגט, און ווען דער העלדישער אָנפירער האָט זיך איין מאָל איינגעשטעלט צוצוגיין גאַנץ נאָענט צו דעם רוימישן לאַגער, איז איין רוימער געלונגען אים צו פאַנגען. די רוימער האָבן דאַן אַוועק־געשטעלט דעם יונגן העלד אַנטקעגן די פעסטונגס־ווענט מיט די באַלאַ־גערטע און אים שרעקלעך געפּייניקט, דערנאָך האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אויפן פּלאַץ אַ קרייץ און אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו קרייציקן אלעזרן. פון דעם אָנבליק זיינען די באַלאַגערטע טיף גערירט געוואָרן, און זיי האָבן געשיקט זאָגן, אַז זיי וועלן אָפּגעבן די פעסטונג, אויב מען וועט זיי אַרויס־געבן אלעזרן און צוזאַמען פריי לאָזן. באַסוס האָט די באַדינגונגען אָנגע־נומען און האָט ווירקלעך פריי געלאָזן די אַלע, וואָס האָבן קאַפּיטולירט. דערפאַר אָבער איז ער זיך באַגאַנגען אכזריותדיק מיט דעם איבעריקן טייל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. פון זיי האָט ער געטייט זיבעצן הונ־דערט מענער און בחורים און די פרויען און קינדער פאַרקויפט פאַר שקלאַפן.

פון מכרה האָבן זיך די רוימישע סאָלדאַטן אַוועקגעלאָזט צו אַ גע־וויסן וואַלד ביים ירדן. דאָ האָבן זיך די גאַנצע צייט אויפגעהאַלטן אַרום דריי טויזנט זעלאָטן אונטער דער אָנפירונג פון יהודה בן יאיר, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון ירושלים דורך אַן אונטערערדישן אַרויס־גאַנג, און צו זיי זיינען איצט צוגעגאַנגען אַ סך אַנטלאָפענע אויך פון מכרה. די רוימער האָבן אַרומגערינגלט דעם גאַנצן וואַלד, און נאָך אַ בײ־

טערן קאַמף זיינען כמעט אַלע אַנטלאָפענע אומגעקומען אָדער געוואָרן געפאַנגען. די דריטע פעסטונג, מסדה, איז שוין באַסוסן נישט באַשערט געווען איינצונעמען; ער איז אין גיכן געשטאָרבן, און די שווערע אויפ־גאַבע איז געבליבן פאַר זיין פאַרטרעטער, סילוואַ.

מסדה איז געווען אַ באַרג־פעסטונג ביים ברעג פון טויטן ים (ים המלח), וואָס איז געווען נאָך מער נישט צוגענגלעך, ווי מכרה. דער שטאַרק משופּעדיקער פעלדזן, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען די פעסטונג, האָט געהאַט בלויז צוויי טרעפּ, וואָס ס'איז מעגלעך געווען צו שטעלן אויף זיי אַ פוס, און דאָס אויך מיט געפאַר. דער גאַרניזאָן איז באַשטאַנען פון טויזנט זעלאָטן שוין מיט ווייבער און קינדער, אונטער דער קאָמאַנדע פון אלעזר בן יאיר (אַ לעצטער אוראייניקל פון דעם באַרימטן יהודה הגלילי, דעם גרינדער פון דער זעלאָטישער מחנה), און שפּייז מיט געווער האָבן זיי געהאַט גענוג. דאָס אַלץ איז אָבער ווייניק געווען אַנטקעגן דער אומ־געהייערער מחנה פון די רוימישע סאָלדאַטן מיט זייערע ריזיקע פעסטונגס־מאַשינעס. סילוואַ האָט אַרומגערינגלט די גאַנצע פעסטונג מיט אַ הויכן וואַל און פון דאַנען האָט ער נישט אויפגעהערט זי צו באַשטורעמען מיט זיינע מוראדיקע טאַראַנעס. ווען די דאָזיקע מעכטיקע קלעפּ האָבן ענדלעך פונאַנדערגעטרייסלט די אויסווייניקסטע מויער־וואַנט, האָבן די באַלאַ־גערטע אויף גיך אויפגעשטעלט אַ צווייטע, אָנפילנדיק דעם חלל צווישן דיביידע ווענט מיט האָלץ און ערד. די דאָזיקע האָלץ־טיילן האָבן זיך פון דעם רוימישן פייער אָנגעצונדן און אין גיכן האָט זיך אויך די צווייטע וואַנט אונטערגעגעבן. די רוימער האָבן זיך שוין געקליבן אַריינצורייסן אין שטאָט און צו פייערן דאָרטן זייער נצחון מיט די געוויינלעכע שחיטות און רציחות איבער די באַזיגטע; די לעצטע האָבן דאָס אָבער פאַראויס־געזען, און דער העלדישער אָנפירער האָט באַשלאָסן ,נישט צו פאַרשאַפן דעם בלוטיקן שונא אָט דעם פאַרגעניגן. ער האָט זיך געווענדעט צו אַלע באַלאַגערטע און זיי איבערצייגט, אַז איידער אַריינצופאַלן צו די רוימער אין די הענט, איז שוין בעסער זיך אַליין דעם צו מאַכן דעם טויט. אויף דעם פאַרשלאַג האָבן איינגעשטימט אַלע און דעם ערשטן טאָג פסח אין דריי און זיבעציקסטן יאָר, האָט זיך אָפּגעשפּילט דער רירנדיקער פינאַל פון דער גרויסער טראַגעדיע: די מענער האָבן אויסגעקוילעט זייערע ווייבער און קינדער און דערנאָך — איינער דעם אַנדערן. די רוימער זיינען

אויף צומאָרגנס אַריין אין דער פעסטונג מסדה, גרייט צו באַגעגענען אַ פאַרביטערטן ווידערשטאַנד; ווי דערשטוינט זיינען זיי אָבער געוואָרן, ווען זיי האָבן דערזען פאַר זיך — דעם טויט. די שטילקייט האָט זיי געשראָקן און זיי האָבן געפּראוואווט רופן, זוכן, טאָמער וועט זיך עמיצער אָפּגעפינען. דאַן זיינען אַרויסגעקומען צוויי פרויען מיט פינף קליינע קינדער — די איינציקע לעבעדיקע עדות פון דער נעכטיקער שרעקלעכער סצענע. דאָס איז געווען דער סוף פון די לעצטע זעלאָטן אויף דער יהודהשער ערד, און דערמיט האָט זיך בכלל געענדיקט דער העלדישער קאַמף פון דער קליינער יהודה פאַר איר פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט.

יהודה איז נישט בלויז באַזיגט, — זי איז אויך געוואָרן האַלב פאַרוויסט. זי האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן ווי אַ באַזונדער לאַנד מיט אַ באַזונדער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. וועספּאַסיאַן האָט דערקלערט די גאַנצע איינגענומענע מדינה פאַר אַן אייגנטום פון דער קייסערלעכער פאַמיליע און האָט פאַרקויפט, אַוועקגעשאָנקען און פאַרדונגען גרויסע שטיקער ערד פאַרשידענע רוימישע און גריכישע קאָלאָניסטן. און דאָס איז נאָך פאַר אים געווען ווייניק — ער האָט אַלע יידן פון דער רוימישער אימפּעריע געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אויפשטאַנד אין יהודה. דער אָפּצאָל פון צוויי דראַכמעס, וואָס די יידן פון אַלע לענדער פלעגן ביז אַהער שיקן קיין ירושלים פאַרן בית־המקדש, האָט פון איצט אָן געמוזט געשיקט ווערן קיין רוים פאַרן קאַפּיטאָלישן יופּיטער־טעמפּל, און נישט ווי אַ נדבה, נאָר ווי אַ צוואַנגס־שטייער, וואָס פלעגט אויפגעמאָנט ווערן מיט דער גרעסטער אכזריות. אין יהודה זיינען איבערגעבליבן נאָר גאַנץ קליינע, שיטערע יידישע ישובים, און דאָקעגן איז גאַנץ פאָדער־אַזיע געוואָרן פאַרפלייצט מיט די ניין הונדערט טויזנט יידישע נפשות, וואָס זיינען געוואָרן געפאַנגען אין דעם משך פון דער גאַנצער מלחמה, און זיינען געווען אַ זייער ביליק מענטשן־מאַטעריאַל, אין דער געשטאַלט פון שקלאַפן און פּיין־אַרבעטער. איידעלע יידישע פרויען און קינדער זיינען טויזנטערווייז געוואָרן פאַרקויפט פון שקלאַפן־הענדלער אין ווייטע, פרעמדע לענדער — דאָס האָט, ווי אַ לעבעדיק רייסנדיקע וואונד, כסדר געוועקט אין פאָלק דעם אָנדענק פון זיין חורבן און געגעבן שטאָף זיין פאַנטאַזיע, אויסצוועבן פאַרשידענע רירנדיקע מעשות. עס איז באַקאַנט, למשל, די ווייטערדיקע טרויעריקע לעגענדע: „ס'איז געווען אַ מעשה ביי דעם זון מיט

דער טאָכטער פֿון ר׳ ישמעאל בן אלישע, וועלכע זיינען פֿאַרקויפֿט געוואָרן צו צוויי הערן. אַמאָל האָבן זיי זיך ביידע צוזאַמענגעטראָפֿן אין איין אָרט. האָט איינער געזאָגט: איך האָב אַ שקלאַף, וואָס צו זיין שיינקייט איז נישטאָ קיין גלייכן אין דער גאַנצער וועלט; און דער אַנדערער זאָגט: איך האָב אַ שקלאַפֿן, וואָס צו איר שיינקייט איז נישטאָ קיין גלייכן אין דער גאַנצער וועלט. האָבן זיי געזאָגט: לאָמיר זיי ביידע חתונה מאַכן און זיך צעטיילן מיט די קינדער; און זיין האָבן אַריינגעבראַכט די געפֿאַנגענע אין איין חדר. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין איין ווינקל און זי — אין אַנדערן ווינקל. ער האָט געקלאָגט: איך, אַ כהן, אַ זון פֿון כהנים גדולים, זאָל נעמען אַ שקלאַפֿן, און זי קלאָגט: איך אַ כהנטע, אַ טאָכטער פֿון כהנים גדולים, זאָל נעמען אַ שקלאַף. אַזוי האָבן זיי אָפּגעוויינט אַ גאַנצע נאַכט, און ווען ס׳איז אויפֿגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן, האָבן זיי זיך דערקענט. זיינען זיי אַרויפֿגעפֿאַלן איינער דעם אַנדערן אויפֿן האַלדז און האָבן אַזוי לאַנג געוויינט, ביז די נשמה איז זיי אויסגעגאַנגען”.

אַזעלכע לעגענדעס וועגן „ישראלס קינדער, וואָס זיינען געפֿאַנגען געוואָרן צווישן די גויים”, זיינען פֿאַרהאַן אַ סך אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, און אַלע זיינען זיי דורכגעדרונגען מיט שטאַרק אַנטוויקלטער זעלבסט־אַכטונג — די פֿאַרוואָגלטע יידישע שקלאַפֿן פֿאַרלירן נישט דעם באַוואוסטזיין פֿון זייער יחוס, פֿון זייער גזע־שטאַלץ, אַפֿילו אין דער ווייטער געפֿאַנגענשאַפֿט, און נישט געקוקט אויף דער טרויעריקער לאַגע, אין וועלכער זיי געפֿינען זיך, היטן זיי דאָך אָפּ די ריינקייט פֿון זייער שטאַם און די אידעאַלע טראַדיציעס פֿון דער אומה.

# קאַפּיטל צען

## די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון קריסטנטום

די לעצטע צענדליקער יאָרן פון דער אַלטער און דאָס ערשטע האַל־בע יאָרהונדערט פון דער נייער עראָ זיינען געווען פאַר יהודה די אומ־רואיקסטע צייט אין איר לעבן. די גאַנצע אומה האָט זיך געזען שטיין אויף דער שוועל פון אונטערגאַנג, און דער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונגס־אינס־טינקט, וואָס האָט דערוואַכט אין איר מיט זיין גאַנצער קראַפט, האָט כסדר געהאַלטן דאָס לאַנד אין דעם צושטאַנד פון אַ שטאַרקן פּאָליטישן פיבער. דאָס אַלץ האָט געמוזט האָבן אַ ווירקונג אויף דער גייסטיקער פּראָ־דוקטיוויטעט פון פאָלק. די בעסטע זין פון יהודה האָבן שטענדיק געזען פאַר זיך נאָר די איינציקע אויפגאַבע: צו דערהאַלטן די גאַנצקייט פון דער אומה, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אפילו די ריין־גייסטיקע שאַ־פונגען פון די גאָר פּאַסיווע פּרושים, האָבן אויך געטראָגן אַ געזעלשאַפט־לעך־פּראַקטישן כאַראַקטער. די יידישע אידייען־וועלט איז נישט באַריי־כערט און אויך נישט פאַרטיפט געוואָרן; דערפאַר זיינען אָבער פאַר דער צייט צוגעקומען אין דער יידישער גאַס אַ רייע רעפאָרמעס, תקנות און סתם געזעלשאַפטלעכע איינפירונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע באַדיי־טונג פאַר דעם קיום פון דער אומה, ווי אַ געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע וואָס שטיצט זיך אויף גאַנץ באַזונדערע מאָראַלישע יסודות.

צוזאַמען מיט דער קורצער גליקלעכער הערשאַפט פון אַגריפּוס דעם ערשטן האָבן די פּרושים צוריק באַקומען זייער אַמאָליקן שטאַרקן איינ־פלוס אויף דעם גאַנג פונעם יידישן פאָלקס־לעבן, און דאָס האָט זיי אויך מער דערנענטערט צום פאָלק און צו זיינע אַלטעגלעכע אינטערעסן. אָנ־שטאָט צו זיין אין ישיבה איז דער גאַנצער קאָלעגיום פון די געלערנטע פּרושים צוריק אַריינגעטראָטן אין דער אָפיציעלער געזעצגעבנדער אינ־סטיטוציע פון לאַנד, אין סנהדרין, וואָס האָט צוריק באַקומען אין זיין מאַכט אַלע אָנגעלעגנהייטן פון דער אומה.

דער עָרשטער נשיא (פּאָרזיצנדער) פון דעם דאָזיקן באַנייטן סנהד־

רין איז געווען אַן אייניקל פונעם באַרימטן הלל הבבלי (פון בבל), גמליאל דער ערשטער, וועלכער האָט באַקומען אויך דעם טיטול רבן (רבי, לערער), און ווי ס'איז צו זען פונעם טאָן פון זיינע צירקולאַרן, האָבן אַלע יידישע קהלות אין די פאַרשיידענע לענדער שוין געהאַט דעמאָלט אָנערקענט דעם סנהדרין ווי די העכסטע אויטאָריטעט. רבן גמליאל שרייבט דורך דער פאַרמיטלונג פון זיין סעקרעטאַר יוחנן: „צו אונדזערע ברידער, די פאַר־טריבענע אין בבל, מדי, יאָניען און צו אַלע איבריקע פאַרטריבענע פון יש־ראל, שלום! מיר טוען אייך צו וויסן, אַז אַזוי ווי די שאָף פון דעם יאָר איז נאָך צאַרט, די טויבן זיינען נאָך נישט פליענדיק און דער פרילינג האָט זיך בכלל פאַרשפעטיקט, — איז מיר און מיינע חברים געפעלן, צו פאַרלענגערן דאָס לויפנדיקע יאָר מיט דרייסיק טעג״.

פון דעם דאָזיקן רבן גמליאל זיינען פאַרבליבן עטלעכע באַדייטנ־דיקע תקנות וועגן גטן און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע ענינים, וועלכע האָבן רעגולירט די עקאָנאָמישע און בירגערלעכע סכסוכים פון דער באַפעלקע־רונג (מפני תקון העולם). דורכגעדרונגען אינגאַנצן מיט דער אומגעוויינ־לעכער טאָלעראַנץ פון זיין גרויסן זיידן, האָט אויך רבן גמליאל אַרויסגע־געבן עטלעכע געזעצן מיט גרויסע הנחות פאַר די שכנישע געצנדינער. לויט איינעם פון די דאָזיקע געזעצן האָט מען די געצנדינערישע אָרימע לייט נישט געטאָרט פאַרווערן צו קלייבן אויף די פעלדער דאָס איבער־געבליבענע פון די תבואות צוזאַמען מיט די יידישע אָרימע לייט, און בכלל איז דעמאָלט געוואָרן איינגעפירט, אַז אין די שטעט מיט געמישטע באַפעלקערונגען, האָט די יידישע קהלה געזאָרגט פאַר די אָרימע געצנדי־נער, אַזוי גוט ווי פאַר די אָרימע יידן, באַהאַנדלט די קראַנקע געצנדינער, מלוה געווען זייערע טויטע, געטרייסט זייערע אבלים און אין אַלע וואויל־טעטיקע הינזיכטן זיי כמעט אינגאַנצן גלייכבאַרעכטיקט מיט די יידישע איינוואוינער. אין יענער גליקלעכער צייט זיינען די קעגנזייטיקע באַציאונ־גען צווישן די רוימער און יידן איבערהויפּט געווען זייער פריינטלעכע, און כדי צו דערהאַלטן די דאָזיקע פריינטלעכע באַציאונגען זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אָט די אַלע הומאַניטאַרע געזעצן (מפני דרכי שלום).

רבן גמליאלס נאָכפאָלגער איז געווען זיין זון רבי שמעון. ער האָט פאַרנומען דעם פאָסטן פון פופציקסטן ביזן אַכט און זעכציקסטן יאָר, דאָס הייסט ביז דער גרויסער נאַציאָנאַלער מלחמה, און זיין צייט איז שוין

נישט געווען אַזאַ גליקלעכע און אַזאַ פרידלעכע. איבער די פּאָליטישע אינטריגעס פון די רוימישע פּראָקוראַטאָרן, האָבן זיך צעפּלאַקערט בייביידע שכנישע באַפעלקערונגען די בלוטיקסטע אינסטינקטן פון שנאה און נקמה, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אָנשטאָט די אַמאָליקע טאָ־לעראַנטע און פּאַראייניקנדיקע תקנות, האָבן די גייסטיקע פירער פון דער אומה איצט ווידער געזוכט מיטלען, וואָס מער אָפּצוזונדערן די יידן פון דער אַרומיקער געצנדינערישער וועלט. עס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן צו דעם צוועק אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון געזעץ־געלערנטע, און זי האָט אויסגעאַרבעט אַכצן תקנות, וואָס האָבן דעם יידן אינגאַנצן אָפּגע־צוימט פון די היידען. לויט די תקנות האָט אַ ייד נישט געטאָרט לערנען די שפּראַך פון די געצנדינער, נישט אָננעמען קיין מתנה פון זיי פאַרן בית המקדש, נישט קויפן פון זיי קיין ברויט, אייל, וויין און נאָך אַזעלכע שפּייז־פּראָדוקטן. די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע שטרענגע נאָרמעס האָבן זיך געשטיצט נישט אַזוי ווייט אויף רעליגיעזער פרומקייט, ווי אויף דער פאַרביטערטער שנאה צו די געצנדינער פון די אולטראַ־זעלאָטישע שמאַי־טען (בית שמאי, אָנהענגער פון שמאיס שול), דאָקעגן זיינען אָבער די מעסיקע הלליטן (אָנהענגער פון הללס שול) שטאַרק אויפגעבראַכט גע־ווען איבער די שטרענגע אָפּזונדערונגס־געזעצן, און אין פאָלק האָט זיך דערציילט, אַז אויף דער דערמאָנטער ספּעציעלער באַראַטונג איז געקומען צו אַ בלוטיקן געשלעג, און די שמאַי־אָנהענגער האָבן דורכגעפירט זייערס מיט גוואַלד־מיטלען.

אין דער זעלביקער צייט און זייט ביי זייט מיט דער אָפיציעלער אינסטיטוציע פון לאַנד האָט זיך צוריק אָרגאַניזירט די אַמאָליקע ישיבה, וועלכער ס׳איז באַשערט געווען אין גאַנצן צו פאַרטרעטן ביי יידן דעם פּלאַץ פון סנהדרין אין דעם משך פון זייער גאַנצן קומענדיקן לעבן. אין דעם קילן שאָטן פון איינער פון די בית־המקדש־עזרות איז געזעסן אַ צווייט אייניקל פון דעם באַרימטן הלל, דעם אָנגעזעענסטן געזעץ־לערער פון יענ־נער צייט, ר׳ יוחנן בן זכאי, און האָט געלערנט תורה מיט זיינע תלמי־דים. אַליין אַ מילדע פּאַסיווע נאַטור (פון הללס אָנהענגער) און איבער־הויפּט נישט קיין מענטש פון קאַמף, האָט אָט דער גרויסער גייסט געזען און פאַרשטאַנען, אַז די אומה לעבט איצט איבער אַ מוראַדיקן קריזיס, און אויב זי וועט נישט פאַרזאָרגט ווערן באַצייטנס מיט אַ שטאַרקן לעבנס־

אינהאַלט, מיט אַ שטאַרקער גייסטיקער פאַרבינדונגס־קראַפט, וועט זי אונטערגיין און פאַרשוואונדן ווערן פון דער היסטאָרישער אַרענע. זיין איצטיקע אויפגאַבע איז דעריבער געווען, צו פאַרפאַנצערן די אומה און צוגרייטן פאַר איר די מעגלעכקייט פון אַ נייער גייסטיקער עקיזסטענץ.

אין די טעג — דערציילט די לעגענדע — ווען ירושלים איז געווען באַלאַגערט און די זעלאָטן האָבן קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט פון שטאָט, האָבן ר' יוחנןס תלמידים אים אריינגעלייגט אין אַ מיטה און אַזוי ארום אַרויסגעטראָגן פון שטאָט, — ווי אַ טויטן. דאָ האָט זיך ר' יוחנן פאַר־געשטעלט פאַר דעם רוימישן קריגס־פירער און ביי אים אַזוי שטאַרק נושא־חן געווען, אַז ער האָט צוגעזאָגט צו דערפילן אַלץ, וואָס ר' יוחנן וועט פון אים בעטן. דאַן האָט ר' יוחנן געבעטן די וויטערדיקע דריי זאַכן: דער רוי־מישער האַר זאָל אים דערלויבן, זיך צו באַזעצן מיט זיינע חברים און תלמידים אין דעם איינגענומענעם שטעטל יבנה, כדי צו גרינדן דאָרטן אַ ישיבה; ער זאָל איבערלאָזן די דינאַסטיע פון די נשיאים און זאָל אים געבן אַ דאָקטאָר, אויסצוהיילן דעם קראַנקן ר' צדוק. די בקשות זיינען דער־פילט געוואָרן, און אין דער זעלבער צייט, ווען די העלדישע פאַטריאָטן אין ירושלים זיינען פעלדזן־פעסט געשטאַנען אויף זייערע פאָזיציעס אונטער דעם פייער פון די רוימישע מאַשינעס, און געקעמפט ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג פאַר יעדן שטיינדל פון דער יהודהשער ערד, אין דער זעלביקער צייט האָט זיך אין דעם דערמאָנטן שטעטל, אין יבנה, אָנגעהויבן צו בויען אַ מעכטיקע אומבאַצווינגבאַרע פעסטונג אַרום דעם יידישן גייסט, אַרום דער גאַנצקייט פון דער יידישער אומה. דאָרט איז אָוועקגעלייגט געוואָרן דער גרונדשטיין צו דעם בנין פון דער אייביקער יידישער אַקאַדעמיע, וואָס איז געוואָרן פאַר דעם יידישן פאָלק, ווי אַ לייכט־טורעם אין זיין וואַנ־דער־לעבן און האָט די ערשטע געשאַפן דעם טיפּ פון אַ פאָלק אָן אַ לאַנד און אָן אַ שום ממשותדיקער פאַראייניקונגס־קראַפט, וואָס לעבט פאַר־וואָגלט צווישן די ווייטסטע און פאַרשידנסטע אומות, און איז פונדעסט־וועגן דאָך גאַנץ, אייניק און דורכגעדרונגען מיט איין גייסט, דעם גייסט פון גאָטס וואָרט.

פון די איבריקע צוויי פאַרטייען, זיינען די צדוקים, וועלכע האָבן זיך די גאַנצע צייט געשטיצט אויף אַ ריין־וועלטלעכן יסוד, ביסלעכווייז אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען ווי אַ פאָלקס־פאַרטיי. עס זיינען פון זיי גע־

בליבן נאָר איינצלנע אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן זיך צוגעחנפהט צו די פאָרשטייער פון דער רוימישער מאַכט, די פּראָקוראַטאָרן, און באַקומען אַ דאַנק דעם אין זייערע הענט די באַדייטנדיקסטע פּאָסטנס אין דער יידי־שער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אין דער גאַנצער צייט פון די אדומישע הער־שער און די שפּעטערדיקע רוימישע פאַרוואַלטער האָבן די צדוקים אויס־געפּילט דעם שטאַב פון די העכערע בית־המקדש־באַאַמטע, און נאָך אין דעם לעצטן יאָר כמעט פאַרן חורבן האָט זייערער אַ מיטגלידער חנן בן חנן, פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אַ כהן גדול. און אַזוי ווי זיי זיינען געגאַנ־גען די גאַנצע צייט צוזאַמען מיט דער מאַכט, וועלכע האָט זיי געשיצט, זיינען די דאָזיקע אַריסטאָקראַטישע צדוקים אָדער ביתוסים (אויף דעם נאָמען פון דער כהן־גדול־דינאַסטיע ביתוס) שטענדיק געשטאַנען אין אַ פיינטלעכער באַציאונג צו די רעוואָלוציאָנערע פּאַטריאָטן. ערשט דאַן ווען די פּאַטריאָטן זיינען געוואָרן כמעט די פּאַקטישע בעלי־בתים פון לאַנד, האָבן זיך אָט די לאָיאַלע צדוקים פאַראייניקט מיט די מער אַקטיווע פּרו־שים, און געוואָלט צוזאַמען איבערנעמען די פירונג פון דער פאָלקס־זאַך, ד״ה אייגנטלעך — פון דעם אויפשטאַנד. נאָך דער איגנערלעכער איבער־קער־עניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים פאַר דער לעצטער באַלאַ־גערונג, זיינען אָבער די מער־סטע אַריסטאָקראַטן אין גאַנצן אומגעקומען און צוזאַמען מיט דער מאַכט, האָט זיך געענדיקט אויך דאָס לעצטע ביסל פון דעם איינפלוס, וואָס די דאָזיקע וועלטלעך־געבילדעטע מיוחסים האָבן געהאַט אויף דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

געענדיקט איר אויפגאַבע ווי אַ נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, אָבער דאָך נישט אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען און נישט פאַרשוואונדן פון האָריזאָנט, — איז די דריטע גרופּע, די גרופּע פון די איסיים. אָט די הייליקע הייל־און מדבר־מענטשן זיינען אין די גליקלעכסטע צייטן פון דעם יידישן מלו־כה־לעבן אויך ווייט געווען פון דעם געזעלשאַפטלעכן טומל, באַטראַכט יעדע וועלטלעכע און וואָכעדיקע טעטיקייט בכלל, ווי אַ פאַרברעכן קעגן דעם מלכות־השמים. די שפּעטערדיקע יאָרן פון אומגליק און שקלאַפעריי האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט ביי די דאָזיקע אַסקעטן די אַנטי־געזעלשאַפט־לעכע און מיסטישע נייגונגען, און זיי האָבן נישט אויפגעהערט צו שטראָפן די זינדיקע אומה און צו האָפן אויף דעם „קץ״, אויף דעם געטלעכן משיח,

וואָס דאַרף אַראָפּברענגען מיט זיך די דערוואַרטעטע הימל־מלוכה און עפע־נען פאַר אַלע די טויערן פון דער געטלעכער אייביקייט.

אויף דעם באָדן פון דער שטאַרקער מיסטישער אמונה זיינען כסדר אויסגעוואַקסן פאַרשיידענע „געטלעכע מענטשן", וואָס האָבן געדינט ווי מוכיחים, בעלי מופת און אָנזאָגער פון דער גרויסער נאָענטער ליכטיקייט, און מיט דער דערשיינונג פון די באַגייסטערטע הימל־טרוימער, יוחנן המטבל (יאָהאַן דער טויפער) און ישוע פון נצרת, באַקומט אָט דער אי־דעאַל די געשטאַלט פון אַ שטאַרקער גייסטיקער באַוועגונג, וואָס רייסט זיך אַריבער די גרענעצן פון יהודה און ווערט וואָס ווייטער אַלץ מעכטי־קער, אַקטיווער און אויך — אוניווערסאַלער.

גייסטיק פיל פּראָדוקטיווער און זייער רייך אין באַדייטנדיקע גע־שעענישן איז געווען אין יענער תקופה דאָס לעבן פון די יידישע קהלות אין די לענדער אויסער יהודה. ס'איז נישט געווען כמעט קיין איין ווינקל אין די צוויי הערשנדיקע מלוכות פון דער דעמאָלסדיקער וועלט, די רוי־מישע און די פּאַרטישע, וואו ס'זאָל זיך נישט געפינען אַן אָרגאַניזירטע יידישע קהלה; די ברעגעס פון גרויסן מיטללענדישן ים, ווי פון די אַנדערע הויפּט־טייכן (נילוס חדקל, דונאַי), זיינען אַלע געווען באַפעלקערט פון יידן, און די דאָזיקע פונאַנדערגעוואָרפענע קערנער פון דער יידישער אומה האָבן אומעטום מיטגעפירט מיט זיך דעם זין פאַר אַ העכערער גאָטהייט און פאַר העכערע באַגריפן פון רעליגיעזער זיטלעכקייט. פאַרן היסטאָרי־קער דערשיינט די פעלקער־וואַנדערונג פון יענער צייט און איר ווירקונג אויף דער מענטשלעכער גייסטיקער אַנטוויקלונג, ווי אַ מין פאָראויסגעזע־ענער, באַשטימטער פּראָצעס פון דער השגחה: די גריכישע קאָלאָניסטן האָבן אויפגעוועקט ביי די נאַציעס, צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט, דעם זין פאַר קונסט און וויסנשאַפט; די רוימער האָבן פאַרשפּרייט אין דער וועלט זייערע מלוכה־אידייען און די ערשטע געוויזן דעם מוסטער פון אַן אָרגאַניזירטן שטאַטסוועזן, פון אַ געזעצמעסיקער האַרמאָניע צווישן רעכט און מאַכט, און האַנט ביי האַנט מיט די צוויי אומות האָבן די פונאַנדערגע־וואָרפענע קינדער פון דעם יידישן פאָלק געפלאַנצט אין דער מענטשהייט די באַגריפן פון געטלעכער איינִיקייט, פון דעם געטלעכן אין דער וועלט און דעם געטלעכן אין מענטשן.

ווי אין מצרים און אין דער שכנישער פּראָווינץ קירענייקע, האָט

זיך געפונען אַ גרויסער יידישער ישוב אויך אין סיריע און באַזונדער אין דער הויפּטשטאָט אַנטיוכיע, וואו די יידן זיינען געווען אַן אָנגעזעענער טייל פון דער באַפעלקערונג. די סירישע מלכים נאָך אַנטיוכס עפּיפאַנעס האָבן זיך באַצויגן גאַנץ פריינטלעך צו זייערע יידישע אונטערטאַנען און זיי צוריקגעגעבן די אַלע רעכט און זכיות, וואָס עפּיפאַנעס האָט געהאַט פון זיי אָוועקגערויבט. איינער פון די דאָזיקע מלכים האָט זיי אפילו צוריק־געגעבן די אָוועקגערויבטע כלים פון ערשטן בית־המקדש, און די יידן האָבן דאָס געהאַלטן אונטער אַ באַזונדער שמירה אין זייער שול. די באַציאונג צווישן ביידע באַפעלקערונגען איז אויך געווען אַ פריינטלעכע, און די אָרטיקע געצנדינער האָבן אפילו אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן שטאַרקע ביי־גונגען צום יידישן גלויבן. ווי דער היסטאָריקער פון יענער צייט (יאָזעפוס פלאַוויוס) דערציילט, האָבן אַ סך העלענען זיך באַטייליקט אין דעם יידי־שן גאָטעסדינסט, און זיי זיינען געוואָרן „אין אַ געוויסער מאָס אַ טייל פון דער יידישער קהלה"; און די דאָזיקע פריינטלעכקייט איז דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט, אַז אין דעם יאָר פון די שרעקלעכע קעגנזייטיקע פּאָגראָ־מען און מלחמות (66), האָבן זיך די העלענען פון אַנטיוכיע איינגע־שטעלט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג און נישט געלאָזן, זי באַפאַלן. שפּעטער האָבן זיך אָבער אָט די באַציאונגען שטאַרק געענדערט און אַ גרויסע שולד האָט געהאַט אין דעם — אַ יידישער צורר היהודים. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען וועספּאַסיאַן איז געגאַנגען מיט זיינע לעגיאָ־נען דורך סיריע קיין יהודה, כדי איינצושטילן דעם דאָרטיקן אויפשטאַנד, און די שטימונג פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג בנוגע צו יידן איז געווען אַן אָנגעצויגענע, אַן אויפגערודערטע; האָט זיך אָפּגערופן אַ געוויסער אַנטיוכס (דער זון פון דעם יידישן אַרכאָנט (נשיא), וועלכער האָט זיך געשמדט און זיך געוואָלט צוחנפהנען צו די געצנדינערישע מאַכטהאָבער, און ער האָט דערקלערט פאַר אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון בירגער אין אַ טעאַטער, אַז זיין פאָטער (דער אַרכאָנט) צוזאַמען מיט די איבריקע ראשי הקהלה האָבן באַשלאָסן אונטערצוצינדן די שטאָט. אַזאַ דערקלערונג פון אַ יידן האָט געמוזט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק און דער שענדלעכער מסור האָט דערגרייכט זיין ציל — דער המון האָט געכאַפּט די כלומרשט־באַ־שולדיקטע יידן און גלייך אויפן אָרט זיי פאַרברענט. דערמיט האָט זיך אָבער דער פאַרברעכערישער משומד נישט באַפרידיקט; ער האָט באַקו־

מען אין זיין מאַכט אָן אָפּטיילונג סאָלדאַטן, און דאַן האָט ער ערשט אָנ־געהויבן צו פּייניקן זיינע געוועזענע גלויבנס־ברידער און זיי צו אָנצוטאָן די שרעקלעכסטע יסורים. ער האָט זיי געשטערט אָפּצוהיטן שבת, גע־צוואונגען מקריב צו זיין געצנדינערישע קרבנות, און ווען ס'איז מיט אַ קורצער צייט שפּעטער ווירקלעך אָפּגעברענט געוואָרן אַ געוויסער טייל פון שטאָט, האָט ער אָפּן באַשולדיקט אין דעם די יידן. דער המון איז שוין גרייט געווען, זיך אַרויפצוואַרפן אויף די „שונאים" און זיי צו פּאַרטי־ליקן מאַסנווייז; דאָ האָט זיך אָבער אַריינגעמישט אין דעם ענין דער רוי־מישער לעגאַט קאָלעגאַ, און ער האָט נישט דערלאָזן צו קיין פּאָגראָם. שפּעטער זיינען אַנטדעקט געוואָרן די אמתע שולדיקע אין דער שריפה, און די באַפעלקערונג האָט זיך געקענט איבערצייגן, אַז די אַלע אָנפאַלן פון דעם יידישן משומד זיינען נישט מער, ווי שענדלעכע ליגנס. די יידנפיינט־לעכע שטימונג האָט זיך פונדעסטוועגן נאָך אַלץ נישט איינגעשטילט אין גאַנצן און ווען טיטוס איז דורכגעפאָרן דורך סיריע שוין נאָכן איינגעמען יהודה, איז אים די גריכישע באַפעלקערונג פון אַנטיוכיע אַרויס אַנטקעגן און געבעטן, ער זאָל אַרויסטרייבן פון שטאָט „די שונאים פון רוים". אויף דער דאָזיקער השתדלות, וועלכע איז אים שפּעטער נאָך אַמאָל פאָרגעלייגט געוואָרן פון די אָנגעזעענע שטאָט־בעלי־בתים, האָט טיטוס געענטפערט, אַז ער קען די יידן נישט אַרויסטרייבן, ווייל זיי וועלן פּשוט נישט האָבן, וואו אַהין זיך צו טאָן — זיי האָבן שוין קיין פאָטערלאַנד נישט. טיטוס האָט אויך נישט געוואָלט מסכים זיין, אָוועקצונעמען ביי די יידן זייערע רעכט און זכיות, כאָטש די גריכן האָבן אים וועגן דעם שטאַרק געבעטן.

אַ באַדייטנדיקע יידישע קהלה האָט געהאַט אויך דמשק. דאָ האָבן זיך געפונען אַרום צען טויזנט יידן, און דער נאַבאַטעאישער קעניג אַרע־טאַס פילאָרעמאָס האָט געלאָזן אויסקלייבן איינעם פון זיי, ווי עטנאַרך (נשיא ראש הקהלה). אין דעם אומרואיקן זעקס־און־זעכציקסטן יאָר, און באַזונדער נאָך דער מפּלה פון די רוימישע לעגיאָנען אונטער דער קאָמאַנ־דע פון צעסטיוס גאַלוס, האָט זיך אָבער דאָ אויך פונאַנדערגעקאָכט אַ שטאַרקע שנאה צווישן ביידע שכנישע באַפעלקערונגען און יידיש בלוט איז געוואָרן פאַרגאָסן.

אין דער וועלט־הויפּטשטאָט רוים, האָט די יידישע באַפעלקערונג ביסלעכווייז צוריק איינגעוואָנדערט, נאָך דעם ווי זי איז געהאַט פאַר־

טריבן געוואָרן פון דאָרטן אין טיבעריוסעס צייטן. אונטער דער הער־שאַפט פון קייסער קלוידיוס האָבן זיך שוין געפונען אין רוים אַזוי פיל יידן, אַז דער באַשלוס זיי אַרויסצוטרייבן פון שטאָט האָט נישט געקענט ווערן אויסגעפירט. קלוידיוס איז אָבער געבליבן ביי זיין שנאה צו די רוי־מישע יידן, און ווען ס׳האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ סכסוך אין דער יידישער קהלה איבער אַ געוויסן אַפּאָסטאָל פון קריסטנטום (כרעסטוס), האָט ער באַפוילן, אַרויסצוטרייבן אַ גרויסע צאָל יידן פון רוים. די קהלה איז פונ־דעסטוועגן נישט אונטערגעגאַנגען; זי האָט געהאַט אַ סך שולן, אַ רעלי־גיעזן פירער (אַרכיסינאַגאָגאָס) און אויך אַן אייגענעם בית־עולם. די מצבות אויף דעם יידישן בית־עולם האָבן אַממערסטן געהאַט גריכישע אויפשריפטן — די רוימישע יידן האָבן געשטאַמט פון אַלעקסאַנדריע און קליין אַזיע — מיטן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם און דעם שלום־וואָרט „שלום" אָדער „ינוח בשלום על משכבו". נעבן דער גרויסער קהלה אין רוים האָבן זיך אויסגעבילדעט אויך קלענערע קהלות אין גאַנץ דרום־ און צפון־איטאַליע, און זיי אַלע האָבן געצויגן זייער יניקה פון דער רוימישער מוטער־געמיינדע.

גרעסער נאָך ווי אין אייראָפּע, סיריע און אַפריקע איז געווען די צאָל פון די יידישע איינוואוינער אין די פּאַרטישע לענדער, — דער אי־בערגעבליבענער טייל פון די אַמאָליקע פּאַרטריבענע אין בבל און מעסאָ־פּאָטאַמיע. דאָ האָבן זיך די יידן געפילט, ווי אמתע תושבים און ס׳זיינען געווען זאָגאָר גאַנצע פּראָווינצן מיט אַ ריין יידישער באַפעלקערונג. כאַ־ראַקטעריסטיש איז די ווייטערדיקע דערציילונג וועגן צוויי יידישע העלדן: צוויי יונגעלייט פון נהרדעא מיט די נעמען חסינאי און חנילאי, האָבן גע־גרינדעט אַ רויב־מלוכה, וואָס האָט אַרויפגעוואָרפן אַן אימה אויף דער גאַנ־צער סביבה. לויט דער פּראָפעסיע וועבער, זיינען אָט די צוויי יונגע לייט אַמאָל באַשטראָפט געוואָרן פון זייער בעל־הבית; האָבן זיי צוזאַמענגע־נומען אַרום זיך אַ מחנה וועבער־יונגען און אויף אַזאַ אופן געגרינדעט די דערמאָנטע רויבער־מלוכה אָדער רויבער רעפּובליק. די צאָל פון די נהרדעאישע רויב־העלדן איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און ענדלעך איז די זאַך דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט, אַז דער קעניג אַליין (אַרטאַבאַן דער צווייטער) האָט זיך געפילט שוואַך קעגן זיי און איז געצוואונגען געווען, זיי צו אָנערקענען ווי אַ באַזונדערע מלוכה. די דאָזיקע מערקווירדיקע יידישע

„מלוכה אין אַ מלוכה״ האָט זיך געהאַלטן גאַנצע פופצן יאָר (25—40), און ערשט דאַן איז זי אונטערגעגאַנגען איבער אַן אָריגינעלן סכסוך צווישן די צוויי הערשער־ברידער. חנילאי האָט זיך פאַרליבט אין אַ געפאַנגענער שיינער געצנדינערן און האָט מיט איר חתונה געהאַט. דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן חסינאין מיט זיין מחנה, וועלכע האָבן געזען אין דעם שריט אַ פאַרראַט קעגן דעם יידישן פאָלק, און זיי זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער געצנדינערן. די לעצטע האָט דאַן אָנגעווענדט פאַרשידענע מיטלען, צו באַזייטיקן חסינאי, און ענדלעך האָט זי אים פאַרגיפטעט; אין דער זעלביקער צייט איז חנילאי אויך אומגעקומען ביי איינער פון זיינע ריזי־קאַלישע קריגס־אונטערנעמונגען. און איצט ערשט האָבן זיך די בבלער געוומען נוקם זיין אַן זייערע יידישע שכנים פאַר די רציחות פון דער „יידישער רויבער רעפובליק״. אַ סך יידן זיינען דאַן אַנטלאָפן פון בבל קיין סעלעציאַ, צו מערב־זייט פון טייך טיגריס; די פאַרביטערטע שנאה פון דער געצנדינערישער באַפעלקערונג האָט זיי אָבער אויך דאָ פאַר־פאָלגט. סעלעציאַ האָט געהאַט אַ געמישטע באַפעלקערונג פון גריכן און סיריער (אויסער יידן), וועלכע האָבן ביז דאַן געלעבט אין אייביקער שנאה צווישן זיך, און איצט האָבן זיי זיך פאַראייניקט אין קאַמף קעגן די יידן, פון וועלכע זיי האָבן געטויט איבער פינף טויזנט נפשות (41); די איבערגעבליבענע האָבן זיך געראַטעוועט אין דער פאַרטישער הויפטשטאָט קטעסיפאָן. דערמיט האָבן זיך אָבער די פאַרפאָלגונגען אויף יידן איצט אָנגעהויבן, און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז געווען געצוואונגען, איבערצואוואנדערן פון די קלענערע שטעטלעך אין די גרויסע יידישע צענ־טערן — נהרדעא און נצבין.

די לענדער אויף יענער זייט טיגריס, פערסיע און מדי, האָבן אויך געהאַט גרויסע יידישע קהלות; פון דאַנען האָבן אַ סך יידן אויסגעוואַנ־דערט קיין אַרמעניע; דער וועג פון די יידישע אויסוואַנדערער קיין גריכנ־לאַנד און אין דער געגנט פון שוואַרצן ים איז געווען פון קליין אַזיע. אַזוי האָבן זיך אויסגעבילדעט באַדייטנדיקע יידישע קבוצים אין אַטען, קאָרינט, טעסאַליען, פיליפי און נאָך אַזעלכע שטעט. פון דעם רוימישן צענטער האָ־בן זיך, ווי ס'איז צו גלויבן, פאַרצווייגט קלענערע יידישע קאָלאָניעס אין דרום־פראַנקרייך און דרום־שפּאַניע, כאָטש ס'זיינען נישט דערגאַנגען צו

אונדז קיין זיכערע שפּורן פון דעם יידישן אויפהאַלטן זיך אין די דאָזיקע ערטער.

אַזוי האָט אויסגעזען די דיאַספּאָראַ (צעשפּרייטונג, די פונאַנדער־געוואָרפענע טיילן פון דער יידישער אומה אין פאַרשידענע לענדער) נאָך פאַר דעם אונטערגאַנג פון יהודה. דער ערשטער איינדרוק, וואָס דאָס יידישע וועזן און לעבן האָט געמאַכט אויף די געצנדינער, איז געווען אַן אָפּשטויסנדער. די פעלקער פון דער העלעניש־רוימישער וועלט זיינען אין דעם משך פון אַ גאַנצער ריי יאָרהונדערטער דערצויגן געוואָרן אויף דעם קולט פון לעבן, — אויף דעם קולט, וואָס באַטראַכט דאָס לעבן מיט זיינע פאַרגעניגנס, ווי אַ זעלבסטשטענדיקן ציל, זעט אין דער גאָטהייט נישט מער, ווי אַ פאַרגרעסערטע אָפּשפּיגלונג פון די מענטשלעכע ליידנשאַפטן, און שטעלט זיך נישט פאָר קיין זאַך אָן בילד און פאָרעם, און דאָ האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ גרופּע מענטשן, וואָס קוקט אויפן לעבן בכלל, ווי אויף עפּעס וואָכעדיקעס, נידעריקס, און זוכט כסדר דעם העכערן זין פון לעבן; וואָס טראָגט אין זיך די פאָרשטעלונג פון אַן איינציקער און אַלץ אַרומנעמענדיקער גאָטהייט אָן שום געשטאַלט און פאַרקערפּערונג, און לעבט אין גאַנצן נאָר מיט דער פאָרשטעלונג, — מער אַכטנדיק אויף דעם אינערלעכן מהות, ווי אויף דער אויסערלעכער געשטאַלט, אויף דעם ער־לעכן געפיל, ווי אויף דער שיינער פאָרעם. די אייגנטימלעכע זיטן און מנהגים פון דעם יידישן לעבן האָבן געמוזט אַרויסרופן ביי די געצנדינער דעם איינדרוק פון עפּעס רעטזעלהאַפטס, פרעמדס, וואָס זיי האָבן בשום אופן זיך נישט געקענט דערקלערן, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ טיפער אימה פאַר די „ווילדע" אַזיאַטן פון איין זייט, און צו אַלערליי חוזק־מאַכע־רייען פון דער צווייטער זייט. דערביי איז דער קעגנזאַץ צווישן יידנטום און העלענטום געווען אַזוי שאַרף און בולט, אַז ער האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אויף יעדן טריט און שריט; דאָס אַלץ וואָס איז הייליק געווען פאַר דעם געצנדינער, האָט דער ייד באַטראַכט, ווי עפּעס אומווירדיקעס, שענדלעכעס, און דאָס ווייטער, וואָס האָט פאַרן געצנדינער אַבסאָלוט נישט געהאַט קיין באַדייטונג, איז געווען פאַרן יידן אַ יסוד פון זיין אמונה, פאַר וועלכן ער איז גרייט געווען, זיך מוסר נפש צו זיין. נישט עסן מיט קיין געצנדינער צוזאַמען, זיך נישט פאַרבינדן מיט זיינס אַ קינד, זיך אָפּ־היטן פון חזיר־פלייש, דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג נישט אָנצינדן קיין פייער,

— אָט די אַלע פונדאַמענטאַלע יידישע געבאָטן האָבן געקענט און גע־מוזט אויסגעטייטשט ווערן פון די פרעמדע געצנדינער, ווי אויסדריקן פון מענטשנפיינטלעכקייט בכלל און שלעכטע כונות בפרט, און פון דעם זעל־ביקן שטאַנדפונקט איז אויסגעטייטשט געוואָרן אויך דער פאַקט, וואָס די יידן זיינען געווען אַזוי ערנסט און האָבן נישט גענומען קיין שום אָנ־טייל אין די געצנדינערישע אונטערהאַלטונגען און קאַמפּס־שפּילערייען, און האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום לעבעדיקן אינטערעס פאַר שיינ־קייט און קונסט.

די אויבערפלעכלעכע געלערנטע פון יענער צייט האָבן דעריבער גע־קוקט אויפן יידנטום, ווי אויף אַ באַרבאַרישן אבערגלויבן, וואָס האָט אין זיין יסוד אַ טיפע שנאה צו דעם גאַנצן מענטשלעכן מין; אין דער זעלבי־קער צייט האָט אָבער דאָס יידישע לעבן מיט זיין גייסטיקער שטאַרקייט, גאָטספאָרכטיקער באַשיידנקייט און אומגעוויינלעכער צניעות, — געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דעם מער ערלעכן און טיפער־קוקנדיקן טייל פון דער געצנדינערישער געזעלשאַפט. די יידן האָבן זיך שאַרף צוגעקוקט צו דעם אַרומיקן לעבן און געזען פאַר זיך: דאָס וויסטע געצנטום מיט זיינע מי־טאָלאָגישע איינבילדונגען, די משוגעת פון גאַנצע פעלקער, אָפּצוגעבן אַ געטלעכן כבוד דעם אָדער יענעם פאַרדאָרבענעם קייסער; די שרעקלעכסטע אויסגעלאַסנקייט, שענדלעכע האָמאָסעקסואַליסטישע פאַרברעכנס, באַק־כאַנטישע ווילדקייטן און בכלל אַלערליי טעמפּקייטן און בעסטיאַלישע גענג, — דאָס האָט זיי אין אַ געוויסן זין געמאַכט שטאָלץ אויף זייער גייסטיקער עשירות און געגעבן דעם מוט, אָפּן אַרויסצוטרעטן פאַר דער וועלט מיט אַ שטאַרקער אַגיטאַציע פאַר זייער אמת, פאַר זייערע שיינ־קייטן. אויף דעם באָדן האָבן געמוזט אויסוואַקסן פאַרשידענע גייסטיקע רייבונגען, און דאָ האָבן זיך די יידן ווידער באַנוצט מיט אַלע דיאַלעק־טישע מיטלען, צו פאַרטיידיקן זייער שטאַנדפונקט, און ממילא אויך — אויפצואווייזן די גאַנצע אינעווייניקסטע צעפוילטקייט פון דער געצנדי־נערישער אידייען־וועלט. כדי צו פאַרשטאַרקן דעם רושם פון זייערע אַר־גומענטן, פלעגן די יידישע אַפּאָלאָגעטיקער, ווי מיר האָבן שוין געזען אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, זיך באַנוצן מיט פסעוודאָנימען פון פאַרשידענע גריכישע דיכטער און דענקער. אַזוי האָבן זיי געטון מיט דעם פאָפּולערן לעגענדאַרישן זינגער אָרפעאוס און דעם באַרימטן טראַ־

גיקער סאָפאָקלעס, ווען זיי האָבן אַריינגעגעבן אין מויל מעכטיקע לויב־לידער פאַר דער יידישער וועלט־אנשויאונג. דער לעצטער פון די צוויי שרייט אויס:

„איינציק אין אמת, איינציק איז גאָט,
„וואָס דעם הימל ט׳געשאַפן און די רוימען פון דער ערד,
„דעם ימס שוימענדיקע כוואַליעס און דעם שטראָמס געוואַלט.
„נאָר מיר שטערבלעכע, אין הארצן באַנארישט,
„מאַכן צום טרייסט פון ליידן און פיין
„בילדער פון געטער זיך, פון ליים און פון שטיין,
„אויך פון גאָלד געשטאַלטן און פון העלפאַנטביין.
„זיי ברענגען מיר קרבנות און פאַרהייליקן די פאַרזאַמלונג,
„דאָס האַלטן מיר, זע, פאַר גאָטספאַרערונג״.

ווען ס׳זיינען באַקאַנט געוואָרן אין דער רוימישער וועלט די נבו־אות פון די סיבילישע אָראַקולן, האָבן דאָס די יידישע דיכטער אויך אויס־געניצט צו זייער צוועק, און פראָקלאַמירט מיטן מויל פון דער סיבילע די גרויסקייט פון דעם יידישן גאָט. דער באַגייסטערטער זינגער פון די דאָ־זיקע פסעוודאָ־סיביליען איז געווען דער זעלביקער, וואָס האָט אָנגעזאָגט משיחס אָנקומען און זיין פראַכט, אין דער צייט פון דער לעצטער עגיפּ־טישער קעניגן קלעאָפּאַטראַ.

אונטער דער מאַסקע פון דעם גריכישן דיכטער פאָקילידעס האָט אַן אַנדער יידישער פערז־קינסטלער באַזונגען די הויכע מאָראַלישע אידעאַלן פון יידנטום. די אינעווייניקסטע צעפוילטקייט, פון וועלכער עס האָבן געליטן דיביידע קולטור־פעלקער פון יענער צייט, די רוימער און גריכן, זייערע אומנאַטירלעכע געשלעכטלעכע שענדלעכקייטן און זייער טעמפּע אכזריות, האָבן אַרויסגערופן ביי דעם יידישן הייסן מאָראַליסט נישט בלויז פאַראַכטונג, נאָר אויך מיטלייד, און ער האָט זיי אונטערגעטראָגן דעם באַלזאַם פון דער געטלעכער זיטלעכקייט, ווי זי איז אויסגעדריקט אין דער יידישער תורה. „דאָס זיינען די באַהאַלטענע מיטלען פון דער גע־רעכטיקייט. ווער עס וועט זיך האַלטן ביי זיי, וועט דערגרייכן אַ גליקלעך לעבן ביז צו דער שוועל פון דער עלטער״ — האָט ער זיי געזאָגט.

די וויכטיקסטע קראַנקייט פון דעם גריכיש־רוימישן אָרגאַניזם, וואָס האָט געמוזט פירן צו דעם אונטערגאַנג פון די ביידע פעלקער, איז

געווען די אומנאַטירלעכע ליבע, די האָמאָסעקסואַליסטישע דעגענעראַציע.
אויף דעם האָט זיך דער דיכטער אָפּגערופן מיט זיין מעכטיקן געשריי:

ערגס איז קיין גאָט נישט,
אומגליק ברענגט ער נאָר!

און מיט דער זעלביקער קראַפט האָט ער געפלאַנצט אין דער מענטשהייט אויך אַ טיפע פאַראַכטונג צו יעדער פאָרעם פון בלוטפאַר־גיסן און פאַרניכטן אַ מענטשלעך לעבן. ער האָט געלערנט:

„נאָר צום שיצן זיך קעגן שונא, זאָלסטו דיך אַרומגאַרטלען מיטן שווערד".

„און בעסער איז, ווען דו באַנוצסט זי גאָרנישט, צי גערעכט, צי נישט גערעכט".

„טויטסטו דעם שונא — זיינען דיינע הענט באַפלעקט". — —

„טויטן זאָל נישט די מוטער איר קינד אין אייגענעם שויס,
און דאָס נייגעבוירענע נישט וואַרפן פאַר הינט און גייער־פייגל צום עסן" 1) — — —

„זיי אויף חכמה נישט שטאָלץ, אויך אויף שטאַרקייט נישט, אָדער אויף רייכטום".

„גאָט נאָר אַליין איז קלוג, פול מיט מאַכט, רייכטום און גליק".

נאָך שאַרפער און אנטשיידנדיקער, ווי אין די סיביליען און אין די דיכטונגען פון פסעוודאָ פאָקילידעס, זיינען די נעגאַטיווע זייטן פון הייַ־דענטום געוואָרן קריטיקירט אין דעם ווערק „שלמהס חכמה". דער אַנאָ־נימער אַלעקסאַנדריניש־יידישער מחבר פון דעם ספר, וואָס האָט געלעבט אין ערשטן יאָרהונדערט, דעקט אויף פאַר דער וועלט אַלע שוואַרצע און פינצטערע זייטן פון דער געצנדינערישער קולטור, און פון דעם טונקעלן שאָטן לאָזט ער אַרויסשיינען די ליכטיקייט פון יידנטום. די יידישע קלוג־הייט ווערט דאָ פאַרקערפערט אין דעם קלוגן שלמה המלך און אין זיין נאָמען ווענדט זי זיך צו די מלכים פון דער ערד צו די רוימישע מאַכטהאָ־בער.

„ליבט די גערעכטיקייט, איר שופטים פון דער ערד — זאָגט צו זיי

---

1) קעגן דעם פאַרברעכערישן מנהג פון די גריכן און רוימער, צו טוי־טן די ליבעס־פרוכט אין דער מוטערס לייב, און אומצוברענגען די שוואַך אָדער פעלערהאַפטיק געבוירענע קינדער.

שלמהס חכמה — דערקענט גאָט אין דער גוטסקייט און זוכט אים אין ער־לעבן געפיל״.

די דערפינדונג פון דעם געצנבילד איז, לויט דער מיינונג פון דעם מחבר, דער מקור פון אַלע אויסגעלאַסנקייטן און פירט צום אונטערגאַנג פון לעבן. דער מענטש, דער קינסטלער, שניצט אויס אַ סטאַטוע פון האָלץ, שטיין אָדער מעטאַל, און דער המון, פאַרבלענדט פון דער שיינער אַרבעט, הייבט אָן ביסלעכווייז צו בוקן זיך און צו קניען פאַר דער אָפּבילדונג, ווי פאַר אַ גאָטהייט. און ווייל די פעלקער האָבן נישט קיין שום באַגריף פון דער הויכער אמתער געטלעכקייט טוען זיי אָפּ אַלערליי מעשים תעתועים און פילן אָן די ערד מיט זנות, גניבה, גזילה, רציחה, פאַלשקייט, חוצפה און אַ טעמפּ־אכזריותדיקע באַציאונג צו דעם מענטשנס ליידן. די נייגונג פון המון, צו פאַרגעטערן, רופט ווידער אַרויס די שטרעבונג פון געוויסע יחידים, פאַרגעטערט צו ווערן, און אַ קאַיוס קאַליגולאַ שעמט זיך נישט צו באַפעלן, מ׳זאָל זיך בוקן פאַר זיין בילד און מקריב זיין צו אים קר־בנות.

קעגן אָט דעם אַבסורד איראָניזירט שלמה און זאָגט: „אויך איך, כאָטש אַ קעניג, בין אַ שטערבלעכער מענטש״. דער קעניג האָט דעם זעל־ביקן אַריינגאַנג אין לעבן און דעם זעלביקן אַרויסגאַנג פון לעבן, וואָס אַלע אַנדערע מענטשן, און פאַרגעטערן אים, הייסט דאָס זעלבע, וואָס פאַר־געטערן אַן אַנדער שטאַרביקן קעגנשטאַנד.

דאָס יידנטום ווייסט אָבער נישט פון די אַלע לעכערלעכקייטן. עס איז נישטאָ קיין אַנדער געטלעכע מאַכט, אויסער דעם איין און איינציקן בילדלאָזן גאָט, וועלכער האָט באַשאַפן די וועלט פון כאַאָס, פון תהו ובהו, און פירט זי מיט גערעכטיקייט, מיט מאָס און צאָל און געוויכט. פון אים שטאַמט די אמתע קלוגהייט, דאָס איז דער אָטעם פון זיין אַלמעכטיקייט, דער ריינער שפיגל פון זיין מאַיעסטעט, די אויסשטראַמונג פון זיין לויטערער הערלעכקייט, די אויסשטראַלונג פון דער אייביקער ליכטיקייט, דאָס בילד פון דער געטלעכער גוטסקייט. און אויסגעוויילט האָט גאָט דאָס פאָלק ישראל, וואָס איז דאָס אידעאַל, די פאַרקערפּערונג פון גערעכטי־קייט; די אַלע צרות, וואָס ישראל שטייט אויס פון די פרעמדע אומות, זיינען נאָר נסיונות — דאָס פּרואווט גאָט זיינע קינדער און לייטערט זיי, ווי מ׳לייטערט גאָלד אין אַ שמעלץ־פּאַן; אין דער צוקונפט וועט דערפאַר

ישראל משפטן די פעלקער און איבער אים וועט גאָט ביז אין דער אומ־עגדלעכקייט רעגירן.

אַזוי האָבן די יידן פון דער העלענישער וועלט געקעמפט קעגן דער העלענישער וועלט־אנשויאונג; אָט דער קאַמף איז אָבער נישט אַריבער אָן אַן איינפלוס אויך אויף דער יידישער אידייען־וועלט. די יידן האָבן געוואָלט באַקענען די אינטעליגענטע קרייזן פון דער גריכישער באַפעלקע־רונג מיט דער גייסטיקער עשירות פון יידנטום; און דערביי זיינען זיי אַזוי דורכגענומען געוואָרן מיט דעם גריכישן געדאַנקען־גאַנג, מיט דעם גריכישן אַרט דענקען, אַז זיי האָבן צו זייערע אייגענע אידייען אויך אָנ־געהויבן אָנצואווענדן דעם מאָסשטאָב פון דער גריכישער קלוגהייט. זייער באַוואונדערונג פאַר די שאַרף און שיין־געפאָרעמטע געדאַנקען פון דער גריכישער וויסנשאַפט האָט זיך ביי זיי צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם באַ־וואוסטזיין פון דער יידישער גייסטיקער גרויסקייט, און דאָס רעזולטאַט דערפון איז געווען זייער איינבילדונג, אַז אָט די אַלע גריכישע געדאַנקען זיינען גאָרנישט קיין גריכישע, נאָר איבערגענומענע פון יידנטום. זיי האָבן זיך נישט געקענט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער אָדער יענער אָנ־גענומענער סיסטעם פון דער גריכישער פילאָזאָפיע זאָל נישט זיין פאַר־טראָטן אין דעם געטלעכן קוואַל פון דער אמתער קלוגהייט, אין דער תורה, און דאָס האָט זיי געצוואונגען איינצופירן אין דער אויסטייטשונג פון די ביבל־פסוקים די אַלעגאָרישע מעטאָדע, די מעטאָדע פון רמזים און סודות, וואָס גיט צו דעם פשוטן טייטש פון וואָרט אַ גאַנץ אַנדערן, העכערן זין. הינטער יעדן אויסדרוק פון דער תורה האָבן זיי געזוכט אַ באַהאַלטענע הויכע כונה, און נישט בלויז די צווייזייטיקע אויסדרוקן, נאָר אַפילו די פשוטע היסטאָרישע פאַקטן און די קלאָרע געזעצן זיינען ביי זיי אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַלעגאָריעס, כדי צו קענען אַרויספּרעסן פון דאָרטן וועלכן ס'איז פילאָזאָפישן פשטל.

פאַר דעם שטאַרקסטן אויסדרוק פון דער אַלעגאָרישער מעטאָדע, ווי פון דער יידיש־העלענישער ליטעראַטור בכלל דאַרף מען רעכנען דעם גרויסן יידישן גייסט פון יענער עפּאָכע, פילאָ און אַלעקסאַנדריע (פילון האַלכסנדוני). פילאָן האָט ברייט אַנטוויקלט דעם סיסטעם פון אַלעגאָרי־שע אויסטייטשונגען און האָט אויף דעם וועג פאַראייניקט די העלענישע מעטאַפיזיק מיט די רעליגיעזע טראַדיציעס פון יידנטום; דערביי האָט ער

זיך אָבער שטייף געהאַלטן אויך ביי דעם פשוטן זין פון געזעץ און זייער שאַרף פאַרטיידיקט דעם פראַקטישן עלעמענט פון דער תורה. „ער ברענגט, למשל, דעם פסוק: ויכולו השמים והארץ וכל צבאם (און עס זיינען געענ־דיקט געוועזן די הימלען און די ערד און אַלע זייערע שאַפונגען) און דער־קלערט: דער סימבאָלישער משה רופט אָן דעם פאַרשטאַנד הימל און דעם געפיל — ערד. אין דער וועלט פון פאַרשטאַנד גייט אַריין אַלץ קערפּער־לאָזע און אידעאַלע, און דאַקעגן האָט אין זיך די וועלט פון געפיל — אַלץ קערפּערלעכע, וואָס ווערט געפילט מיט די חושים. זעלבסטפאַרשטענדלעך, רעדט זיך דאָ נישט וועגן פאַרשטאַנד אָדער געפיל פון קאָנקרעטע אינדי־ווידן, נאָר וועגן די אידייען פון ערשטן אָדער צווייטן". גאָט האָט באַשאַפן — זאָגט ער אין אַן אַנדער אָרט — די זעעוודיקע ממשותדיקע וועלט לויט אידעאַלע גייסטיקע מוסטערן, ענלעך דערצו, ווי אַן אַרכיטעקט שטעלט אויף אַ שטאָט לויט דעם פּלאַן, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט ביי זיך אין קאָפּ". דאָס הייסט, אַז גאָט האָט באַשאַפן פריער די גייסטי־קע וועלט פון די יידן, וועלכע זיינען געוואָרן ווירקנדיקע קרעפטן און די אויספירערס פון דעם געטלעכן ווילן. דורך דער פאַרמיטלונג פון די דאָ־זיקע כוחות פירט גאָט די וועלט, זיי זיינען זיינע פאַקטישע פאַרטרעטער און שלוחים.

מיט דעם דאָזיקן סיסטעם פון אַלעגאָרישע אויסטייטשונגען איז פי־לאָ דורכגעגאַנגען די גאַנצע תורה, און יעדעס וואָרט פון איר האָט פאַר אים געהאַט אַ רמז אויף וועלכן ס'איז פילאָזאָפישן אמת; די פיר טייכן פון גן־עדן זיינען אַ רמז אויף די פיר גוטע אייגנשאַפטן: קלוגהייט, מעסי־קייט, העלדישקייט און ערלעכקייט. אדם און חוה שטעלן פאָר מיט זיך די צוויי יסודות: גייסט און קערפּערלעכקייט, פון וועלכע די צווייטע מוז זיך אונטערגעבן דעם ערשטן, אָט אַזוי ווי דאָס ווייב איז אונטערגעוואָרפן דעם מאַן. ווען מען דאַך וועלן מיינען, אַז אויב דער עיקר אין די פסוקים פון דער תורה זיינען נאָר די אַלעגאָרישע כוונות און געדאַנקען, איז דאַך ממילא שוין נישט וויכטיק דער פשוטער פשט זייערער, לויט וועלכן די אַלע געבאָטן מוזן פראַקטיש אָפּגעהיט ווערן? ענטפערט פילאָ: ניין. „אויב ס'ענדערן זיך די געזעצן ביי אַנדערע פעלקער, בלייבן די געזעצן פון יידנ־טום אייביק פעסט, אומבאַריררט, ווי באַצייכנט מיט דעם שטעמפּל פון דער נאַטור, פון דער צייט אָן, ווען זיי זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן ביז דעם

הייגטיקן טאָג. און ביי דער אייביקייט וועלן זיי אַזוי פעסט שטיין, אַזוי לאַנג ווי די זון און די לבנה און די וועלט וועלן אַ קיום האָבן״. אַריינקוק־מענדיק אין אַ טיפער התפעלות פון דער געטלעכער קלוגהייט, וואָס די יידישע תורה האָט אין זיך, שרייט פילאָ אויס: „צי זיינען דען נישט ווערט געשעצט צו ווערן די געזעצן, וועלכע לערנען די רייכע, אָוועקצוגעבן אַ טייל פון זייער פאַרמעגן די נויטבאַדערפטיקע, און צו טרייסטן די אָרי־מע? צי קען מען דען נישט בייגן דעם קאָפּ פאַר אַ געזעץ, וואָס מאַכט, אַז נאָך זיבן יאָר זאָלן אַלע אלמנות, יתומים און נישט פאַרמעגעלכע צו־ריקבאַקומען זייער אייגנטום?״

פילאָס אַלעגאָריש־פילאָזאָפישע אויסטייטשונג פון געזעץ איז גע־ווען ענג פאַרבונדן מיט זיין פאַרשטעלונג וועגן דער אידעאַלער באַדיי־טונג פון דער יידישער אומה. כאָטש הימל און ערד געהערן צו גאָט, האָט ער דאָך פון דעם גאַנצן מענטשן־געשלעכט אויסדערוויילט דאָס פאָלק יש־ראל, די מענטשן אין אמתן זין, וועלכע זיינען באַשטימט פון דער השגחה אויסצופירן אַ גאַנץ באַזונדערע מיסיע, ווי לערער און מאָראַלישע דער־ציער פון דער איבעריקער מענטשהייט. פאַרגליכן מיט די אַנדערע פעלקער שטייט די יידישע אומה גאַנץ אָפּגעזונדערט און אַליין, — אירע געזעצן רייסן זי אין גאַנצן אָפּ פון דער אַרומיקער וועלט. אויב די יידן זייבען אַזוי עלנד צווישן די איבריקע אומות, זיינען זיי אָבער דערפאַר געבענטשט מיט אַ באַזונדער באַרימהערציקייט פון גאָט — פילאָ איז געווען דורכגעדרונ־גען מיט דעם טיפן גלויבן אין דער ליכטיקער משיח־צוקונפט, וואָס דער־וואַרט דעם יידישן פאָלק. שווער איז נאָר אָט דעם אַלעקסאַנדריגישן פילאָ־זאָף געווען זיך אַן עצה צו געבן מיט יענע שטעלן, וואו ס׳האָט זיך באַ־מערקט אַן אָפענע סתירה צווישן דעם גייסט פון יידישן געזעץ און די גרונט־כללים פון דער גריכישער פילאָזאָפיע. דער יידישער פילאָזאָף מיט דער שטאַרקער ליבע צו די בעסערע זייטן פון דער העלענישער געדאַנקען־וועלט, האָט דאָ געמוזט זוכן אַלערליי מיטלען, כדי צו מאַכן שלום צווישן דיביידע כללים, און נישט שטענדיק איז דאָס אים אין גאַנצן געלונגען.

פילאָס סיסטעם האָט בכלל געהאַט אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. גאָט אַליין איז פאַר אים דאָס גוטע, פולקאָמענע, ווירקלעכע; די מאַטעריע, פון וועלכער די וועלט באַשטייט, איז שטאַרביק, נישט ווירקלעך און שלעכט. גאָט, דער אומענדלעכער און נישט באַשאַפענער, לאָזט זיך מיט קיין זאַך

פון דער באַשאַפענער וועלט נישט פאַרגלייכן. מ׳קען דעריבער נישט צו־שרייבן גאָט קיין שום אייגנשאַפט, אַזוי ווי מ׳קען זי אים אויך נישט נישט צושרייבן. מ׳מוז נאָר זאָגן, אַז גאָט איז אייגנשאַפטסלאָז. דאָס זעלביקע איז אויך מיט גאָטס נאָמען, ער האָט נישט קיין נאָמען — ער איז דאָס זייענדיקע אָדער דאָס זיין אין אַלגעמיין. צו דער אייגנשאַפטסלאָזיקייט האָט פילאָ נאָך צוגעשריבן גאָט די העכסטע ווירקזאַמקייט, די אומענדלע־כע טעטיקייט. צוליב זיין אומענדלעכער ווירקזאַמקייט און זיין אַלמעכ־טיקייט מוז גאָט באַטראַכט ווערן ווי אַ באַשעפער; צוליב זיין דערהוי־בענער פולקאָמענקייט קען אָבער נישט צוגעלאָזט ווערן, אַז ער זאָל האָבן אַמאָל געקומען אין באַרירונג מיט דער שלעכטער מאַטעריע. דאָס פילאָ־נישע סיסטעם איז דעריבער געצווּנגען אַנצונעמען די עקזיסטענץ פון אַ מיטל־וועזן צווישן גאָט און דער וועלט. אַזעלכע מיטל־וועזנס זיינען די געטלעכע עמאַנאַציעס, וועלכע „שטעלן פאָר מיט זיך אַן אויסמיש פון די דערמאָנ־טע אורערשטע „גייסטיקע אידייען״, יידישע „מלאכים״ און גריכישע רו־חות און שדים״. דער אינערלעכער באַגריף פון די דאָזיקע גייסטיקע כו־חות ווי פאַרמיטלער צווישן גאָט און דער וועלט איז, לויט פילאָנס סיס־טעם, דער לאָגאָס אָדער דער ווירקנדיקער געטלעכער פאַרשטאַנד, די געט־לעכע קלוגהייט, דער גייסט פון גאָט, דער כוח פון אַלע כוחות. משה, דער גרעסטער פון אַלע נביאים, האָט זוכה געווען צו פאַרנעמען די אַנטפּלע־קונג פון דעם געטלעכן ווילן, און די דאָזיקע אַנטפּלעקונג איז דורך אים פאַראייביקט געוואָרן אין דער תורה, וואָס טראָגט דעריבער אויף זיך דעם שטעמפּל פון דער גאָטהייט.

פילאָנס קינסטלעריש־אויסגעאַרבעטע ווערק, געשריבן אין אַ ריי־כער גריכישער שפּראַך, האָבן פון איין זייט אַ שטאַרקן שטויס געטון פאַראויס די געצנדינערישע וועלט אויף דעם וועג צום ריינעם מאָנאָטע־איזם, און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם קריסטלעכן אידייען־גאַנג. אין דער יידי־שער ליטעראַטור, דאַקעגן, האָט זיך דער איינפלוס פון פילאָס רעליגיעזער פילאָזאָפיע אַנגעהויבן אַרויסצואווייזן ערשט אין אַ סך יאָרן אַרום, ווען די אַלעגאָריע און דער מיסטיציזם, אין דער געשטאַלט פון קבלה, האָבן ווי־דער אויפגעלעבט און פאַרנומען אַ באַדייטנדיקן פּלאַץ אין דער יידישער שאַפונגס־וועלט.

כדי צו פאַרטיידיקן דאָס יידנטום פון דער שענדלעכער יידנפיינטלע־כער אַגיטאַציע, וואָס האָט זיך פאַר זיין צייט שטאַרק פונאַנדערגעקאָכט אין אַלעקסאַנדריע, האָט פילאָ אַרויסגעגעבן צוויי באַדייטנדע ווערק: „קעגן פלאַקוזן" און די „דעפּוטאַציע צום קייזער קאַליגולאַ" (נאָך דעם שרעקלעכן פּאָגראָם איבער די אַלעקסאַנדרינישע יידן אין אַכט או זדרייסיקסטן יאָר). אין די ווערק פּאָלעמיזירט דער טיפזיניקער פילאָזאָף מיט די יידישע שונאים און רעדט מיט אַ אומגעווייגלעכן פייער וועגן די גרויסע מאָמענטן פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, וועגן די יידישע גרויסע גייסטער און בכלל וועגן דער גרויסער ראָלע, וואָס יידן שפּילן אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור.

צו דער דאָזיקער גרויסער שריפטלעכער אַגיטאַציע פאַרן יידנטום איז צוגעקומען אויך די מונדלעכע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די נידעריקע קלאַסן פון דער העלענישער באַפעלקערונג. דער יידישער סוחר, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, האָט אומעטום מיטגעפירט מיט זיך זיין גייסטיקן „איך", און אַזוי ווי ער איז געווען גע־צוואונגען כסדר, זיך צו פאַרטיידיקן, האָט ער שוין ממילא געזוכט אויך שאַרף קריטיקירן די יסודות פון דער געצנדינערישער וועלט־אַנשויאונג און זיי אונטערגראָבן. דערביי איז דער באַדן פאַר אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע אויך גע־ווען זייער אַ גינסטיקער; די פעלקער פון דער אַלטער וועלט האָבן זיך אי־בערהויפּט שטאַרק געגוויטיקט אין לייבנשאַפטלעכער רעליגיעזער באַגייס־טערונג, און דער טיפער גייסטיקער אינהאַלט פון דעם יידישן גלויבן האָט שטאַרקער געגרעדט צו זייער רעליגיעזן געפיל, ווי די קינדערשע מעשות פון דער געצנדינערישער מיטאָלאָגיע און די קאַלטע זיטלעכקייט פון סטאָאי־ציזם. אַ באַזונדערע נייגונג צום יידנטום האָבן אַרויסגעוויזן די העלענישע פרויען; אויף די טעכטער פון זינד און געשלעכטלעכע אויסגעלאַסנקייטן האָט געמוזט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק די יידישע צניעות, די ריינקייט פון דעם יידישן פאַמיליען־לעבן, און דערצו האָט זייער איבערגאַנג צום יידנ־טום נישט געפאָדערט פון זיי קיין שום אָנשטרענגונגען.

די פאָלגן פון דעם אַלעמען האָבן זיך באַלד אַרויסגעוויזן — עס זיי־נען אויסגעוואַקסן מאַסן גרים. פילאָ דערציילט, אַז די גריכן אין זיין פאָ־טערלאַנד, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען צום יידנטום, האָבן אויך געענ־דיקט זייערע אַלע פריערדיקע מנהגים און זיינען געוואָרן פיל זיטלעכער,

מעסיקער און מענטשנפריינדלעכער. די דערשיינונג פון אָננעמען דאָס יידנ־טום אָדער באַדייטנדע יידישע מנהגים, האָט זיך פאַרשפּרייט אויף דער גאַנצער דיאַספּאָרע — סיריע, קליין־אַזיע, מצרים, איטאַליע, גריכנלאַנד — און יוסף פלאַוויוס דערציילט: „ס'איז נישטאָ קיין איין שטאָט צווישן די העלענען אָדער באַרבאַרן, וואו ס'זאָל נישט האָבן אַריינגעדרונגען דער מנהג צו היטן שבת, תעניתים אָדער ליכט־צינדן, און וואו ס'זאָלן נישט ווערן אָפּגעהיט אַ סך פון אונדזערע דינים וועגן עסן... אַ סך פון די העלענען האָבן אָנגענומען אונדזערע געזעצן; אַנדערע זיינען זיי געבליבן טריי, די איבעריקע האָבן נישט אויסגעהאַלטן זייער שטרענגקייט און זיינען אָפּגעפאַלן". פיל זיינען געבליבן ביי זייער היימישן לעבן, נאָר פאַרערט האָבן זיי דעם איין־איינציקן גאָט פון ישראל און האָבן געשיקט מתנות אין בית־המקדש; די פלעגט מען רופן „ג אָ ט ־ פ אַ ר ע ר ע ר" אָדער „ה אַ ל ־ ב ע ג ר י ם". אין אַנטיוכיע פלעגן מאַסן געצנדינער קומען צום יידישן גאָטעסדינסט; אין ד מ ש ק האָבן אַ סך פרויען געהיט דעם יידישן קולט, און אין ר ו י ם האָט די דאָזיקע נייגונג באַזונדער שטאַרק געהערשט אין די אַריסטאָקראַטישע ספערן. עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן אַזעלכע קלאַנגען אַפילו וועגן נעראָס פרוי, די קייסערין פּאָפּעאַ סאַבינאַ, און נעראָס לערער, דער באַרימטער ס ע נ ע ק אַ, באַדויערט שטאַרק דעם פאַקט, וואָס „די לעבנס־מנהגים פון דעם דאָזיקן שענדלעכן פאָלק ווערן ביסלעכווייז אָנגענומען אין אַלע לענדער, און די באַזיגטע גיבן זייערע געזעצן די זיגער". אַ ענלעכע באַדויערונג געפינט זיך אויך ביי יואַווענאַלן. ער קלאָגט זיך אויף דער „אַבערגלויבישער נייגונג" פון אַ געוויסן טייל פון דער רוימישער געזעלשאַפט צום יידנטום. „זיי פאַרערן — זאָגט ער — נאָר די הימל־גאָטהייט, היטן אָפּ די יידישע געזעצן, אַרבעטן נישט שבת. עסן נישט קיין חזיר־פלייש; אַנדערע פון זיי לאָזן זיך אַפילו מל'ן. אָנשטאָט די רוימישע געזעצן, שטודירן זיי מיט פרומקייט די יידישע דינים און היטן זיי שטרענג אָפּ".

נאָך אַ גרעסערן נצחון האָט די יידישע פּראָפּאַגאַנדע אָפּגעהאַלטן אין דעם הויף פון אַ ד י אַ ב ע נ ע, אַ קליינע האַלב־גריכישע מלוכה, אויף די ברעגן פון טייך חדקל, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער אויבער־מאַכט פון פּאַרטיען. צווישן די קינדער פון דעם קעניגלעכן פּאָר האָט זיך געפונען איין זון, מיטן נאָמען א י ז אַ ט, וועלכן די עלטערן האָבן אַוועקגעשיקט

צו דערציען אין דעם קעניגלעכן הויף פון מעזענע. דאָ האָט זיך דער יונגער פּרינץ באַקאַנט מיט דעם יידישן סוחר־מיסיאָנער ח נ נ י ה, (וועלכער האָט —שוין פון פריער געהאַט צוגעצויגן צום יידנטום די טאָכטער פון דעם מעזענעאישן פּירשט) און די רעליגיעזע אַגיטאַציע פון דעם ייד האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף אים, אַז ער איז גלייך געוואָרן אַ ייד, כאָטש געמלט האָט ער זיך נישט, ווייל חנניה האָט אים דערקלערט, אַז מ׳קען זיין אַ פרומער ייד נישט געמלטערהייט אויך. אונטער דער צייט האָט אי־זאַטס מוטער, די אַדיאַבענישע קעניגן ה ע ל ע נ ע (הילני המלכה) זיך אויך מגייר געווען, אונטער דער ווירקונג פון אַן אַנדערן יידישן מיסיאָנער. פון דעם צווייטן האָט איזאַט זיך דערוואוסט, אַז כדי צו ווערן אַן אמתער ייד מוז מען זיך פריער מל׳ן, האָט ער באַהאַלטענערהייט געלאָזן אויספירן איבער זיך די דאָזיקע אָפּעראַציע. ווען דער קעניג פון אַדיאַבענאַ, מאָנאָבאַז (מונבז המלך) איז געשטאָרבן, האָט ער איבערגעלאָזן דעם כסא המלוכה א י ז אָ ט ן, כאָטש ס׳זיינען געווען עלטערע ברידער. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך מגייר געווען אויך איזאַטס ברודער. דער רעגענט מונבז דער צווייטער, און באַלד האָט זיך אנטוויקלט זייער אַ האַרציקע באַציאונג צווישן דעם אַדיאַבענישן קעניגלעכן הויז און דער יידישער הויפּטשטאָט. די ערשטע איז געקומען קיין ירושלים די קעניגן־מוטער העלענע (43); איר האָבן באַגלייט איזאַטס פינף זין, וועלכע האָבן זיך דאָ געזאָלט אויסבילדן אין יידישע למודים און אין דער העברעאישער שפּראַך. דערווייל האָט זיך געמאַכט אין יהודה אַ שטאַרקער הונגער, פון וועלכן די באַפעלקערונג האָט שטאַרק געליטן, איז די קעניגן העלענע געקומען צו הילף דעם פאָלק. זי האָט געלאָזן ברענגען גאַנצע שיפסלאַדונגען מיט תבואה פון אַלעקסאַנדריע און פייגן פון ציפּערן, און האָט דאָס פונאַנדערגעטיילט צווישן די באַ־דערפטיקע (48). דאָס אַדיאַבענישע קעניגס־הויז האָט אויסער דעם פיל גע־טאָן אויך פאַר דער פאַרשענערונג פון בית המקדש. די קעניגן האָט געלאָזן איינפאַסן אַ גאָלדענע, מושעל־ענלעכע שויב אין דער טיר פון קדשי קדשים, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן אין פאַרשידענע קאָלירן דעם ערשטן שטראַל פון דער מאָרגנזון און אָנגעזאָגט די כהנים, אַז דער טאָג קומט אָן. אין איינער פון די בית־המקדש־עזרות האָט זי געלאָזן אויפהענגען אַ גאָלדענעם טאָוול, אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעקריצט דאָס קאַפּיטל פון דער תורה, וואו

ס'רעדט זיך וועגן אַ סוטה (אַן אשת איש, וואָס איז פאַרדעכטיק אין דעם, אַז זי איז דעם מאַן געוואָרן אומגעטריי).

די דאָזיקע פרומע און וואוילטעטיקע קעניגין האָט נאָך איבערגעלעבט איר זון איזאַט (געשט. 55), וועלכער זאָל האָבן איבערגעלאָזן נאָך ביז פיר און צוואַנציק זין און אויך אַזוי פיל טעכטער. זיין נאָכפאָלגער אויף דעם אַדיאַבענישן טראָן איז געווען דער עלטערער ברודער מונבז דער צווייטער, וועלכער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ טיפע ליבע צום יידנטום. ווען די אַל־טע קעניגין איז געשטאָרבן האָט ער געלאָזט איבערפירן איר קערפּער צו־זאַמען מיטן קערפּער פון דעם פאַרשטאָרבענעם איזאַטן אין דער גרויסאַר־טיקער פאַמיליען־מערה, וועלכער זי האָט, ווען זי איז געווען אין ירושלים, געהאט געלאָזט אויפבויען, דריי סטאַדיען ווייט צו צפון זייט פון שטאָט. דאָס איז געווען אַ פּרעכטיקער מאַוזאָליי מיט דריי קינסטלערישע פּיראַ־מידן אָדער זיילן פון ווייסן דורכזיכטיקן מאַרמאָר, וואָס געוויסע שפּורן פון זיין שיינקייט זיינען נאָך פאַרבליבן ביז הייַנטיקן טאָג אין די חור־בות פון די אַזוי גערופענע „קברות המלכים". די זעלביקע קעניגין האָט זיך געלאָזן אויפשטעלן אויך אַ פּאַלאַץ אין דער אונטערשטאָט, און איר איי־ניקל, די פּרינצעסין גראַפּטע, האָט אויפגעשטעלט אַ צווייטן פּאַלאַץ אין דעם אופל־קוואַרטאַל. דער קעניג מונבז דער צווייטער, וועלכער האָט אויך געהאט אַ פּאַלאַץ אין ירושלים, האָט געלאָזן אויסגיסן פון גאָלד די כלים פון בית־המקדש, וואָס זיינען באַנוצט געוואָרן צו דער יום כפּורדיקער עבודה. די צוגעבונדנקייט פון די אַדיאַבענישע פירשטן צו דער יהודהשער הויפּטשטאָט האָט זיך געצויגן ביז איר אונטערגאַנג. עטלעכע פון זיי האָבן העלדיש געהאָלפן פאַרטיידיקן די שטאָט קעגן די רוימער, און נאָכן חורבן זיינען זיי אויך אַריינגעפאַלן אין די רייען פון טיטוסעס געפאַנגענע.

די דאָזיקע נייגונג צום יידנטום פון דער רעליגיעז־געשטימטער גע־צבדינערישער וועלט, איז אַמשטאַרקסטן אויסגענוצט געוואָרן פון דער קליי־נער גרופּע קריסטן. אָט די באַגייסטערטע מאַמינים אין משיחישער הייליקייט פון דעם געקרייציקטן גלילער האָבן געפירט אַ שטאַרקע אַגי־טאַציע פאַר זייער גלויבן צווישן די יידן פון דער גאַנצער דיאַספּאָראַ, וועל־כע פלעגן זיך צונויפקומען אויף די גרעסערע יום־טובים קיין ירושלים, און מיט דער צייט האָט זיך זיי איינגעגעבן, צוצוציען אויף זייער זייט אַ באַ־דייטנדע צאָל אי פון די אולטראַ־יידישע איסיים, אי פון די וועלטלעכע,

גריכיש־ריידנדיקע און האַלב־אַסימילירטע יידן. די ערשטע ,וועלכן האָבן ביז אַהער סתם געחלומט וועגן אַ וואונדערלעכער הימל־מלוכה, האָבן אין דעם נוצרי געזען די פאַרווירקלעכונג פון זייער אידעאַל און זיי זיינען צו־געשטאַנען צו דער ערשטער קליינער סעקטע פון ישוס תלמידים. . . . . .

אַ פיל גרעסערן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון קריסטוס־גלויבן האָבן אָבער געהאַט די צוגעקומענע ,,העלעניסטן" ד. ה. די ,,גלויביקע" יידן פון די גריכיש־רוימישע לענדער. די דאָזיקע יידן, וועלכע האָבן אי־בערגענומען דעם גלאַנץ און די שאַרפקייט פון דער גריכישער דיאַלעקטיק, האָבן געגעבן דער נייער רעליגיעזער באַוועגונג די געווינטשטע שפּראַך, — זיי זיינען געוואָרן אירע פּרעדיקער, אירע פּראָפּאַגאַנדע־פירער. אין דער ערשטער צייט האָבן די היימישע יהודהשע מיטגלידער זיך אַפילו געפילט נישט זייער באַקוועם מיט זייערע נייע פרעמדע חברים, און זיך באַצויגן צו זיי מיט אַ געוויסער צוריקהאַלטונג. די לעצטע האָבן אָבער שטענדיק אויס־געפירט, וואָס זיי האָבן געוואָלט. זיי האָבן, למשל, געפּועלט פריער, אַז אין דער פאַרוואַלטונג פון די געמיינזאַמע מאַלצייטן זאָלן אויסגעוויילט ווערן אויך זייערע זיבן מיטגלידער, און אין דעם משך פון אַ גאַנץ קורצער צייט האָבן זיי שוין געהאַט די אויבערהאַנט אין אַלע ענינים פון דעם אָרדען. די העלעניזירטע יידן האָבן אַריינגעבראַכט מיט זיך אין דער גרופּע פון די משיח־גלויביקע אויך אַ נייע באַציאונג צו דער פּראַקטישער זייט פון יידנ־טום. געוואוינט פון דער היים, נישט צו לייגן אַזאַ גרויסע געוויכט אויף די קלענערע מצוות פון דער תורה, האָבן זיי זיך איצט אויך מער אָפּגעגעבן מיט די ע ט י ש ע ב אַ ג ר י פ ן פון יידנטום, ווי מיט זיינע פּ ר אַ ק־ט י ש ע ג ע ב אָ ט ן, און דאָס האָט ארויסגערופן קעגן זיי שטאַרקע רדיפות פון דער אָפיציעלער יידישער מאַכט, וועלכע האָט זיך צו יענער צייט, אונטער דער הערשאַפט פון אַגריפּוס דעם ערשטן, אינגאַנצן געפונען ביי די פּרושים אין די הענט. דער טעטיקער מיטגליד פון דער ,,העלעניס־טישער" גרופּע ס ט ע פ א נ ו ס איז פאַרמשפט געוואָרן צו סקילה (פאַרשטיינען) דערפאַר, וואָס ער האָט נביאות געזאָגט אין ישוס נאָמען, אַז דער בית המקדש וועט חרוב ווערן און די געזעצן פון דער תורה וועלן זיך ענדערן. פאַרמשפט געוואָרן צום טויט איז אויך דער אַפּאָסטאָל י ע ק ב ב ן ז ב ד י און ש מ ע ו ן פּ ע ט ר ו ס האָט געמוזט אַנטלויפן פון יהודה.

אַט די אַלע רדיפות זיינען אָבער דאָך נישט אימשטאַנד געווען אָפּצו־שטעלן דעם מעכטיקן שטראָם פון די אינעווייניקסטע כוחות, וואָס זיינען געווען טיף באַהאַלטן אינם עצם וועזן פון דער הימל־טרוימעריי און האָבן זיך געריסן צום ברייטן, פרייען רוים. דער שטאַרקער אינדיווידואַליזם, וואָס איז געלעגן אינעם יסוד פון דער איסייאיש־נוצרישער לערע, האָט פּאָטענציעל באַלד אין אָנהויב פון איר אַנטשטיין, אייגנטלעך, געשאַפן, פאַר דער לערע אַן אַלמענטשלעכן, אוניווערסאַלן באַדן. און אויב די ערש־טע, וואָס האָבן זי פּראָקלאַמירט, זיינען נישט אימשטאַנד געווען, זי צו־צופירן ווייטער, ווי ביז די גרענעצן פון אַ קליינער יידישער סעקטע, האָט זי איצט, אונטער דער ווירקונג פון די מער וועלטלעכע העלעניסטן, אָנגע־הויבן צו באַקומען איר אמתע, אַלגעמיינע פיזיאָנאָמיע. די פונאַנדערגע־וואָרפענע אָנהענגער פון דעם קריסטן־אָרדען אויסער די גרענעצן פון יהו־דה האָבן געפירט אַ פאַנאַטישע אַגיטאַציע פאַר דעם משיח־גלויבן, און באַלד האָט זיך אין זייערע רייען באַוויזן איינער מיט אַ מעכטיקן גייסט און ווייטן בליק, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט בראש פון דער גאַנצער באַוועגונג און האָט איר אָנגעוויזן אויף דעם ברייטן און פרייען וועג, אין נאָמען **שאול פון טאַרסאַ** (התרסי), וועלכער איז שפּעטער וועלכן זי דאַרף גיין, — דעם וועג צו אַן אייגענער פאָרעם פון רעליגיע.

דער דאָזיקער גרויסער גייסט איז געווען אַ העלעניזירטער ייד מיטן געוואָרן באַרימט ווי אַ **אַפּאָסטאָל פּאַולוס**. געבוירן און דער־צויגן אין צענטער פון דער גריכישער קולטור, אין קליין־אַזיע, איז שאול, לויט דער מסורה פון דער עוואַנגעליע, געקומען יונגערהייט קיין ירושלים, וואו ער איז געוואָרן איינער פון רבן גמליאלס תלמידים און בכלל אַ שטאַר־קער אָנהענגער פון די פרושים. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין ירושלים די ערשטע העלעניסטישע קריסטן, וואָס האָבן זיך דערלויבט מקיל צו זיין אין די פּראַקטישע מצוות פון דער תורה, האָט אָט דער פייערדיק־גלויביקער און ענערגישער ייד גענומען זיי פאַרפאָלגן מיט אַ באַזונדערן פאַנאַטיזם. ער איז געווען איינער פון די הויפּטבאַשולדיקער אין דעם משפט פון דעם נוצרי סטעפאַנוס; ער פלעגט פערזענלעך אויסשפּיאָנירן די באַ־האַלטענע סעקטאַנטן אין און אַרום ירושלים און זיי איבערגעבן דער מאַכט, און ווען ער האָט געהערט, אַז דער צענטער פון דער קריסטלעכער סעקטע האָט זיך איבערגעטראָגן אין דמשק, האָט ער זיך געלאָזן גיין אַהין, מיט

בריוו פון כהן־גדול צו די דאָרטיקע ראשי־הקהלה, כדי זיי אויך דאָרטן צו פאַרפאָלגן.

דאָ איז אָבער מיט אים פאָרגעקומען עפּעס אומדערוואַרטעטעס. אין דמשק האָבן זיך געפונען מאַסן געצנדינער, באַזונדערס פרויען, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צום יידנטום; די אַדיאַבענישע קעניגין איז דורכגעפאָרן מיט דעם גאַנצן פאַראַד דמשק, אונטערוועגס קיין ירושלים (48) און די באַ־פעלקערונג האָט זי באַגריסט פייערלעך. אָט די פאַקטן האָבן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אויף דעם באַגייסטערטן גלויבער און אַרויסגערופן ביי אים דעם געדאַנק: אפשר איז שוין טאַקע געקומען די צייט, אויף וועלכער די נביאים האָבן פאָרגעזאָגט, אַז אַלע פעלקער וועלן אנערקענען דעם גאָט פון ישראל און זיך בוקן פאַר אים? ווען ער האָט געטראַכט וועגן דעם האָט שוין געמוזט אַרויסשווימען ביי אים אויך אַ צווייטע ריי פון געדאַנקען: עס וואָלט געווען, מעגלעך, אַז אַלע געצנדינער זאָלן אָנערקענען דעם יידישן גאָט און דעם הויכן גייסט פון דער תורה; וואָס וועט אָבער זיין מיט די געזעצן פון דער תורה, איז דען מעגלעך, אַז אַלע געצנדינער זאָלן מרוצה ווערן זיך צו מלן און אָפּצוהיטן די מאַסן דינים און סיגים און חומ־רות? און אפשר זאָלן טאַקע צוליב דעם אָט די אַלע דינים אינגאַנצן בטל ווערן! — אויף דעם לעצטן געדאַנק, פון וועלכן ס'האָט זיך געלאָזן אויס־וועבן אַ גראַנדיעזער אַרבעטס־פּלאַן, האָט זיך דער געוועזענער תלמיד פון דער גריכישער קולטור לענגער געמוזט אָפּשטעלן, און פון דאַנען איז שוין נאָר געווען איין טריט צו דעם נישט לאַנג געקרייציקטן „משיח״, וואָס האָט אויך גערעדט בלויז וועגן די הויכע אידעאלן פון יידנטום, אָבער נישט וועגן די דינים און געבאָטן. דאָס איבריקע האָט שוין פאַרענדיקט זיין צעגליטע פאַנטאַזיע — דער משיח אַליין האָט זיך צו אים באַוויזן. אים האָט אַ גרויסע ליכטיקייט באַגעגנט, פון וועלכער ער איז געפאַלן צו דער ערד, און פון דער ליכטיקייט האָט ער אַ קול געהערט רופן: „שאול, שאול, פאַרוואָס פאַרפאָלגסטו מיך?״ פון דער דערשיינונג איז ער בלינד געוואָרן און האָט קוים באַוויזן אַריינצוקומען קיין דמשק. דאָ האָט אים געראָטן אַ קריסט, ער זאָל זיך אָפּטויפן, און פון דעמאָלט אָן זיינען אים אַראָפּגעפאַלן די שופּן פון די אויגן. אַזוי ווערט די התגלות געשילדערט אין די שפּעטער־דיקע קריסטלעכע מקורות. ער אַליין האָט וועגן דער דערשיינונג געזאָגט: „איז עס געווען קערפּערלעך? איך ווייס עס נישט. איז עס נישט גע־

ווען קערפערלעך ? איך ווייס עס נישט. גאָט ווייס עס; איך בין פאַרטראָגן געוואָרן ביז אין דריטן הימל — — —".

און איצט הויבט זיך ערשט אָן די פייערדיקע טעטיקייט פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן גייסט. שאול פון טאַרסאַ הויבט אָן גלויבן, אַז ער איז גלייך פון דער מוטערס לייב באַשטימט געוואָרן צו זיין דער אַפּאָסטאָל פון קריסטוסן אין די געצנדינערישע לענדער, און באַלד טרעט ער צו צו זיין גרויסער מיסיאָנערישער אויפגאַבע. אונטער דעם נאָמען פּאַאולוס קומט ער אַריין קיין דמשק און טרעט אַריין אין דער אָרטיקער גרופּע פון די קריס־טוס־גלויביקע; דאָ קען ער אָבער לאַנג נישט זיין, און אגב קוקן זיינע חברים אויף אים אויך מיט אַ געוויסן חשד; זייער נעכטיקער פאַרפאָלגער איז היינט מיט אַמאָל געוואָרן זייער פריינד. פּאַולוס פּאָרט דעריבער אַוועק אין דער אַראַבישער שטאָט איראַניטיס, און ווען ער קומט שפּעטער דאָס צווייטע מאָל קיין דמשק, האָבן שוין זיינע חברים געגנוג צוטרוי צו אים.

דאָ האָט ער אָבער אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם כעס פון דער יידי־שער קהלה מיט זיינע באַהויפּטונגען, אַז די מצוות פון דער תורה זיינען געוואָרן בטל. דער ראש הקהלה האָט אַפילו באַפוילן אים צו כאַפּן. זיינע חברים האָבן אים אָבער אַרויסגעגנבעט און דורך אַ פענצטער פון דער שטאָט־מויער אַרויסגעבראַכט אויסערן שטאָט. פון דאַנען איז ער אַוועק קיין אַנטיוכיע און די אַנדערע שטעט פון סיריע און קליין־אַזיע, און אומעטום האָט ער געהאַלטן זיינע פייערדיקע דרשות פאַר יידן מיט געצנדינער צו־זאַמען, און זיך צוגעפּאַסט צו די אייגנטימלעכקייטן פון דער דאָזיקער גע־מישטער באַפעלקערונג. פּאַולוס האָט געוואָלט צושטערן דעם תהום צווישן יידן און געצנדינער, צווישן קנעכט און פרייע, צווישן איין קלאַס מענטשן און דעם אַנדערן. קיין צוים טאָר נישט עקזיסטירן צווישן איין פאָלק און דעם צווייטן, קיין באַזונדערע תורות דאַרפן נישט זיין פאַר דער אָדער יע־נער אומה; אַלע מענטשן זיינען קינדער פון איין גאָט, אַלע מענטשן גייען אַריין אין דעם בונד, וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיט אברהמען, און איין געטלעכער אידעאַל דאַרף גליען אין אלעמענס הערצער — דאָס איז געווען זיין דעוויז. ער האָט דעריבער איינס נאָך דאָס אַנדערע מבטל געווען אַלע געבאָטן פון דער תורה, אָנגעהויבן פון דעם סאַמע שווערסטן, דעם געבאָט פון מילה, און געענדיקט מיט די לייכטסטע. דערביי האָט ער געמאַכט נאָך איין שטאַרקן שריט אויף דעם וועג צו דער אוניווערסאַלער פאַרשפּריי־

טונג פונם מאַנאַטעאיזם, — ער האָט אינגאַנצן אָפּגעריסן די משיח־אידעע פונם באָדן פון יידנטום.

„אויב אין די קרייזן פון די ערשטע אַפּאָסטאָלן, די דירעקטע תלמי־דים פון ישו הנוצרי, האָט נאָך געהערשט די פאָרשטעלונג וועגן אים (ישון), ווי וועגן אַ גאָט־באַגייסטערטן מענטשן, וואָס איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן צו ראַטעווען די נשמה פון דעם יידישן פאָלק, האָט זיך ביי פּאַולוסן, וועל־כער האָט דעם גלילער פערזענלעך גאָר נישט געקענט, אויסגעבילדעט אַ פאָרשטעלונג פון דעם לעצטן, ווי פון אַ הימלישן ווען, וואָס האָט נאָר צייטווייליק אָנגענומען אַ מענטשלעכע געשטאַלט. ישו איז אַ ווען מיט אַ געטלעכער נאַטור, א „געטלעכער זון", וואָס איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון הימל אויף דער ערד, כדי ער זאָל אויסשטיין אינעם לייב און דער געשטאַלט פון אַ מענטשן אַלעליידן און צרות און דערמיט אויסקויפן די זינד פון אַלע מענטשן, — די זינד, וואָס שטאַמען פון דעם אוראַלטן חטא פון אדם הראשון. מיט זיין אויפשטיין תחית המתים און אומקערן זיך צו דעם געט־לעבן מקור האָט ישו באַזיגט דעם טויט אין דער וועלט און די אַלע, וואָס גלויבן אין אים, זיינען זוכה צו געניסן פונם אייביקן לעבן. ער באַנייט די נשמות פון די, וואָס פאַראייניקן זיך מיט אים דורך דעם וועג פון גלויבן און באַשטימטע סימבאָלישע אַקטן". די וויכטיקסטע סימבאָלן פון פאַר־אייניקן זיך מיט קריסטוסן זיינען: דאָס טובל זיין זיך און די באַטייליקונג אין דער געמיינזאַמער סעודה. ביי דער סעודה פלעגן אָפּגעהאלטן ווערן פאַרשידענע תפילות איבער דעם וויין, וואָס פלעגט געטרונקען ווערן פון אַלע מיטגלידער, איינער נאָכן אנדערן, פון איין און דעם זעלביקן אָנגעגאָ־סענעם בעכער. דאָס ברויט פלעגט צעבראָכן ווערן אויף צווייען, צום אָנ־דענקען פון ישוס לעצטער שעה, און די פאַרזאַמלטע האָבן געקושט איי־נער דעם אַנדערן, אָן אונטערשיד פון געשלעכט. דערנאָך פלעגן זיך אָנהויבן פאַרשידענע סצענעס פון שטאַרקער באַגייסטערונג מיט דער באַגלייטונג פון נביאת־זאָגערייען, כישוף־היילונגען מיט קריסטוסעס נאָמען און אַנדערע וואונדערלעכע מעשים.

„אָט די גאַנצע לערע וועגן אַ גאָט־מענטש, וועגן זיין אויפשטיין תחית־המתים, וועגן די דערצו געהעריקע סימבאָלישע צערעמאָניעס, — האָט זיך געשטיצט אויף די גריכישע אָבערגלויבערייען און מיסטעריעס, וואָס האָבן געהערשט אין יענער צייט אין סיריע און קליין־אַזיע. די פאָר־

שטעלונגען פון המון וועגן אַ גאָט, וואָס שטאַרבט און ווערט צוריק לע־בעדיק, זייַנען געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין יענע לענדער, אין צוזאַמענ־האַנג מיט די קולטן פון אַדאָניס און אַטיס. אין אַנטיאָכיע, וואו פּאַולוס האָט געהאַלטן זייַנע דרשות, איז געפייערט געוואָרן דער פרילינג־יום־טוב צום אָנדענק פון אַדאָניסעס שטאַרבן און לעבעדיק ווערן. צווישן די גע־היימע צערעמאָניעס אינעם קולט פון דער העלעניזירטער מזרח־געטין מיטראַ, האָט זיך אַפילו געפונען אויך די הייליקע געמיינזאַמע סעודה מיט ברויט און וויין, ווי סימבאָלן פון פאַראייניקן זיך מיט גאָט. אויף אַזאַ אופן איז אויסגעקומען, אַז דער געצנדינער, וואָס איז אריינגעטראָטן ווי אַ מיטגליד אין דער קריסטלעכער געמיינדע, האָט זיך געקענט פילן, ווי אין זיין געוויינלעכער רעליגיעזער סביבה. ניי זייַנען נאָר געווען די נעמען פון די גאָטהייטן און דער באַגריף וועגן אַן אייניציקן גאָט, וואָס איז אויך געוואָרן אַ סך צוגענגלעכער אַדאַנק דער צוגעקומענער געשטאַלט פון אַ גאָטס זון".

אַזוי האָט זיך פּאַולוס צוגעפּאַסט אין אַלע הינזיכטן צו די רעלי־גיעזע שטימונגען פון דער געצנדינערישער באַפעלקערונג, און אַדאַנק זיין מעכטיקן גייסט איז אים געלונגען אין אַ קורצער צייט אַרויסצורופן אַ גאַנצע איבערקעריניש אין דער געדאַנקען־וועלט פון די העלענישע פעל־קער. ווען ער האָט אַרונטערגעריסן מיט אַ באַזונדערן ברען די אַלע מעלות און גייסטיקע פּריווילעגיעס, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט זיך געהאַט צוגעשריבן ביז אַהער, האָט ער, פון דער צווייטער זייט, פאַראייניקט אַלע מענטשן אין דער פּערזאָן פון דעם געטלעכן „משיח" און דערמיט זיי אויך צוגערעכנט צו די אויסדערוויילטע. „און ס'איז נישטאָ דאָ — שרייבט פּאַולוס צו די גאַלאַטייער — נישט קיין ייד און נישט קיין העלענער, נישט קיין קנעכט און נישט קיין פרייער, נישט קיין מאַנספּארשוין און נישט קיין פרויענצימער, ווייל אַלע זענט איר איינס אין ישוע דעם משיח; און אויב איר געהערט צו משיחן, זענט איר אברהמס קינדער און די יורשים פון דער געטלעכער ירושה לויט דער הבטחה".

די יידישע אומה האָט געהאַט אויף זיך די מיסיע, צו באַפרייען די וועלט פון זינד; אָט די מיסיע ליגט אָבער נישט אין די געזעצן פון דער תורה — „די געזעצן האָבן נאָך פאַרשטאַרקט דעם באַוואוסטזיין פון זינד". די יידן האָבן דערפילט די מיסיע אויף אַן אַנדער אופן: זיי האָבן

געגעבן דער וועלט די הימל־מלוכה, משיחן, קריסטוסן. „פון דעם מאָ־מענט אָן (פון קריסטוסעס דערשיינען) ווערט אָפּגעשאַפט דאָס אַלטע יידישע געזעץ און אויף זיין אָרט ווערט אַוועקגעשטעלט דער פּרינציפּ פון גלויבן. דער מענטש קען ראַטעווען זיין נשמה נישט דורך דעם, וואָס ער וועט אָפּהיטן די געזעצן פון דער תורה, נאָר דורך זיין אמתן גלויבן אין דער קריסטלעכער אנטפּלעקונג. „דעריבער זאָלט איר וויסן, אַז די קינדער פון גלויבן זיינען די קינדער פון אברהמען"; „נישט צוליב דער תורה איז צוגעזאָגט געוואָרן אברהמען און זיינע נאָכקומענדיקע, צו ירשהנען די ערד, נאָר צוליב זיין ערלעכן גלויבן"; „די תורה איז פאַר אונדז געווען, ווי אַן אָם, וואָס האָט געפירט צו משיחן, פון וואַנען עס קוועלט די אמונה, איצט אָבער, ווען די אמונה איז שוין אַנטפּלעקט געוואָרן, זיינען מיר שוין נישט מער אונטער דער אויפזיכט פון דער אָם"; „האלט זיך פעסט ביי דער פרייהייט, וואָס דער משיח האָט אונדז געגעבן, און ווערט נישט גע־פאַנגען צוריק אין דעם יאָך פון קנעכטשאַפט" (פון דער תורה); „ווייל פריי זענט איר געוואָרן, ברידער, אָבער נישט, צו מאַכן זינדיקן אייער לייב, נאָר צו דינען איינער דעם אַנדערן מיט ליבע"; „ווייל די גאַנצע תורה וועט מקוים ווערן מיט דער איינציקער מצוה: און דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר, ווי זיך אַליין".

די יידן פון אַלע לענדער האָבן זיך, פאַרשטענדלעך, באַצויגן מיט אַ טיפער שנאה צו דעם דאָזיקן געוועזענעם קנאי, וועלכער האָט זיך גענו־מען מיט אַזאַ פאַרביסענער התלהבות אונטערצוגראָבן דעם יסוד פון דער תורה. אין יענער שרעקלעכער צייט אָבער, ווען פאַר דער גאַנצער אומה איז געשטאַנען די מוראדיקע פראַגע: „זיין אָדער נישט זיין ?" — האָבן די פירער פון פאָלק נישט געקענט זיך אַזוי פיל אָפּגעבן מיט דעם פאַרהאַסטן וואַנדערער־מיסיאָנער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט נישט בלויז פון דער יידישער תורה, נאָר אויך פון דער גאַנצער יידישער אומה. דערפאַר האָבן זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט פאַולוסעס פראָפּאַגאַנדע די ערשטע יידישע קריסטן אין פאַלעסטינע. אָט די יידישע משיח־טרוימער, וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן אויף די רעליגיעזע באַגריפן און טראַדיציעס פון דעם גאַנצן פאָלק, האָבן מיט שרעק געקוקט אויף דער פרעמדער קראַפט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין זייער מחנה און צעשמעטערט אָן אַ שום גרע־נעץ די הייליקסטע יסודות פון זייער וועלט־אַנשויאונג. אויף דעם באָדן

איז אויסגעבראָכן אַ טיפע שפּאַלטונג אין דער יונגער סעקטע; פּעטרוס, וועלכער האָט פאַרשפּרייט די קריסטלעכע לערע נאָר צווישן יידן, האָט אויסגעטייטשט די לערע אַנדערש פון פּאַולוסן, און נאָך צוויי אַנדערע אַפּאָסטאָלן, אַפּאָלאָס און כרעסטוס, האָבן די זעלביקע תורה ווידער אַנ־דערש געלערנט. די יידן־קריסטלעכע אַפּאָסטאָלן האָבן אַפילו געפּרואווט נאָכפאָרן פּאַולוסן, כדי צו דערקלערן, אַז זיין לערע איז אַ פאַלשע, אַז מיטן גלויבן אַליין קען מען נישט גובר זיין די שלעכטע אינסטינקטן און די קריסטן זיינען אויך מחויב אָפּצוהיטן די געזעצן פון דער תורה. באַ־זונדער שטאַרקע סכסוכים זיינען פאָרגעקומען צווישן די אַלטע און די נייע קריסטוס־פּרעדיקערס איבער דער פראַגע פון מילה. פּאַולוס אליין האָט אין אָנהויב אויך געלאָזט מל זיין אַ סך גרים; שפּעטער אָבער האָט ער זיך ארומגעזען, אַז דאָס איז אַ גרויסע שטערונג אויפן וועג פון דער מי־סיאָנערישער פּראָפּאַגאַנדע, און ער האָט באַפרייט די געצנדינער דערפון אויך. דאָס האָבן אים די „אַלטע" קריסטן בשום אופן נישט געקענט מוחל זיין, און איז אַנטיוכיע איז אויסגעבראָכן אַ היציקע מחלוקת צווישן די ביידע מחנות, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקער פונאַנדער־טיילונג. פּעטרוס — און אויף זיין זייט איז געווען אויך ישוס ברודער, דער אַפּאָסטאָל יעקב — איז שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן פּאַולוסעס נייע איינפירונגען בנוגע צו די יידישע געזעצן; אויף דעם האָט אים פּאַולוס פאַר אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג באַשולדיקט אין צביעות, אָנגעוויזן אויף דעם, וואָס ער, פּעטרוס, האָט אַליין געגעסן מיט געצנדינער צוזאַמען — נישט כשרע מאכלים. די אַגיטאַציע פון די יידיש־קריסטלעכע אַפּאָסטאָלן האָט אָבער דאָך געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, און געענדיקט האָט זיך די מחלוקת דערמיט, וואָס אַלע יידן־קריסטן פון אַנטיוכיע האָבן אויפגעהערט צו עסן מיט די געצנדינער־קריסטן ביי איין טיש, און צו די ערשטע איז צוגעשטאַנען אויך פּאַולוסעס נאָענטסטער באַגלייטער און מיטהעלפער, דער אַפּאָסטאָל בר־נבא. דאָס איז געווען דער סיגנאַל צו דעם קאַמף, וואָס האָט באַלד אַרומגענומען גאַנץ קליין־אַזיע, סיריע און די אַלע שכנהשע לענדער. יידן־קריסטן און געצנדינער־קריסטן זיינען אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן, ווי צוויי פיינטלעכע פּאַרטייען, איינע קעגן דער אַנדערער, און דער אַלטער ראַסן־האַס האָט אויך נישט ווייניק מיטגעווירקט, אַז די שפּאַלטונג נאָך מער צו פאַרגרעסערן. די העלענישע קריסטן האָבן געקוקט

אויף זייערע יידישע חברים, ווי אויף נידעריקערע פון זיך און האָבן זיך באַצויגן צו זיי מיט אַן אָפּענער פאַראַכטונג. פּאַולוס, ווידער, וועלכער איז איצט געבליבן אינגאַנצן אַליין, האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט נאָך מער ליידנשאַפט און פאַרביטערטקייט. ער האָט זיך פון איצט אָן (50—60) געווענדעט מיט זיין „בשורה" אויסשליסלעך נאָר צו געצנדינער, און זיין אַגיטאַציע האָט געהאַט אַן אומגעווייגלעכן דערפאָלג: וואו ער איז נאָר געקומען האָבן זיך געבילדעט קריסטלעכע קהלות. באַלד איז אים אָבער אויסגעקומען זיך צו איבערצייגן אין דעם, ווי ווייט געפערלעך עס איז, אָנצופאַרטרויען דעם מענטשנס בלויז געוויסן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיין אַלטעגלעכער אויפפירונג. די געצנדינערישע גריכן האָבן גאַנץ לייכט איבערגענומען דעם טעאָזאָפישן טייל פון פּאַולוסעס דרשות, און אַזוי ווי דער הייליקער שליח האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דער פרייהייט פון תורה און מצוות, האָבן זיי פשוט אריינגענומען זייערע אַלע פריערדיקע אויסגעלאַסנקייטן אין דעם נייעם קריסטוס-קולט. אין עפעס, קאָרינט און די איבעריקע גריכיש-קריסטלעכע קהלות האָט מען זיך אויפגעפירט אומאַנשטענדיק און די הייליקע „ברידער-אָוונטן" אָדער ברידער-מאָלצייטן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווילד-אויסגעלאַסענע אָרגיעס — אויפן עכט-גריכישן שטייגער. קעגן אָט דער דערשיינונג איז פּאַולוס אַרויסגעטראָטן מיט אַ ריי פייערדיקע מוסר-דרשות, אין וועלכע ער האָט אַפילו געררופן זיינע צוהערער צום פולשטענדיקן אַסקעטיזם.

אין דער זעלביקער צייט האָט ער נישט אויפגעהערט אָנצופאַלן אויף זיינע „קעגנער" — די יידיש-קריסטלעכע אַפּאָסטאָלן, און וואָס ברייטער און גרעסער עס ווערט זיין אַרבעטס-פעלד אין דער העלעניסטישער וועלט, אַלץ פיינטלעכער און פאַראַכטלעכער קלינגט זיין שטים, ווען ער רעדט וועגן יידן בכלל און וועגן די יידיש-קריסטלעכע אַפּאָסטאָלן באַזונדער. די לעצטע זיינען פון אים אָפּן באַשולדיקט געוואָרן אין צביעות, פאַלש-קייט און אומערלעכקייט און ער האָט זיך אויסגעדריקט וועגן זיי אין די שאַרפסטע ווערטער. זיי האָבן אים אָבער אויך נישט געשוינט. זיי האָבן געהאַט אויף זייער זייט די טראַדיציע פון קריסטוסן אליין, און האָבן זיך באַרופן אויף זיין באַרימטן מאמר: „ווער עס וועט אונטערברעכן דעם קלענסטן געזעץ און לערנען מענטשן אים נישט צו היטן, וועט זיין דער קלענסטער אויך אין דער מלכות-השמים".

די יידן־קריסטן זיינען פעסט געבליבן אויף דעם באָדן פון יידנטום; זיי האָבן פאַרפליכטעט די געצנדינער־גרים אָפּצוהיטן אַלע געזעצן פון דער תורה און האָבן אַפּילו פאַרערט די הויפּטשטאָט פון יהודה, ירושלים, וואו זיי האָבן דערוואַרט דאָס ווידערדערשיינען פון משיחן. די געצנדינער־קריסטן, דאַקעגן, האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער דערווייטערט פון יידנ־טום און מיט דער צייט האָט זייער באַציאונג צו דער יידישער אומה אָנ־גענומען דעם כאַראַקטער פון אַ גיפטיקער, פאַרביסענער שנאה.

(סוף פון דריטן באנד)

